נ. ג. טשערנישעווסקי

# וואָס טהוט מען?

ראָמאַן.

אַ פאָלשטענדיגע איבערזעצונג
אונטער דער רעדאַקציאָן פון
**דר. ק. פארנבערג**
צווייטער באַנד




**ליטעראַרישער פערלאַג.**
256 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.
.1917

ערשטער קאפּיטעל.

# וועראַ פּאַוולאָוונאַס דריטער חלום.

---

און עס חלומט זיך וועראַ פּאַוולאָוונאַ א חלום.

נאָך טיי, אָבפּלוידערונג מיט'ן „ליעבינקען", איז זי געקומען אין איהר צימער און זיך צוגעלייגט — ניט שלאָפען, עס איז נאָך צו פריה צו שלאָפען, עס איז דאָך נאָר האַלב ניין א זייגער, ניין, זי האָט זיך נאָך נישט אויסגעטהאָן — זי האָט אַזוי זיך נאָר צוגעלייגט צו לייענען. אָט לייענט זי אין איהר בעטל, נאָר דאָס בוך לאָזט זיך אַרונטער, און וועראַ פּאַוולאָוונאַ טראַכט: „וואָס איז די מעשה, וואָס אין דער לעצטער צייט איז מיר אָפט אַזוי אומעטיג? אָדער טאָמער איז עס ניט אומעטיגקייט, צו וואָס דען? ניין, דאָס איז ניט אומעטיגקייט, נאָר איך האָב זיך דערמאָנט, אַז היינט האָב איך געוואָלט פאָהרען אין אָפּערא, אָבער דער קירסאַנאָוו, אַזאַ ניט אויפמערקזאַמער, איז שפּעט געפאָהרען נאָך א בילעט: כלומרשט, ווי ער ווייסט ניט, אַז ווען באַזיאָ זינגט קען מען 11 אַזייגער ניט קריגען קיין צווייטרובעלדיגען בילעט. געוויס, מען קען איהם ניט באַשולדיגען; ביז 5 אַזייגער האָט ער דאָך געאַרבייט, געוויס ביז 5, ער האָט אַליין זיך דאָך מודה געווען... און פון דעסטוועגען איז ער שולדיג. ניין, איך וועל שוין ווייטער בעטן „דעם ליעבינקען" קויפען בילעטען, און אין אָפּערא וועל איך אויך פאָהרען מיט'ן ליעבינקען: דער ליעבינקער וועט קיין מאָל ניט מאַכען אַזוי, איך זאָל בלייבען אָהן א בילעט, און וועט שטענדיג זיין צופרידען מיט מיר צו פאָהרען, ער איז דאָך אַזאַ ליעבער, מיין ליעבינקער, און צוליעב דעם קירסאַנאָוו'ן האָב איך דורכגעלאָזען „טראַוויאַטאַ" — דאָס איז דאָך שרעקליך! איך וואָלט יעדען אָבענד געווען אין אָפּערא, אויב יעדען אָבענד וואָלט געגעבען געוואָרען אַן אָפּערא, כאָטש וועלכע עס איז, מיט באַזיאָ אין דער הויפּט ראָליע. אויב איך וואָלט געהאַט אַזאַ שטים ווי באַזיאָ, וואָלט איך, דאַכט זיך, א גאַנצען טאָג געזונגען. טאָמער גאָר זיך בעקאַנען מיט איהר? ווי מאַכט מען עס? אָט דער אַרטילעריסט איז גוט בעקאַנט מיט טאַמבערליק'ן,

פיעלייכט קען מען דורך איהם? נאָר צו וואס זיך בעקאַנען מיט באַזיאַ? זי וועט דען זינגען פאר מיר? זי דאַרף דאָך היטען איהר שטים.

ווען אבער האָט די באַזיאַ באוויזען זיך אויסצולערנען רוסיש? און ווי ריין זי רעדט ארויס די ווערטער, און פון וואַנענט האָט זי ארויסגעקראָגען אַזוינע וואולגאַרע פערזען? זי האָט, וואהרשיינליך, זיך געלערנט פון דער זעלבער גראַמאטיקע וואָס איך: דאָרט ווערן זיי געבראַכט אלס ביישפּיעל ווי צו געברויכען די פּונקטואַציאָן; ווי נאַריש עס איז צו געברויכען אין א גראַמאַטיקע אַזוינע פערזען, כאָטש זיי זיינען אזוי וואולגאַר: מען דאַרף אבער ניט טראַכטען וועגען פערזען, מען דאַרף הערן ווי זי זינגט".

די שעה פון גענוס

כאַפּ אריין, כאַפּ אריין:

די יונגע יאהרען

גיב אַפּ דער ליעבע.

וואס פאר'ע לעכערליכע ווערטער אט „די יונגע" און „די יאהרען", דאס טראַפּ שלעכט געברויכט! אבער וואס פאר א שטים זי האָט עס! יא, איהם שטים איז ביי איהר פיעל בעסער געווארען ווי פריהער, פיעל בעסער, וואונדערבאַר! ווי אזוי האָט די שטים זיך עס געקאָנט אויף אזוי פיעל זיך פארבעסערען? איך האָב דאָך ניט געוואוסט, ווי מיט איהר זיך צו בעקאָנען, איז זי גאָר אליין געקומען צו מיר מיט א וויזיט. ווי אזוי האָט זי עס געוואוסט וואס איך פערלאַנג?

דו רופסט מיך דאָך שוין זייט לאַנג, — זאגט באַזיא, און רעדט אויף רוסיש.

— איך האָב דיר גערופען, באַזיא? ווי אזוי האָב איך דיך געקאָנט רופען, אז איך בין מיט דיר ניט בעקאַנט? איך בין אבער זעהר, זעהר צופרידען דיר צו זעהן.

וועראַ פּאוולאָוונאַ עפענט דעם פאָרהאַנג, צו דערלאַנגען באַזיאַ די האַנד, אבער די זינגערן לאַכט זיך פארנאַנדער; דאס איז דאָך גאָר ניט באַזיא, נאָר גיכער דע־מעריק אין דער ראָליע פון דער ציגיינערין אין „ריגאָלעטאַ", נאָר די הימליכקייט פון געלעכטער איז דעמעריקס, די שטים איז אבער באַזיאַס און זי לויפט אוועק

און בעהאלט זיך הינטערן פארהאנג: אבער וואס פאר א פערדרוס, דער פאר־האנג פארדעקט איהר, פריהער איז עס דאך גאר ניט געווען, פון וואנען האט ער זיך גענומען?

— דו ווייסט, צוליעב וואס איך בין צו דיר געקומען? און זי לאכט אזוי ווי דעמעריק, נאר עס איז באזיא.

— ווער ביזטו? דו ביזט דאך ניט דעמעריק?

— ניין!

— דו ביזט דאך באזיא?

די זינגערקע לאכט — דו ווערסט באלד זיך דערוויסען: איצט דארפען מיר זיך פארנעהמען דערמיט, צוליעב וואס איך בין געקומען. איך וויל מיט דיר לייענען דיין טאגע בוך.

— איך האב קיין טאגע בוך ניט, איך האב קיין מאל אזוינס ניט געפיהרט.

— דערלאנג נאר א קוק, וואס ליעגט דא אויפ'ן טיש? —

ווערא פאוולאוונא קוקט: אויפ'ן טישעל ביים בעטל ליעגט א העפט מיט דער אויפשריפט „דאס טאגע־בוך פון וו. ל.", פון וואנעט האט דאס העפט זיך גע־נומען? ווערא פאוולאוונא נעהמט עס, עפענט עס אויף — דאס העפט איז אנ־געשריבען מיט איהר האנד: ווען?

לייען די לעצטע זייט — זאגט באזיא

ווערא פאוולאוונא לייענט: „ווידער קומט מיר אוים אליין צו זיצען גאנצע אבענדען, דאס איז אבער גאר גישט: איך בין שוין דאך איינגעוואהנט".

— דאס אלץ? זאגט באזיא.

— דאס אלץ.

— ניין דו לייענסט ניט אלץ.

— דא איז מעהר קיין זאך ניט פארשריבען.

— מיר ווערסטו ניט אבנארען, זאגט די גאסט — און וואס איז דאס? — פון אונטערן פארהאנג ציהט זיך אוים א האנד — ווי שעהן איז די האנד! ניין, אט די וואונדערבארע האנד איז ניט באזיא'ס, און ווי ציהט זיך עפעס די האנד ארוים דורכ'ן פארהאנג, ניט עפענדיג דעם פארהאנג?

די האנד פון דער נייער גאסט ציהט זיך צו דער בלאט: פון אונטער דער האנד קומען ארויס נייע שורות, וועלכע זיינען פריהער ניט געווען. „לייען" זאגט די גאסט. ביי ווערא פאוולאוונא פארדריקט דאס הארץ, זי האט נאך ניט געקוקט אויף די שורות, ווייס ניט וואס דא איז פארשריבען, אבער עס פארדריקט איהר דאס הארץ. זי וויל ניט לייענען די נייע שורות. „לייען", זאגט די גאסט נאך אמאל.

ווערא פאוולאוונא לייענט: „ניין, אליין צו זיין איז איצט לאנגווייליג. פריהער איז ניט געווען אומעטיג, פאר וואס איז פריהער ניט געווען אומעטיג אליין, און איצט איז יא אומעטיג?".

— קעהר אום די זייטעל צוריק — זאגט די גאסט.

ווערא פאוולאוונא קעהרט אום די זייט. „אין זומער פון הייגטיגען יאהר" — ווער שרייבט עס אזוי טאגע ביכער? טראכט ווערא פאוולאוונא: מען האט גע־דארפט אנשרייבען: 1855, יון אדער יול, אויפשטעלען א דאטע; דא שטעהט גאר זומער פון הייגטיגען יאהר: ווער פארשרייבט עס אזוי אין טאגע ביכער? — „זומער פון הייגטיגען יאהר. מיר פאהרען, ווי געוויינליך, הינטערן שטאדט, אויף די אינזלען; דעם מאל פאהרט מיט אונז דער ליעבינקער; ווי אנגענעהם דאס איז מיר" אך דאס איז אוגוסט? וועלכע דאטום? דעם 15־טען אדער דעם 12טען? יא, יא ארום 15־טען, דאס איז וועגען יענעם שפאציר, נאך וועלכען מיין ארימער ליעבינקער איז קראנק געווארען, טראכט ווערא פאוולאוונא.

— דאס גאר?

— דאס גאר.

— ניין דו לייענסט ניט אלץ. און וואס איז דאס? — זאגט די גאסט. און ווידער בעווייזט זיך די וואונדערבארע האנד דורך דעם פארהאנג וואס עפענט זיך ניט, זי ריהרט ווידער אן דאס בלאט און ווידער טרעטען ארויס אויפ'ן בלאט נייע ווערטער, און ווידער לייענט ווערא פאוולאוונא געגען איהר אייגענעם ווילען נייע ווערטער: „פאר וואס באגלייט מיין ליעבינקער, אונז ניט עפטער"?

קעהר איבער נאך א זייט — זאגט די גאסט.

„מיין ליעבינקער האט אזוי פיעל באשעפטיגונגען אלץ פאר מיר. פאר מיר ארבייט ער אלץ, מיין ליעבינקער". אט דאס איז אן ענטפער, טראכט ווערא פאוו־לאוונא מיט פרייד.

— קעהר איבער נאך א זייט —

„וואס פאר עהרליכע, גרויסמוטהיגע מענשען זיינען אט די סטודענטען און זיי זיי אכטען דאס מיין ליעבינקען. און מיר איז היימלאך מיט זיי: איך בין מיט זיי, ווי מיט ברידער גאר אהן צערעמאָניעס".

— דאס גאר.

— ניין, לייען ווייטער. און ווידער בעווייזט זיך די האנד: ריהרט אן דאס בלאט, ווידער טרעטן ארויס נייע שורות, ווידער געגען איהר ווילען לייענט ווערא פאוולאוונא.

„דעם 16־טען אוגוסט". — דאס הייסט אויפ'ן צווייטען טאג נאך דעם שפאציר אויף די אינזלען, דאס איז דאך געווען טאקי דעם 15־טען, טראכט ווערא פאוולאוונא — „דער ליעבינקער האט די גאנצע צייט פון שפאציר גערעדט מיט דעם ראכמעטאוו'ן אדער ווי זיי רופען איהם אין שפאס דעם פרוש, און זיינע אנדערע חברים. לעבען מיר האט ער פארבראכט קוים א פיערטעל שעה", ניט אמת — מעהר ווי א האלבע שעה, יא, מעהר ווי א האלבע שעה, איך בין זיכער אין דעם, טראכט ווערא פאוולאוונא — :„אויסער דער צייט וואס מיר זיינען געזעסען אין שיפעל. 17 אוגוסט, נעכטען א גאנצען אבענד זיינען ביי אונז סטודענטען אב־געזעסען"; יא, דאס איז דאך געווען ערב דעם טאג, וואס ער איז קראנק געווארען: „דער ליעבינקער האט דעם גאנצען אבענד גערעדט מיט זיי. פאר וואס גיט ער זיי אפ אזוי פיעל צייט, און אזוי ווייניג מיר? ער ארבייט דאך ניט די גאנצע צייט, ער זאגט אליין, אז ווייט ניט די גאנצע צייט, אז אהן רוהע קען מען ניט ארבייטען, אז ער רוהט געננוג, און אז ער טראכט וועגען וואס עס איז נאר אבצורוהען; פאר וואס זשע טראכט ער אליין, פאר וואס ניט מיט מיר"?

— קעהר איבער נאך א זייט —

„יול פון דעם יאהר — און יעדען חודש פון דעם יאהר ביז דעם ליעבינקענס קראנקהייט, לעצטען יאהר, אויך און פריהער אויך, מיט פינף טעג צוריק זיינען ביי אונז די סטודענטען געווען; נעכטען אויך. איך האב מיט זיי פיעל געשטיפט, עס איז געווען אזוי היימלאך. מארגען אדער איבערמארגען וועלען זיי ווידער זיין און ווידער וועט זיין זעהר היימלאך".

— דאס גאר?

— דאס גאר.

— ניין, לייען ווייטער. — ווידער בעווייזט זיך די האנד, ריהרט אן דאס בלאט, ווידער טרעטען ארויס פון אונטער דער האנד נייע שורות, ווידער געגען איהר ווילען לייענט זיי ווערא פאוולאווונא.

„פון אנפאנג פון היינטיגען יאהר, באזונדערס פון ענדע פריהלינג, יא פריהער איז געווען היימלאך מיט די סטודענטען, היימלאך און דאס אלץ און אפט טראכט איך: דאס זיינען קינדערשע שפיעלען, זיי וועלען לאנג מיר געפעלען; וואהר־שיינליך אויך דאמאלט, ווען איך וועל א זקנה זיין, ווענאיך וועל שוין צוליעב מיינע יאהרען אליין ניט קענען שפיעלען, וועל איך האבען א הנאה פון די שפיעלען פון די יונגע לייט, וואס דערמאנען די יוגענד. אבער איך קוק דאך שוין איצט אויף די סטודענטען ווי אויף אייגענע ברידער, און איך וואלט ניט וועלען שטענדיג זיך פער־וואנדלען נאר אין וועראטשקא, ווען איך וויל זיך אברוהען פון ערנסטע געדאנקען און ארבייט. איך בין דאך שוין ווערא פאוולאוונא; זיך היימלאך מאכען ווי ווע־ראטשקא איז אנגענעהם צייטענווייז, אבער ניט אלע מאל. ווערא פאוולאוונא וויל אפטמאל אזא זארט פרייד, ביי וועלכער זי זאל בלייבען ווערא פאוולאוונא. דאס איז היימליכקייט מיט מענשען, וואס זיינען גלייך מיט דיר אין לעבען“.

— קעהר איבער נאך עטליכע זייטען.

„איך עפען די טעג א נעה ווארקשטאט און בין אוועק צו זשולי בעטען באשטע־לונגען, דער ליעבינקער איז פארפאהרען צו איהר מיך אבנעהמען, זי האט אונז געמאכט עסען פרישטאג ביי איהר, האט געהייסען דערלאנגען שאמפאניער און מיר געצוואונגען אויסצוטרינקען צוויי גלעזער, מיר האבען אנגעהויבען מיט איהר זינגען, לויפען, שרייען, זיך אנידערווארפען איינע די אנדערע, עס איז געווען אזוי היימלאך, דער ליעבינקער האט געקוקט און האט געלאכט“.

— און דאס אלץ? — זאגט די גאסט און ווידער טרעטען ארויס פון אונטער דער האנד פון דער פריינדין נאך ווערטער און ווידער לייענט ווערא פאוולאוונא געגען איהר ווילען:

„דער ליעבינקער האט נאך געקוקט און געלאכט. פאר וואס זאל ער אויך ניט א שטיק טהאן מיט אונז? דאס וואלט דאך געווען נאך היימליכער, צו דען איז עס געווען ניט פאסיג, אדער צו דען וואלט ער ניט געקאנט נעהמען אן אנטהייל אין אונזער שפיעל? ניין א האר ניט ניט פאסיג און געקאנט וואלט ער אויך, ער האט

אבער אזא כאראקטער, ער שטערט נאר ניט, ער גיט צו מוטה, פרעהט זיך און דאס גאר".

— קעהר איבער נאך א זייט ווייטער. —

„הײנט זיינען מיר מיט'ן ליעבינקען געוועזן צום ערשטען מאָל נאך מיין חתונה ביי מיינע עלטערן, מיר איז געווען אזוי שווער צו זעהן יענעם לעבען, וואס האָט מיר געדריקט, געשטיקט פאר דער חתונה, מיין ליעבינקער, פון וואס פאר אן עקעלהאפטיגען לעבען ער האָט מיר בעפרייט! ביי נאכט האָט זיך מיך געחלומט א שרעקליכער חלום: ווי די מאמע וואלט מיר באשולדיגען אין אונדאנקבארקייט און רעדט דעם אמת, נאר א שרעקליכען אמת, אז איך האָב אנגעהויבען קרעכצענען, דער ליעבינקער האָט דערהערט דעם קרעכץ און איז אריין צו מיר אין צימער, איך האָב שוין אבער געזונגען (אלץ אין שלאף) ווארום עס איז געקומען מיין געליעבטע פארשוין און מיך געטרייסט, דער ליעבינקער איז געווען מיין קאמער מיידעל, איך האָב זיך אזוי געשעהמט, נאר ער איז אזא בעשיידענער, נאר א קוש געטהאָן מיר אין פלייצע".

— איז טאקי דאס אלץ, וואס איז אנגעשריבען? מיר וועסטו ניט אבנארען, לייען... ווידער טרעטען פון אונטער איהרע הענד ארוים נייע ווערטער און ווערא פאוולאוונא לייענט זיי געגען איהר ווילען:

„דאס איז דאך אויך א שטיקעל באליידיגונג".

— קעהר איבער נאך עטליכע זייטען צוריק —

— „היינט האָב איך געוואַרט אויף מיין פריינד ד. אויפ'ן בולוואר, ביים נייען בריק, דארט וואהנט די דאמע, ביי וועלכע איך האָב געזאלט ווערן א גובערנאנטקע; זי האָט ניט מסכים געווען, מיר זיינען געגאנגען אהיים מיט ד. זעהר פערמאטערטע, איך האָב אין מיין צימער פארמיטאג אלץ געטראכט, אז עס איז בעסער צו שטארבען, איידער צו לעבען אזוי, ווי איך לעב איצט. און מיט אמאָל זאגט ד. ביים מיטאג־עסען: „ווערא פאוולאוונא, מיר טרינקען פאר די געזונדהייט פון מיין כלה און אייער חתן". איך האָב קוים זיך געקאנט איינהאלטען, זיך ניט פארנאנדער צעוויינען דא פאר אלעמען, פאר פרייד פון אזא אונערווארטעטע בעפרייאונג. נאך מיטאג האָבען מיר לאנג גערעדט מיט ד. וועגען דעם ווי מיר וועלן לעבען. ווי ליעב איך איהם, ער פיהרט מיר ארוים פון קעלער".

— לעז זשע אלץ.

— מעהר איז קיין זאך ניטא.

— קוק — ווידער טרעטען ארויס פון אונטער די האנד פון דער גאסט נייע שורות.

— איך וויל ניט לייענען — זאגט מיט שרעק ווערא פאוולאוונא: זי האט נאך ניט דורכגעלייענט וואס עס איז געשריבען אין די נייע שורות, אבער עס איז איהר שוין שרעקליך.

— דו קענסט ניט, ניט לייענען, ווען איך היים לייענען! —

ווערא פאוולאוונא לייענט.

„צו דען זשע ליעב איך איהם דערפאר, וואס ער פיהרט מיר ארויס פון קעלער?

— קעהר איבער נאך ווייטער אויף צוריק, לייען די ערשטע זייט.

„אין מיין געבורטסטאג, היינט, האב איך צום ערשטען מאל גערעדט מיט ד. און איהם ליעב געקראגען. איך האב נאך פון קיינעם ניט געהערט אזוינע איידעלע, טרייסטענדע ווערטער, ווי אזוי ער סימפאטיזירט דאס מיט אלץ, וואס פאדערט אכטונג, וויל העלפען אלץ, וואס פאדערט הילף; און ווי זיכער ער איז דאס, אז דאס גליק פון די מענשען איז מעגליך, אז עס וועט קומען, אז שלעכטס און צרות זיינען ניט אויביג, און עס קומט שנעל א נייער, ליכטיגער לעבען. ווי איז עס דאס הארץ ביי מיר פון פרייד ברייטער געווארען, ווען איך האב די פארזיכערונגען דער־הערט פון א מענשען א געלעהרנטען, אן ערנסטען: זיי האבען דאך מיינע אייגענע געדאנקען באשטעטיגט... ווי גוט איז ער געווען, ווען ער האט גערעדט וועגען אונז, ארימע פרויען, יעדער פרוי מוז ליעב קריגען אזא מאן, ווי קלוג, ווי אדעל, ווי גוט ער איז!

— גוט. קעהר איבער צוריק אויף דער צווייטער זייט.

— אבער יענע זייט האב איך דאך שוין דורכגעלייענט —

— ניין, האס איז נאך ניט די לעצטע, קעהר איבער נאך א בלאט. —

— אויף דעם בלאט איז גאר ניט פארשריבען.

— לייען! דו זעהסט, ווי פיעל עס איז אויף איהם פארשריבען, — און ווידער זיינען פון דעם אנריהרען זיך פון דער גאסט'ס האנד ארויסגעטראטען שורות, וועלכע זיינען פריהער ניט געווען.

ביי ווערא פאוולאוונא ווערט דאס הארץ פארגליווערט — איך וויל ניט לייענען, איך קען ניט לייענען.

— איך היים. דו מוזט —

— איך קען ניט און וויל ניט.

— וועל איך פאר דיר פארלייענען, וואס דארט איז געשריבען — הער זיך איין:

„מיין בעפרייער איז אן איידעלער מענש. אבער איידעלקייט רופט ארויס אכטונג, צוטרוי, די גערייטקייט צוזאמען צו האנדלען, פריינדשאפט; דער בעפרייער ווערט באלוינט מיט דאנקבארקייט, איבערגעגעבענהייט, דאס אלץ. זיין נאטור איז פיל ייכט א הייסערע ווי מיינע. ווען דאס בלוט קאכט, ברענען זיינע צערטליכקייטען. עס איז אבער דא אן אנדער בעדארף, דער בעדארף אין א שטילער לאנגער צערטליכקייט, דאס בעדערפנים צו דרעמלען אין דעם צערטליכען געפיהל. צו קען ער אזא געפיהל? צו זיינען אונזערע נאטורען, אונזערע בעדארפען ענליך? ער איז גערייט פאר מיר צו שטארבען — איך פאר איהם. אבער צו איז דאס גענוג? צו לעבט ער מיט די געדאנקען וועגען מיר? צו ליעב איך איהם מיט יענער ליעבע, וואס איך דארף, פריהער האב איך ניט געוואוסט וועגען דעם בעדארף פון א שטילען, צערטליכען געפיהל — ניין, מיין געפיהל צו איהם איז ניט".

— איך וויל מעהר ניט הערן! ווערא פאוולאוונא ווארפט מיט כעס אוועק דעם טאגעבוך, עקעלהאפטע! שלעכטס! צו וואס ביזטו דא? איך האב דיר ניט גערופען, געה אוועק!

די גאסט לאכט מיט א שטילען, גוטען געלעכטער — יא, דו ליעבסט איהם ניט, די ווערטער זיינען פארשריבען מיט דיין האנד.

— איך פארשילט דיר!

ווערא פאוולאוונא כאפט זיך אויף מיט דעם אויסגעשריי און נאך פריהער איידער זי האט גענומען פארשטעהן, אז זי האט נאר געזעהן א חלום, און אז זי האט זיך אויפגעכאפט, האט זי גענומען לויפען.

— מיין ליעבער, נעהם מיר ארום, פארטיידיג מיר! מיר האט זיך געחלומט א שרעקליכער חלום! זי דריקט זיך צום מאן — מיין ליעבער, לאשצע מיר, זיי צערטליך צו מיר, פארטיידיג מיר!

וועראטשקא וואס איז מיט דיר? דער מאן נעהמט איהר ארום. דו ציי־טערסט אזוי, דער מאן קושט איהר, — ביי דיר אויף די באקען די ייגען טרעהרען. קאלטע שוויים איז ביי דיר אויפ'ן שטערן. א בארוועסע ביזטו געלאפען אויף דער קאלטער פאדלאגע, מיין ליעבע; איך קוש דיינע פיסלאך, כדי זיי צו דערוואַרעמען.

— יא, לאשצע מיר, ראטעווע מיר! מיר האט זיך געחלומט אן עקעלהאפ־טער חלום. מיר האט זיך געחלומט, אז איך ליעב דיר ניט.

— מיין ליעבע, וועמען זשע ליעבסטו, אז ניט מיר? ניין, דאס איז א פוסטער, לעכערליכער חלום!

— יא, איך ליעב דיר, נאר לאשצע מיר, קוש מיר — איך ליעב דיר, איך וועל דיר ליעבען, —

זי נעהמט שטארק ארום דעם מאן, זי דריקט זיך צו איהם און א בערוהיגטע דורך זיינע ליעבשאפטען, שלאפט זי איין, איהם קושענדיג.

2

אין יענעם פריהמארגען געהט דימיטרי סערגעאיטש ניט רופען די וויבּ טרינ־קען טיי; זי איז דא, זיך צודריקענדיג צו איהם; זי שלאפט נאך; ער קוקט אויף איהר און טראכט: „וואס איז אזוינס געשעהן מיט איהר, מיט וואס האט זי זיך דערשראקען, פון וואנענט נעהמט זיך דער חלום"?

— בלייב דא, וועראטשקא, איך וועל דא אריינטראגען טיי; שטעה ניט אויף מיין פריינד, איך וועל דיר דערלאנגען, דו וועסט זיך ארום וואשען ניט אויפשטע־הענדיג.

— יא, איך וועל ניט אויפשטעהן, איך וועל נאך ליעגען, מיר איז דא אזוי גוט, וואס פאר א חכם דו ביזט עם דערפאר, מיין ליעבינקער, ווי האלט איך האב דיר געקראגען, אט האב איך זיך ארומגעוואשען; איצט טראג טיי אהער; ניין, פריהער נעהם מיר ארום! און ווערא פאוולאוונא האט לאנג ניט ארויסגעלאזען דעם מאן, איהם ארומנעהמענדיג — אך, מיין ליעבינקער, ווי קאמיש איך בין! ווי איך בין דאס געקומען צו דיר צולויפען! וואס וועט מאשא איצט טראכטען? ניין, מיר וועלן פון איהר בעהאלטען, אז איך האב זיך אויפגעכאפט ביי דיר, ברייגג מיר די זאכען, וועל איך זיך דא אנטהאן. לאשצע מיר, מיין ליעבינקער, לאשצע

מיר, איך וויל דיר ליעבען, איך דארף דיר ליעבען! איך וועל דיר ליעבען אזוי, ווי איך האָב נאָך ניט געליעבט!

---

ווערא פּאוולאוונאס צימער שטעהט א ליידיגער. ווערא פּאוולאוונא, שוין ניט בעהאלטענדיג פון מאשא'ן, האָט זיך איבערגעקליבען ביים מאן אין צימער. „וואס פאר א צערטליכער, וואס פאר א ליעבליכער ער איז, מיין ליעבינקער, און איך האָב עס געקאנט אויסטראכטען אז איך ליעב איהם ניט? ווי לעכערליך איך בין"!

— ווערא׳טשקא, איצט האָסטו זיך בארוהיגט, מיין ליעבע: זאג זשע מיר, וואס האָט זיך דיר געחלומט אייער נעכטען?

— אך, פוסטע זאכען! מיר האָט זיך נאָר געחלומט דאס וואס איך האָב דיר געזאגט: אז דו לאשצעסט מיר ווייניג. איצט איז מיר גוט. פאר וואס האָבען מיר שטענדיג ניט געלעבט אזוי ווי איצט. דאמאלט וואלט מיר זיך ניט געחלומט אט יענער מאוס'ער, שרעקליכער, עקעלהאפטיגער חלום, איך וויל איהם ניט געדיינקען!

— אבער אהן יענעם חלום וואלטען מיר דאָך ניט געלעבט ווי איצט.

—דאס איז אמת; איך בין איהר זעהר דאנקבאר, אט דער עקעלהאפטיגער, זי איז ניט עקעלהאפט, זי איז א גוטע.

— ווער איז עס די „יענע"? דו האָסט שוין אויסער די פריהערדיגע פארשוין נאָך א נייע פריינדין?

— יא, נאָך א נייע. צו מיר איז געקומען עפּעס א פרוי, מיט אזא בעצוי־בערענדער שטים, פיעל בעסער ווי באזיאס, און וואס פאר'ע הענד זי האָט! אך, וואס פאר א וואונדערבארע שיינהייט! נאָר איהר האנט האָב איך געזעהן; זי אליין האָט זיך בעהאלטען הינטערן פארהאנג, מיר האָט זיך געחלומט, אז מיין בעט האָט א פארהאנג — און טאקי דערפאר האָב איך איהר אוועקגעווארפען, ווייל מיר האָט עס זיך געחלומט — און אז די גאסט בעהאלט זיך הינטער איהם; אבער וואס פאר א וואונדערבארע האגד, מיין ליעבער, און זי האָט געזונגען וועגען ליעבע און האָט מיר אונטערגעזאגט, וואס ליעבע איז אזוינס, איצט האָב איך פארשטאנען

מיין ליעבער, ווי נאריש איך בין דאס געווען, איך האב ניט פארשטאנען, איך בין דאך געווען גאר א מיידעל, א נאריש מיידעל?

— מיין ליעבע, מלאכ'ל מיינער, פאר אלץ איז דא א צייט, און דאס, ווי מיר האבען פריהער געלעבט מיט דיר איז ליעבע; און אזוי ווי מיר לעבען איצט איז ליעבע; איינע דארפען איין זארט ליעבע, אנדערע דארפען אן אנדער זארט, יא, דו ביזט איצט געווארען א פרוי, מיין פריינד און וואס דו האסט פריהער ניט גע־דארפט, איז דיר איצט נויטיג.

---

עס געהט אוועק א וואך — צוויי, ווערא פאוולאוונא צערטעלט זיך; אין איהר צימער פארברייגגעט זי נאר, ווען דער מאן איז אין דער היים ניטא, אדער ווען ער ארבייט — אבער ניין, אפילו ווען ער ארבייט זיצט זי אפט ביי איהם אין קאבינעט; ווען זי באמערקט אז זי שטערט איהם, אז די ארבייט פאדערט פיעל אויפ־מערקזאמקייט, טא צו וואס זאל זי איהם שטערן? אבער אזוינע ארבייטען האט דאך יעדער איינער, דער גרעסטער טייל אפילו פון וויסענשאפטליכע ארבייט איז אויך מעכאניש; דערפאר זעהט ער דריי פערטעל פון דער צייט די ווייב ביי זיך און אפט צערטלען זיך. מען האט נאר איין ערפינדונג געמוזט מאכען: קויפען אן אנדער סאפע, קלענער פאר'ן מאן'ס, און אט צערטעלט זיך ווערא פאוולאוונא נאך מיטאג אויף איהר סאפקע; ביי דער סאפקע זיצט דער מאן און קוועלט אן פון איהר.

— מיין ליעבער, פאר וואס קושטו מיינע הענד? איך האב עס דאך ניט ליעב.

— יא? איך האב פארגעסען, אז איך באליידיג דיר, נו, וועל איך דיר באליידיגען.

— מיין ליעבינקער, צום צווייטען מאל ראטעוועסטו מיך. דו האסט מיך גע־ראטעוועט פון שלעכטע מענשען, דו האסט מיך געראטעוועט פון זיך אליין! לאש־צע מיך, מיין ליעבער, לאשצע מיך!

---

עס געהט פארביי א חודש, ווערא פאוולאוונא צערטעלט זיך נאך מיטאג אויף איהר ברייטער, קליינער, ווייכער סאפקע אין איהר צימער און דעם מאנס צימער, ד. ה. אין מאנס קאבינעט. ער האט זיך צוגעזעצט אויף דער סאפקע און זי האט איהם ארום גענומען, האט איהר קאפ צוגעלייגט צו זיין ברוסט און זיך פארטראכט: ער קושט איהר, אבער איהר פארטראכטקייט געהט ניט פארביי און אין די אויגען בעווייזען זיך אזוי ווי טרעהרען.

— ווערא'טשקא, מיין ליעבע, וואס האסטו זיך פארטראכט?

ווערא פאוולאוונא ווײנט און שווייגט, ניין, זי האט אבגעווישט די טרעהרען — ניין, לאשצע מיך ניט, מיין ליעבער! גענוג. איך דאנק דיר! און זי קוקט אזוי גוט, אזוי הארציג אויף איהם — איך דאנק דיר, דו ביזט אזוי גוט צו מיר.

— גוט, ווערא'טשקא? וואס הייסט? וואס איז דאס אזוינס?

— יא, גוט, מיין ליעבער: דו ביזט א גוטער. —

---

עס געהן אוועק צוויי טעג, ווערא פאוולאוונא צערטעלט זיך ווידער נאכ'ן מיטאג עסען, און זי ליעגט ביי זיך אין צימער, אין איהר בעט. דער מאן זיצט לעבען איהר, האט איהר ארומגענומען און טראכט אויך.

„עס איז ניט דאס. איך האב אזוינס ניט אין זיך", טראכט לאפוכאוו.

„ווי גוט ער איז און ווי אונדאנקבאר איך בין", טראכט ווערא פאוולאוונא. אט וואס זיי טראכטען.

און זאגען זאגט זי: מיין ליעבער, געה צו זיך, נעהם זיך פאר דער ארבייט אדער רוה זיך אפ. און זי וויל זאגען און זי קען ארויסזאגען די ווערטער אין אז איינפאכען, ניט טרויעריגען טאן.

— פאר וואס, ווערא'טשקא, טרייבסטו מיך? מיר איז דא אויך גוט, און ער וויל און ער קען ארויסזאגען די ווערטער אין אן איינפאכען פריילעכען טאן.

— ניין. געה מיין ליעבער, דו טהוסט גענוג פאר מיר. געה, רוה אפ. —

ער קושט זי און זי פארגעסט אן איהרע געדאנקען און ווידער אטהעמט זיך איהר אזוי לייכט, אזוי זיס.

— איך דאנק דיר, מיין ליעבער — זאגט זי.

---

און קירסאנאוו איז זיין גאנצען גליקליך. שווייצלאך איז דער מאל געווען דער קאמפף, אבער דערפאר וויפיעל אינערליכע צופרידענהייט האט דער קאמפף איהם פערשאפען און די צופרידענהייט וועט ניט פארשווינדען צוזאמען מיט'ן קאמפף, נאר זי וועט ווארימען זיין הארץ לאנג ביז צום ענדע פון זיין לעבען. ער איז עהרליך, יא, ער האט זיי נעהענטער געבראכט איינע צו אנדערן, און אין אמת'ן האט ער זיי דערנעהענטערט. קירסאנאוו ליעגט אויף דער סאפע, רויכערט און טראכט: „זיי עהרליך, ד. ה. אויסגערעכענט, פאל ניט דורך אין חשבון, געדיינק דעם סך הכל, געדיינק, אז דער סך הכל איז גרעסער ווי וועלכע עס איז פון זיינע טהיילען, ד. ה. אז דיין מענשליכע נאטור איז שטארקער, וויכטיגער פאר דיר, ווי יעדער איינער פון דיינע איינצעלנע שטרעמונגען, אויב זיי געהן זיך ווי עס איז באזונדער: אט דאס איז גאר, אויפ'ן פשוט'ן לשון הייסט עס: זיי עהרליך און אלץ וועט זיין אויסגעצייכענט. איין כלל, און אזא איינפאכער, אט דאס איז דער סך הכל פון דער וויסענשאפט, דאס איז די גאנצע תורה פון א גליקליכען לעבען זא גליקליך זיינען יענע, וואס זיינען געבארען געווארען מיט א נייגונג צו פארשטעהן אט דעם איינפאכען כלל. איך בין גליקליך אין דער הינזיכט. געוויס האב איך דערפאר צו פערדאנקען מעהר מיין ענטוויקלונג איידער דער נאטור. ביס־לעכווייז אבער וועט עס זיך ענטוויקלען און עס וועט ווערן א געוויינליכער כלל, וואס ווערט בעאיינפלוסט פון דער גאנצער ערציהונג, פון דער גאנצער לעבענס סביבה. יא, דאמאלט וועט אלעמען זיין לייכט צו לעבען ווי איצט מיר. יא, איך בין צופרידען, מען דארף אבער אריינגעהן צו זיי. איך בין שוין ניט געווען א וואכען דריי. עס איז שוין צייט כאטש מיר איז עס אונאנגענעהם. מיך ציהט שוין ניט צו זיי. נאר עס איז צייט, איך וועל די טעג קומען אויף א האלבע שעה. אדער, אפשר אבלייגען אויף א חודש. דאכט זיך, מען קען עס. יא, דער צוריקטריט איז דורכגע־פיהרט פאלשטענדיג. די מאנעוורעס זיינען געענדיגט; אבגעצויגען און איצט וועלן זיי אפילו ניט באמערקען, צו איך בין ניט געווען ביי זיי דריי וואכען אדער דריי חדשים. עס איז אנגענעהם פון ווייטען צו טראכטען וועגען מענשען, מיט וועלכע מען האט עהרליך געהאנדעלט. איך רוה אפ אויף מיין לאבער קראנץ".

---

און לאפּוכאוו איז אויך אין א נאכמיטאג, אין א טאג צוויי, דריי ארום אריין ביי דער ווייב אין צימער, איהר געגומען אויף די הענד, טראגט איהר איבער אויף דער סאפע צו זיך: „רוה אפּ דא מיין פריינד"! און קוועלט און קוקענדיג אויף איהר. זי האט איינגעדרעמעלט מיט א שמייכעל; ער זיצט און לייענט, און זי האט שוין ווידער געעפענט די אויגען און טראכט:

„ווי שעהן ביי איהם איז דאס צימער אויפגערעמט: קיין זאך ניט פארהאן, אויסער וואס איז נויטיג. ניין, ער האט זיינע קאפּריזען: אט שטעהט דער גרויסער קעסטעל ציגארען, וואס איך האב איהם געשאנקען פאר א יאהרען, ער איז נאך גאנץ, ווארט אויף זיין צייט. יא דאס איז זיין איינציגער לוקסוס: סיגארען. אט איז נאך א לוקסוס זאך: די פאטאגראפיע פון דעם אלטען; וואס פארן איידעלען פנים דער אלטער האט, וואס פאר א געמיש פון גוטמוטהיגקייט און שארפקייט — און זיינע אויגען, און דעם גאנצען אויסדרוק פון זיין געזיכט! ווי פיעל האט עס דימיטרי געפאדערט איידער ער האט די פאטאגראפיע באקומען. אוען'ס פארטרעט איז דאך אין גאנצען ניטא. ער האט געשריבען דריי בריעף. צוויי פון די, וואס האבען די בריעף מיט גענומען, האבען איהם ניט אויסגעזוכט, דער דריטער האט אויסגע־פונען און אזוי פיעל איהם געמאטערט, ביז עס איז באמת ארויס א פרעכטיגע פאטאגראפיע. און ווי גליקליך דימיטרי איז עס געווען, ווען ער האט זי בעקומען. און דעם בריעף, וואס „דער הייליגער אלטער", ווי דימיטרי רופט איהם, און וועל־כען ער ליבט מיך. און אט איז א צווייטע לוקסוס זאך; מיין בילד. א האלב יאהר האט ער געשפּארט געלד כדי צו בעטען א גוטען מאהלער מאהלען מיין בילד. און וויפיעל זיי האבען עס ביידע, ער און דער יונגער מאהלער, מיך געמאטערט. צוויי בילדער און דאס אלץ, צו דען וואלט געקאסט טייערער צו קויפען גראוויורען און פאטאגראפיעס ווי ביי מיר? אדער דאס קומט פיליכט דערפון, וואס איך בין א פרוי? וואס פאר א פוסטע געדאנקען, אדער דאס קומט דערפאר וואס ער איז אן ערנסטער, געלעהרנטער מענש? אבער קירסאנאוו האט אויך גראוויורען, און בלומען, און ער איז דאך אויך אן ערנסטער געלערנטער מאן.

„און פאר וואס לאנגווייליט איהם מיר אבצוגעבען פיעל צייט? איך וויים דאך, אז ער דארף זיך שטארק אנשטריינגען, צו דען דערפאר, וואס ער איז אן ערנסטער, געלערנטער מאן? אבער קירסאנאוו, ניין ער איז א גומער, א גוטער.

ער האט אלץ פאר מיר געטהאן, ער איז גערייט מיט פרייד אלץ צו טהאן פאר מיר! און ווער נאך קען מיך אזוי ליעבען ווי ער? און איך ליעב איהם אויך איך בין גערייט אויף אלץ פאר איהם"...

— וועראטשקא, דו דרעמעלסט שוין ניט, מיין ליעבער פריינד?

— מיין ליעבינקער, פאר וואס איז ביי דיר אין צימער ניטא קיין בלומען?

— גוט, איך וועל איינפיהרען. שוין מארגען וועל איך ברייננגען. עס איז פשוט מיר ניט אויסגעקומען א טראכט צו טהאן וועגען דעם, אז דאס איז גוט, און דאס איז זעהר גוט.

— און אט וואס איך וואלט דיר געבעטען: קויף זיך פאטאגראפיעס, אדער, נאך בעסער, איך וויל דיר קויפען אויף מיינע געלד אי בלומען, אי פאטאגראפיעס.

— דאמאלט וועלן זיי געוויס מיר זיין אנגענעהם, איך האב עס אזוי אויך ליעב, נאר דאמאלט וועט מיר אנגענעהמער זיין, זיי צו האבען. אבער, וועראטשקא, דו ביזט געוועזן פארטראכט, דו האסט געטראכט וועגען דיין חלום, וועסטו מיר ערלויבען דיך בעטען, דו זאלסט מיר דערצעהלען וועגען יענעם חלום, וואס האט דיר אזוי אנגעשראקען?

— מיין ליעבער, איצט האב איך ניט געטראכט וועגען דעם, עס איז מיר אזוי שווער אן דעם זיך צו דערמאנען.

— אבער, וועראטשקא, טאמער וועט עס פאר מיר נוצליך זיין צו וויסען, וואס דאס איז אזוינס.

— אדרבא, מיין ליעבער, מיר האט זיך געחלומט, אז מיר איז אומעטיג, וואס איך בין אין אפערא ניט געפאהרען, אז איך טראכט וועגען איהר, באזיא; צו מיר איז געקומען עפעס א פרוי, וועלכע איך האב פון אנהויב אנגענומען פאר באזיא און וועלכע האט זיך אלץ בעהאלטען פון מיר; זי האט מיך געצוואונגען צו לייע־נען מיין טאגע בוך; דארט איז געוועזן פארשריבען נאר דאס, ווי אזוי מיר ליעבען איינע די אנדערע, און ווען זי פלעגט זיך אנריהרען מיט'ן האנד אן די בלעטער, פלעגען זיך בעווייזען נייע ווערטער, וואס פלעגען זאגען, אז איך ליעב דיר ניט.

— פערצייה מיך, מיין פריינד, וואס איך פרעג דיר: דאס האסטו נאר אין חלום געזעהן?

— מיין ליעבער, אויב ניט נאר אין חלום, צו דען וואלט איך דיר ניט געזאגט? איך האב דיר דאך דאמאלט געזאגט. —

דאס איז אויסגעזאגט געווארען אזוי צערטליך, אזוי איינפאך, אזוי פון טיעפען הארצען ארויס אז לאפוכאוו האט דערפיהלט אין הארצען די אויפרעגונג פון וואַרימקייט און זיסקייט, וואס קיינער קען דעם גאנצען לעבען ניט פארגעסען, ווער עס האט נאר געהאט דעם גליק דאס צו פיהלען. אך, וואס פאר א שאדען, וואס ניט פיעל, גאנץ ווייניג מענער זיינען אימשטאנד צו קענען אט דעם געפיהל! אלע פריידען פון גליקליכער ליעבע זיינען גאר נישט אין פערגלייך מיט דעם: דאס מאכט אויף אייביג פול דאס הארץ פון מענשען מיט דער ריינסטער צופרידענהייט. מיט דעם הייליגסטען שטאלץ. אין די ווערטער פון ווערא פאוולאוונא, וואס זיינען ארויסגעזאגט געווארען מיט א געוויסען אומעט האט זיך געהערט א פארוואורף: נאר דער געדאנק פון דעם פארוואורף איז אבער געווען: „פריינד מיינער, צו דען ווייסטו ניט, אז דו האסט פארדיענט מיין פולען צוטרויען? די ווייב מוז בעהאלטען פון מאן די געהיימע באוועגונגען פון איהר הארצען; אזוי זיינען שוין יענע בעציהונגען, וואס שטעלן זיך איין צווישען זיי. אבער דו, מיין ליעבינקער, האסט זיך געהאלטען אזוי, דאס פון דיר דארף מען קיין זאך ניט בעהאלטען, אזוי אז מיין הארץ איז אפען פאר דיר, ווי פאר זיך אליין“. דאס איז א גרויסער פארדיענסט ביי א מאן: אט די גרויסע אויסצייכענונג ווערט געקויפט נאר דורך ריינע מאראלישע ווירדע; און ווער עס האט אזוינס פארדיענט, דער האט רעכט זיך צו האלטען פאר א פאלשטענדיגען גרויסמוטהיגען מענשען, דער קען מיט זיכערהייט האפען, אז זיין געוויסען איז ריין און וועט שטענדיג בלייבען ריין, אז דער מוטה וועט קיינמאל איהם ניט פארלאזען און אז אין אלע אויספרופונגען, אין וואס זיי זאלן ניט באשטעהן, וועט ער בלייבען רוהיג און פעסט; אז דער שיקזאל האט כמעט קיין שליטה ניט איבער דעם פריעדען פון זיין נשמה, אז פון יענער צייט אן, וואס ער האט פארדיענט דעם כבוד ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבען, וועט ער בלייבען גליקליך מיט דעם בעוואוסטזיין פון זיין מענשליכער ווירדע, וואס פאר'ע קלעפ ער זאל ניט באקומען. מיר קענען איצט לאפוכאוו'ן גוט גענוג, אום צו זעהן, אז ער איז ניט געווען קיין סענטימענטאלער מענש, אבער אויך ער איז געווען געריהרט פון זיין ווייבס ווערטער און זיין געזיכט האט זיך אזש אנגעצונדען.

— וועראטשקא, פריינד מיין, דו האסט מיר פארגעווארפען — זיין שטים

האָט געציטערט דעם צווייטען, און לעצטען מאָל אין לעבען: (דעם ערשטען מאָל האָט זיין שטים געציטערט פון צווייפעל און מורא, טאמער האָט ער געטראָפען, איצט — פון פרייד), — דו האָסט מיר פארגעוואָרפען, אבער דער פארוואורף איז ביי מיר טהייערער ווי אלע ליעבעס ווערטער, איך האָב דיך באלייריגט מיט דער פראגע: אבער ווי גליקליך בין איך, וואס מיין שלעכטע פראגע האָט מיר פארשאפט אזא פארוואורף. גיב א קוק! טרעהרען זיינען אויף מיינע אויגען, פון קינדערוויים אן די ערשטע טרעהרען אין מיין לעבען! —

ער האָט דעם גאנצען אבענד ניט אבגעריסען די אויגען פון איהר, און יענעם אבענד האָט זי קיינמאָל ניט געטהאָן א טראכט, אז ער שטרענגט זיך אן אום צו זיין צערטליך, און יענער אבענד איז געווען איינער פון די אנגענעהמסטע אין איהר לעבען, וויינינסטענס ביז יענער צייט; אין איינינע יאהרען ארום, נאָך דעם ווי איך דערצעהל אייך וועגען איהר, וועלן שוין זיין א סך אזוינע גאנצע טעג, חדשים, יאהרען: דאס וועט זיין דאמאלט, ווען איהרע קינדער וועלן אונטערוואקסען און זי וועט זעהן, אז זיי זיינען מענשען, וואס זיינען ווערטה גליק און וואס זיינען גליק־ליך. אט די פרייד איז העכער ווי אלע איבעריגע פערזענליכע פרייד; דאס וואס איז אין יעדער אנדער פערזענליכער פרייד א זעלטענע, שנעל־פארבייגעהענדע דערהייבונג, דאס איז אן יענער פרייד דער געוויינליכער צושטאנד פון יענע גע־וויינליכע טעג.

3

אבער ווען די ווייב איז געשלאפען, זיצענדיג ביי איהם אויף די קניע, ווען ער האָט איהר אוועקגעלייגט ביי איהר אויף דער סאפקע, האָט לאפוכאוו שטארק זיך פארטראכט וועגען איהר חלום. פאר איהם האט זיך געהאנדעלט ניט וועגען דעם: צו ליעבט זי איהם; דאס איז שוין איהר זאך, אין וועלכער זי אליין האט קיין שליטה ניט, און ער, ווי ער זעהט, האָט אויך קיין שליטה ניט; דאס וועט זיך פון זיך אליין אויפקלעהרען: וועגען דעם קען מען טראכטען נאר אין דער פרייע צייט; איצט אבער האָט ער קיין צייט ניט, איצט דארף ער זיך ארויסגעפינען אין דער פראגע: פון וואנענט האָט זיך גענומען, וואס איהר הארץ האָט איהר אנגע־הויבען פאראויס זאגען, אז זי ליעבט איהם ניט.

דעם ערשטען מאָל איז ער לאַנג געזעסען און געטראַכט וועגען דעם: שוין עטליכע טעג ווי ער האָט געזעהן, אז ער וועט ניט קענען איינהאַלטען איהר ליעבע. עס איז א שווערער פערלוסט, נאָר וואס קען ער טהאָן? אויב ער וואלט געקאָנט ענדערן זיין כאַראַקטער, און ערווערבען יענע תשוקה צו שטילער צערטליכקייט, וואס איהר נאַטור האָט געפאדערט, דאַמאַלט וואלט געוויס געווען אנדערש, ער האָט אבער געזעהן, אז דאס צו פּרובירען איז אומזיסט, אויב א געוויסע נייגונג איז ניט געגעבען פון דער נאַטור, אדער איז ניט ענטוויקעלט דורכ'ן לעבען, ניט אבהייניג פון די פערלאַנגען פון דעם מענשען אליין, קען אזא מענש עס ניט שאפען אין זיך ווי עס דאַרף צו זיין דורך די אנשטרענגונגען פון ווילען אליין. הייסט עס, אז די פראַגע איז באַשלאָסען, אויף דעם זיינען אוועק די פריהערדיגע מחשבות, און איצט ענדיגענדיג מיט זיינס (אלס אן עגאָיסט טראַכט ער קודם כל וועגען זיך און וועגען יענעם — נאָר דאַמאַלט, בעת עס איז שוין ניטא מעהר וואס צו טראַכטען וועגען זיך) האָט ער זיך געקאָנט נעהמען פאר פרעמדע זאכען, ד. ה. וועגען איהרע מחשבות. וואס קען ער טהאָן פאר איהר? זי פארשטעהט נאָך ניט, וואס אין איהר קומט פאָר, זי האָט נאָך ניט דורכגעלעבט אזוי פיעל מיט'ן האַרצען, ווי ער: דאס איז דאָך ניט מעהר ווי נאַטירליך: זי איז מיט פיער יאהר יינגער פאר איהם, און אין אנפאַנג פון דער יוגענד, בעדייטען פיער יאהר זעהר פיעל. צו קען ער ניט, דער מעהר ער־פאהרענער זיך אויסגעפינען, וואו זי אליין קען זיך ניט ארויסגעפינען? ווי אזוי קען מען אויסטייטשען איהר חלום?

באַלד איז לאָפּוכאָוו'ן איינגעפאַלען פאָלגענדער געדאַנק: די אורזאַך פון איהרע געדאַנקען דאַרף ליעגען אין דעם אומשטאַנד, פון וועלכען איהם חלום שטאַמט און אין די אורזאַכען, וואס האבען ארויסגערופען דעם חלום מוז זיך געפינען וועלכער עס איז צוזאַמענהאַנג מיט זיין אינהאַלט. זי זאָגט: עס איז איהר געווען לאַנג־וויילִיג, וואס זי איז ניט געפאהרען אין דער אָפּערא, לאָפּוכאָוו האָט גענומען איבער־קוקען איהר זאַרט לעבען, און ביסלעכווייז איז איהם אַלץ קלאָהר געוואָרען. דעם גרעסטען טהייל פון איהר פרייער צייט פלעגט זי פארברייגגען, פּונקט ווי ער, אין איינזאַמקייט, פון דעם האָט זיך אנגעהויבען די ענדערונג. עס איז איהר געווען שטענדיג היימלאָך, איצט הויבט זיך ווידער אן דאס פריהערדיגע, אט דאס קען זי שוין ניט אויפנעהמען אזוי גלייכגילטיג: עס ליעגט ניט אין איהר נאַטור; עס וואלט זיך ניט געפּאַסט פאר דעם גרעסטען

טהייל פון די מענשען . אין דעם ליעגט קיין רעטעניש ניט, פון דעם איז שוין געווען ניט זעהר ווייט צו דעם געדאנק, אז דער שליסעל צו אליז איז — איהר דערנעהענטערן זיך צו קירסאנאוו'ן און נאכהער קירסאנאווס דערוויי־טערן זיך, פאר וואס האט קירסאנאוו זיך דערווייטערט? די אורזאך איז געווען בולט: ניטא קיין צייט, א סך ארבייט, אבער א מענשען אן עהרליכען און ענטוויקעל־טען, אן ערפאהרענעם אין לעבען און באזונדערס אזא, וואס קען זיך באנוצען מיט דער טעאריע, קען מען ניט אבנארען מיט קיינע אויסטראכטעניש און דריידלאך. ער אליין קען זיך אבנארען ווייל ער איז אמאל ניט אויפמערקזאם, אדער וואס ער שענקט קיין אויפמערקזאמקייט צו ד' פאקטען, אזוי האט אויך לאפוכאוו א טעות געהאט, ווען קירסאנאוו האט דעם ערשטען מאל זיך צוריקגעצויגען; דאמאלט האט ער באמת גערעדט, ניט געהאט קיין נוצען, און דערפאר איך ח״שק ניט, טיעפער נאכ־צודענקען וועגען דער אורזאך, פאר וואס קירסאנאוו האט זיך דערווייטערט: ער האט געדארפט נאר נאכקוקען, צו איז ער ניט שולדיג אין דעם, וואס די פריינד־שאפט האט זיך איבערגעריסען: די זאך איז געווען קלאהר — ער איז ניט שולדיג געווען, אלזא איז ניט געווען מעהר וועגען וואס צו טראכטען: ער איז דאך קיר־סאנאווס ניט אויפזעהער, ניט קיין ערציהער, וואס דארף ארויספיהרען אויפ'ן ריכטיגען וועג די טריט פון א מענשען, וואס פארשטעהט אליין זאכען ניט ערגער פאר איהם. און וואס איז איהם דאס, אין תוך גענומען, אזוי וויכטיג? צו דען איז אין זיינע בעציהונגען צו קירסאנאוו'ן פארהאן עפעס אזוינס באזונדערס וויכטיג פאר איהם? כל זמן דו ביזט גוט און דו ווילסט, איך זאל דיר ליעב האבען, איז מיר זעהר אנגענעהם; גיין — טהוט מיר זעהר לייד און געה זיך, וואוהין דו ווילסט. צו דען איז עס ניט גאנץ גלייך? צו עס איז אויף דער וועלט פארהאן מיט איין נאר מעהר אדער ווייניגער, איז א קנאפע נפקה מינה, איך האב אנגענומען א נארען פאר א גוטען מענשען, דאס פארדריסט מיך זעהר און דאס אלץ. אויב אונזערע אינ־טערעסען זיינען ניט פארבונדען מיט די אינטערעסען פון א מענשען, זיינען די אינ־טערעסען אין תוך גענומען, גאנץ ווייניג אינטערעסאנט פאר אונז, אויב מיר זיינען נאר ערנסטע מענשען; אן אויסנאהם בילדען נאר צוויי פעלע, וועלכע זעהן, איב־ריגענס, אוים אלס אויסנאהמען, נאר פאר די מענשען, וואס זיינען געוואהנט צו פארשטעהן דאס ווארט אינטערעס אין צו ענגען, וואכענדיגען זינען. דער ערשטער פאל איז, אויב די האנדלונגען אינטערעסירען אונז פון דער טהעארעטישער זייט.

ווי פסיכאלאגישע ערשיינונגען, וואס ערקלעהרען דעם מענשענס נאטור, ד. ה. אויב מיר האבען אין זיי א גייסטיגען אינטערעס. דער צווייטער פאל איז, ווען דער שיקזאל פון א מענשען הייגגט אפ פון אונז; דא וואלטען מיר געוועזן שולדיג געגען זיך אליין, אויב מיר וואלטען ניט געוועזן אויפמערקזאם צו זיינע האנדלונגען, אויב מיר האבען אין זיי א געוויסענס אינטערעס. אבער אין קירסאנאווס יענע נארישע האנדלונגען איז ניט געוועזן קיין זאך וואס זאל זיין אונבעקאנט לאפוכאוו'ן אלס א צוגאב צו הייגטיגע זיטען; ניט קיין זעלטענהייט איז געוועזן אויך דאס, וואס א מענש, וועלכער האט אנשטענדיגע אנזיכטען, ווערט אריינגעצויגען אין הייגטוועל־טיגע וואולגארע זיטען. און אז ער, לאפוכאוו, זאל קענען שפיעלען א וויכטיגע ראָ־ליע אין קירסאנאווס שיקזאל, דאס האט לאפוכאוו זיך ניט געקאנט פארשטעלען; פאר וועלכע מצות זאל גאר קירסאנאוו דארפען אנקומען צו זיין באזארגט פון איהם? הייסט עס: געה זיך, מיין פריינד, פון מיר, וואו בעסער איז. וואס דארף איך וועגען דיר טראכטען? איצט אבער איז ניט דאס: ווי עס ווייזט זיך ארוים האבען קיר־סאנאווס האנדלונגען א וויכטיגע שייכות צו די אינטערעסען פון דער פרוי, וועלכע לאפוכאוו האט געליעבט. ער האט ניט געקאנט ניט טראכטען וועגען זיי ערנסט. און נאכטראכטענדיג אויפמערקזאם וועגען א פאקט און פארשטעהן זיינע אורזאכען איז פאר א מענשען ווי לאפוכאוו כמעט איינס און דאס זעלבע. לאפוכאוו האט אויסגעפונען אז זיינע טעאריעס גיבען א מעגליכקייט אהן א טעות צו קענען צו־גלידערן די בעוועגונגען פון מענשליכען הארצען, און איך אליין בין מודה אז איך בין מסכים מיט איהם אין דעם; און די פיעל יאהר, וואס איך האלט עס פאר אן אמת האט זי קיין איינמאל מיר ניט אבגענארט, און זי האט קיין מאל זיך ניט ענטזאגט מיר צו ענדעקען דעם אמת, ווי טיעף איז עס ניט געוועזן באגראבען דער אמת פון א מענשליכע טהאט. אמת איז אויך, אז די טעאריע אליין גיט זיך ניט לייכט: מען דארף פיעל דורכלעבען און דורכטראכטען צו זיין אימשטאנד איהר צו פארשטעהן.

נאך א האלבער שעה פון נאכטראכטען, איז ביי לאפוכאוו'ן געווען אלץ קלאהר אין די בעציהונגען פון קירסאנאוו'ן צו ווערא פאוולאוונא'ן. ער איז אבער לאנג גע־זעסען און אלץ געטראכט וועגען דעם, מעהר אויפצוקלעהרען די זאך איז שוין ניט געוועזן נויטיג, אבער אינטערעסאנט איז עס געוועזן; די ענדעקונג איז געמאכט גע־

ווארעז אזוי אז אלע איינצעלהייטעז זיינעז געוועז פארענדיגט, און דאך איז עס געוועז אינערעסאנט, אז ער האט לאנג ניט געקאנט איינשלאפעז.

דאך, צו וואס, איז אמת'ן, צורודערן די נערוועז דורך ניט שלאפען? עס איז דאך שוין דריי אזייגער, אויב מען קען ניט איינשלאפען, דארף מען איינגעהמען מארפין. ער האט איינגענומען צוויי פילען. „איך וועל נאר א קוק טהאן אויף ווע־ראטשקא", אנשטאט צוצוגעהן און א קוק צו טהאן, האט ער צוגערוקט זיין שטול צו איהר סאפקע, זיך אריינגעזעצט אין שטול, גענומען איהר האנד און א קוש גע־טהאן. „מיין ליעבינקער, דו האסט זיך אזוי לאנג פאראַרבייט, אלץ צוליעב מיר; ווי גוט דו ביזט, ווי ליעב איך האב דיר", האט זי ארויסגערעדט האלב שלאפענדיג. געגען מראפין אין א גענוג גרויסער מאס, קען ניט ביישטעהן קיין גייסטיגע אויפ־רעגונג; דעם מאל זיינען צוויי פילען געוועזן גענוג. אט הויבט ער שוין אן איינ־צודרעמלען, הייסט עס, די גייסטיגע אויפרעגונג איז לויט איהר קראפט גלייך לויט לאפוכאווס מאטעריאליסטישען בליק, ווי פיער גלאז שטארק קאווע, געגען וועלכע איין פיל איז אויך געוועזן פאר לאפוכאוון ווייניג און צוויי — צופיעל, ער איז איינגעשלאפען, לאכענדיג פון דעם פערגלייך.

4

## א טעארעטישער געשפרעך

אויפ'ן צווייטען טאג האט קירסאנאוו זיך אקארשט פארנאנדער געלייגט מעשה פריץ מיט'ן סיגאר אין מויל אום צו לייענען אלס אברוה נאך זיין שפעטיגען מיטאג עסען, נאכ'ן האספיטאל, ווען לאפוכאוו איז אריין.

— א גאסט ניט אין א רעכטער צייט, איז ערגער ווי א טאטער, האט לאפוכאוו געזאגט אין א שטיפערישען טאן, אבער דער טאן איז ניט ארויסגעקומען זעהר געלונגען - שטיפעריש. — איך בעאונרוהיג דיר, אלעקסאנדר; אבער עס מוז שוין דאך אזוי זיין, איך וויל מיט דיר דורכריידען ערנסט. איך האב געוואלט וואס גיכער, אין דער פריה האב איך פארשלאפען, וואלט דיר ניט געטראפען. — לאפוכאוו האט שוין גערעדט אהן א שפאס, „וואס בעדייט עס! צו דען האט ער

געטראַפען"? — האָט קירסאַנאָוו אַ טראַכט געטהאָן. — לאָמיר אַקאָרשט זיך דורכריידען, האָט לאָפּוכאָוו ווייטער גערעדט, זיך אַוועקזעצענדיג — קוק מיר אין די אויגען.

„יאַ, ער רעדט וועגען דעם, עס קען קיין ספק ניט זיין", — הער זיך צו, דימיטרי, האָט קירסאַנאָוו געזאָגט נאָך אין אַ מעהר ערנסטען טאָן — מיר זיינען פריינד מיט דיר, אָבער עס זיינען דאָ זאַכען, וואָס פריינד דאַרפען זיך אויך ניט ערלויבען. איך בעט דיר אויפצוהערען דעם געשפּרעך, איך בין איצט ניט אויפגעלייגט צו ערנסטע געשפּרעכען, איך בין קיינמאָל ניט אויפגעלייגט. קירסאַנאָווס אויגען האָבען געקוקט דורכדרינגענד און פיינדליך, אַזוי ווי פאַר איהם וואָלט געווען אַ מענש, וועמען ער פאַרדעכטיגט אין וועלען אַבטהאָן אַ פאַרברעכען.

— מען קען ניט, ניט־ריידען, אַלעקסאַנדר, האָט לאָפּוכאָוו ווייטער גערעדט מיט אַ רוהיגער, אַביסעל אַ פערשטיקטער שטים — איך פאַרשטעה דיינע מאַנעוורעס.

— שוויינ, איך פאַרבאָט דיר צו ריידען, אויב דו ווילסט מיר ניט האָבען פאַר דיין אייביגען שונא, אויב דו ווילסט ניט פאַרלירען מיין אַכטונג.

— דו האָסט אַמאָל ניט מורא געהאַט צו פאַרלירען מיין אַכטונג — געדיינקסט? איצט איז דאָך מיר אַלץ קלאָהר, דאַמאָלט האָב איך ניט געשאַנקען קיין אויפמערקזאַמקייט.

— דימיטרי, איך בעט דיר אַוועקגעהן, אָדער איך געה אַוועק.

— דו קענסט ניט אַוועקגעהן. וואָס דענקסטו, איך פאַרנעהם זיך מיט דיינע אינטערעסען? —

קירסאַנאָוו האָט געשוויגען.

— מיין לאַגע איז אַ גוטע. דיינע איז געשפּרעך מיט מיר — ניט: איך שטעל זיך פאַר ווי אַ מענש וואָס טהוט אַ העלדענטהאַט. נאָר דאָס איז נאַרישקייט, איך קען אַנדערש ניט האַנדלען לויט דעם געזונטען פערשטאַנד, איך בעט דיר, אַלעקסאַנדר, הער אויף דיינע מאַנעוורעס, זיי פיהרען צו גאַר ניט.

— וואָס הייסט? צו דען איז שוין געווען צו שפּעט? זיי מיר מוחל, האָט קירסאַנאָוו שנעל אַרויסגערעדט און האָט אַליין זיך ניט געקאָנט אָבגעבען קיין

חשבון, צו איז געווען פרייד, אדער פארדרוס וואס האָט איהם אויפגערעגט פון די ווערטער „זיי פיהרען צו גאר ניט“.

— ניין, דו האסט מיר ניט ריכטיג פערשטאנען, עס איז ניט געווען שפּעט. דערווייל איז נאך גאר ניט, וואס עס וועט זיין, דאס וועלן מיר זעהן. דערווייל זעהט מען נאָך גאר ניט, איבריגענס, אלעקסאנדר, ווייס איך ניט ווענען וואס דו רעדסט, און דו ווייסט אויך ניט ווענען וואס איך רייד; מיר פארשטעהען איינע די אנדערע ניט — ניט אמת? מיר האָבען דאך גאָר ניט ווענען וואס איינע די אנדערע צו פארשטעהן — אזוי דאך? דיר זיינען אנגענעהם יענע רעטענישען, וואס דו פארשטעהסט ניט. זיי זיינען גאר ניט געווען אויף דער וועלט, איך האָב קיין זאך ניט געזאגט, איך האָב גאָר ניט דיר וואס צו זאָגען, גיב אהער א סיגאר: איך האָב פארגעסען מיינע ציגארען פון צושטרייאונג, איך וועל פארברייגגען און זאלן מיר אנהויבען זיך מתוכח זיין ווענען געלעהרטע פראגען, איך בין נאר ווענען דעם געקומען — זיך אביסעל דורך צופלוידערן אויפ'ן געלעהרטען אופן. וואס דענקסטו ווענען די זאנדערבארע פּראבעם קינסטליך צו שאפען איי־ווייס? לאַ־פוכאוו האָט צוגערוקט איין שטול צום צווייטען, אום אוועקצולייגען די פיס, האָט זיך רוהיג אריינגעזעצט אין צווייטען שטול, פאררייכערנדיג א סיגאר און פארט־זעצענדיג זיין געשפּרעך. נאָך מיין מיינונג איז עס א גרויסע ערפינדונג, אויב דאס וועט ארויסקומען אזוי, האָסט נאך אמאָל ווידערהאָלט די פּראָבע?

— ניין, נאָר מען דארף עס טהאָן.

— ווי גליקליך ביסטו, וואס דו האָסט פאר זיך אן אנשטענדיגע לאבאראטאריע. דו מוזט נאך אמאָל עס ווידערהאָלען, מעהר אויפמערקזאם. עס וועט דאך זיין א גאנצע איבערקעהרעניש אין דער גאנצער פראגע ווענען ערנעהרונג, אין גאנצען מענשליכען לעבען, אויב מען זאל קענען פאבריצירען דעם וויכטיגסטען נאהרונגס־מאטעריאל איינפאך פון ניט ארגאנישע שטאפען. עס איז די גרעסטע זאך און איז אזוי פיעל ווערטה ווי ניוטאָנס ערפינדונג, ביזטו מסכים?

— געוויס, איך צווייפעל אבער שטארק, אויב די פּראבע איז געווען פינקטליך. פריהער אדער שפּעטער וועלן מיר דערגעהן, דאס איז בלי ספק, דערצו פיהרט די וויסענשאפט, דאס איז קלאָהר, איצט אבער איז מען נאָך קוים דערגאנגען.

— דו דענקסט אזוי? און איך דענק אויך דאס זעלבע, הייסט עס, אז אונזער געשפרעך איז געענדיגט. צום ווידערזעהן, אלעקסאנדר. אבער זיך געזעגענדיג, בעט איך דיר זיין ביי אונז אפט, ווי פריהער, צום ווידערזעהן. —

קירסאנאווס אויגען, וואס האבען די גאנצע צייט פיינדליך און דורכדרינגענד געקוקט אויף לאפוכאוו'ן, האבען א בלישצע געטהאן מיט צארן. — דו ווילסט, דאכט זיך, דימיטרי, איך זאל בלייבען ביי דער מיינונג, דאס דו האסט עפעס נידעריגע געדאנקען.

— איך וויל עס גאר ניט. אבער דו מוזט זיין ביי אונז, וואס איז דא באזונ־דערס? מיר זיינען דאך מיט דיר פריינד, וואס איז דא אזוינס באזונדערס אין מיין בקשה?

— איך קען ניט, דו פארפיהרסט אן אונזיניגע זאך און דערפאר איז עס אן עקעלהאפטע.

— איך פרשטעה ניט וועגען וואס פאר א זאך דו רעדסט, און איך מוז דיר זאגען, אז דער געשפרעך געפעלט מיר גאר ניט, ווי ער איז דיר ניט געפעלן געוועז מיט צוויי מינוט. פריהער.

— איך פאדער אן ערקלעהרונג, דימיטרי.

— ניט נויטיג, עס איז גאר ניטא וואס צו ערקלעהרען און וואס צו פארשטעהן, פוסטע נארישקייטען רעגען דיר נאר אויף.

— ניין, איך קען דיר אזוי ניט אוועקלאזען. — קירסאנאוו האט גענומען לאפוכאוו'ן, וואס האט זיך געקליבען אוועקצוגעהן, פארן האנד — זעץ זיך. דו האסט אנגעהויבעןריידען, ווען עס איז ניט נויטיג געוועז. דו פאדערסט פון מיר. גאט וייס וואס. דו מוזט אויסהערן. —

— לאפוכאוו האט זיך אוועקגעזעצט.

— וואס פאר א רעכט האסטו, האט קירסאנאוו אנגעהויבען מיט א שטים נאך פון שטארקערן צארן איידער פריהער — וואס פאר א רעכט האסטו צו פאדערן פון מיר דאס, וואס מיר איז שווער? וואס פאר'ע פארפליכטונגען האב איך געגען דיר? און צו וואס איז עס נויטיג? דאס איז א משוגעת. באמיה זיך ארויסצוקלאפען פון דיין קאפ ראמאנטישע חלומות. דאס, וואס מיר אנערקענען מיט דיר פאר א נארמאלען לעבען, וועט זיין אזוי, ווען די באגריפען און די זיטען

פון דער געזעלשאפט וועלן ווערן אנדערש, די געזעלשאפט וועט מוזען אויף א נייעם אופן זיך ערציהען. דאס איז אזוי. דאס טהוט זיך אויך דורך די ענטוויקלונג פון לעבען. ווער עס האט אליין זיך פון דאס נייע ערצויגען, דער העלפט אנדערע, דאס איז אזוי. אבער אזוי לאנג ווי זי האט נאך ניט זיך איבערדערצויגען, זיך ניט גע־אנדערשט אין גאנצען, האסטו ניט קיין רעכט צו ריזיקירען מיט א פרעמדען שיק־זאל. דאס איז דאך א שווידערליכע זאך, פארשטעהסטו עס, אדער דו ביזט פון זינען אראפ?

— ניין, איך פארשטעה גאר ניט, אלעקסאנדר. איך וויים ניט וועגען וואס דו רעדסט. דיר ווילט זיך זעהן א זאנדערבארען הינטער־געדאנק אין דער איינפא־כער בקשה פון דיינעם א פריינד, אז דו זאלסט איהם ניט פארגעסען, ווייל איהם איז אנגענעהם דיר צו זעהן ביי זיך. איך פארשטעה ניט וועגען וואס דו קאכסט זיך דא.

— ניין, דימיטרי, אין אזא געשפרעך וועסטו זיך פון מיר מיט שפאסען ניט אבפטר'ן. מען דארף דיר בעווייזען, אז דו ביזט א משוגענער, וואס האט אויסגע־טראכט אן עקעלהאפטיגען פלאן. ווייניג זאכען זיינען פארהאן, וואס איך און דו אנערקענען ניט? מיר אנערקענען ניט אז א פאטש טראגט אין זיך עפעס אן אונ־כבוד — דאס איז א נארישער פאראורטהייל, א שעדליכער פאראורטהייל, מעהר ניט, אבער צו האסטו א רעכט איצט אוועקצושטעלען א מאן אין אזא לאגע, אז ער זאל קריגען אויסגעפאטשט? דאס וואלט דאך פון דיין זייט געווען א נידעריגער פארברעכען: דו וואלסט דאך ביי יענעם מענשען די רוהע אוועקגענומען, פאר־שטעהסטו עס, דו שוטה איינער? פארשטעהסטו, אז אויב איך ליעב יענעם מענשען און דו פאדערסט, אז איך זאל איהם געבען א פאטש, וואס איז סאי לויט דיין מיינונג, סאי לויט מיין מיינונג א נארישקייט, א גארנישט — פארשטעהסטו, אז אויב דו פאדערסט עס, האלט איך דיר פאר א נארן און פאר א נידעריגען מענשען, און אז אויב דו צווינגסט מיר עס צו טהאן, וועל איך דערהרגנען דיך אדער זיך און וועל עס ניט טהאן? פארשטעהסטו עס, שוטה איינער? איך רייד וועגען א מאנסביל און א פאטש וואס דאס איז א נארישקייט, נאר עס נעהמט אוועק די רוהע פון לעבען ביי א מאנסביל. אויסער מאנסביל'ן זיינען דא אויף דער וועלט אויך פרויען, וואס זיינען אויך מענשען: אויסער פעטש זיינען דא אנדערע נארישקייטען,

לויט מיין מיינונג און דיינעם. אבער וואס נעהמען אויף אוועק די רוהע פון לעבען ביי מענשען. פארשטעהסטו, אז מאכען וועלכען עס איז א מענשען — נו באטש א פרוי, אריבערצוטראגען וועלכע עס איז פון די נארישקייטען. פארשטייסטו, אז דאס איז עקעלהאפט, מאוס, ניט עהרליך? דו הערסט? איך זאג, אז דו האסט ניט קיין עהרליכע געדאנקען.

— מיין פריינד, אלץ וואס דו האסט דא געזאגט וועגען עהרליך און ניט עהרליך, איז פאלשטענדיג ריכטיג. איך ווייס אבער ניט, צו וואס דו זאגסט עס, און וואס פאר א שייכות קען דאס אלץ האבען צו מיר. איך האב וועגען קיין זאך מיט דיר ניט גערעדט, וועגען קיין אבזיכט ניט צו ריזיקירען מיט דעם לעבען פון וועמען עס איז, אין וועלכען עס איז פרט. דו פאנטאזירסט און מעהר גאר ניט. איך בעט דיר, מיין פריינד, מיר ניט צו פארגעסען, ווייל מיר, אלס דיין פריינד, איז אנגענעהם צו פארברייננגען די צייט מיט דיר — דאס איז גאר. וועסטו ערפילען די בקשה פון א פריינד?

— זי איז ניט עהרליך, איך האב דיר שוין געזאגט. איך טהו ניט קיין אונעהרליכע זאכען. —

— אט דאס איז שעהן פון דיר, וואס דו טהוסט ניט. אבער דו האסט זיך צוהיצט צוליעב עפעס פאנטאזיעס און דו האסט זיך אריינגעלאזען אין טעאריעס; דיר ווילט זיך, ווייזט אוים, פיהרען טעארעטישע געשפרעכען סתם אין דער וועלט אריין, וואס איז ניט שייך צו דער זאך. אדרבא, איך וועל אויך אנהויבען פיהרען טעארעטישע געשפרעכען, אויך סתם אין דער וועלט אריין, איך וועל דיר פארשלאגען א פראגע וואס האט קיין שייכות צו קיין זאך ניט, אויסער נאר קלאהר צו מאכען אן אבסטראקטען אמת, גאר ניט באנוצענדיג עס פאר קיינעם ניט. אויב איינער קען א מענשען פערשאפען פארגעניגען אהן אונאנגענעהמקייט פאר זיך אליין, פאדערט דער שכל, אז ער זאל דעם פארגעניגען איהם פארשאפען, ווארום ער אליין וועט דארפען פארגעניגען האבען. איז עס אזוי?

— דאס איז פוסטע דבורים, דימיטרי, דו רעדסט ניט דאס.

איך רייד קיין זאך ניט, אלעקסאנדר; איך פארנעהם זיך נאר מיט טעארעטישע פראגען, אט איז נאך א פראגע. אויב ביי וועמען עס איז וועקט זיך אויף וועלכער עס איז א בעדערפניש — צו פיהרט עס צו גוטען דאס בעמיהען זיך צו

דערשטיקען און איהם אַט דעם בעדערפניש? וואס דענקסטו וועגען דעם? צו הייסט עס ניט, אז אזא בעמיהען זיך פיהרט ניט צו קיין גוטעס? עס פיהרט נאַר דערצו, וואס יענער בעדערפניש באקומט אן איבערטריבענע גרויס — וואס דאס איז שעדליך; אדער א פאלשע ריכטונג — וואס דאס איז שעדליך, און עקעלהאפט; אדער ווערנדיג דערשטיקט, פארשטיקט עס צוזאמען אויך דאס לעבען — וואס דאס איז א שאדען.

— עס האנדעלט זיך ניט וועגען דעם, דימיטרי, איך שטעל אוועק די טעארע־טישע פראגע אין אן אנדער פארמע: צו האָט ווער עס איז א רעכט א מענשען צו שטעלן אין געפאהר, אויב דעם מענשען איז גוט אויך אָהן דער געפאהר? עס וועט זיין א צייט, ווען אלע בעדערפנישען פון דער נאטור פון יעדען מענשען וועלן אין גאנצען באפרידיגט ווערן, דאס ווייסען מיר מיט דיר; מיר ווייסען אבער פונקט אזוי זיכער, אז יענע צייט איז נאָך ניט געקומען. איצט איז א פערשטענדליכער מענש צופרידען דערמיט, אויב איהם לעבט זיך פריי, כאָטש ניט אלע זייטען פון זיין נאטור ווערן ענטוויקעלט דורך דער לאגע, דורך וועלכע איהם לעבט זיך פריי. איך נעהם אן אין דעם זינען פון אן אבסטראקטען משל, אז עס עקזיסטירט אזא פארשטענדליכער מענש. איך נעהם אן אז יענער מענש איז א פרוי; איך נעהם. ווידער נאָר אלס משל, אז יענע לאגע, דורך וועלכע עס לעבט זיך איהר פריי, איז דאס פארהייראטע לעבען; איך נעהם אן, אז זי איז צופרידען מיט יענער לאגע און דאמאלט זאג איך: אונטער אזוינע אומשטענדען, ווער האָט דאס רעכט צו שטעלן יענעם מענשען אין א געפאהר צו פארלירען דאס גוטעס, וואס ער איז צו־פרידען, אום א קוק צו טהאָן: צו וועט יענעם מענשען זיך ניט איינגעבען צו באַ־קומען נאָך בעסערס, אהן וואס ער קען אויסקומען? דאס גאלדענע צייט אלטער וועט קומען, דימיטרי, דאס ווייסען מיר, אבער עס וועט קומען שפעטער. די אייזערנע צייט אלטער געהט פארביי, עס איז שוין כמעט פארביי, אבער דאס גאלדענע צייט אלטער איז נאָך ניט געקומען, אויב, לויט מיין וויסענשאפטליכע השערה, וואלט וועלכע עס איז א שטארקע בעדערפניש פון דעם מענשען — זאלן מיר זאגען על פי משל דאס בעדערפניש אין ליעבע — גאר ניט באפרידיגט געווארען, אדער וואלט שלעכט באפרידיגט געווארען, וואלט איך גאָר ניט געזאגט געגען א ריזיקע, וואס ער אליין נעהמט אויף זיך, אבער נאָר וועגען אזא ריזיקע, ניט א ריזיקע וואס ווערט ארויפגעצווינגען אויף איהם דורך אן אנדערן. אבער אויב דער מאן געפינט

**פארט א גוטע באפרידיגונג פון זיין באדערפניש, דארף ער אליין אויך ניט ריזיקירען;** איך נעהם אן אלס השערה, אז ער וויל ניט ריזיקירען און זאג: ער איז גערעכט און איז א מענש מיט שכל, וואס ער וויל ניט ריזיקירען; און איך זאג: שלעכט און נאריש האנדעלט דער, וואס וועט וועלען איהם, ווער עס וויל ניט ריזיקירען, ארייננציהען אין א ריזיקע. וואס קענסטו ענטפערן אויף דעם לאגישען שלוס פון דער השערה? גאר נישט. פארשטעה, אז דו האסט קיין רעכט ניט.

— איך, אויף דיין ארט, אלעקסאנדר, וואלט געזאגט דאס זעלבע, וואס דו; איך זאג עס נאר אלס משל, אז דו פארנעהמסט וועלכען עס איז ארט אין דער השערה; איך וויים, אז דאס איז קיינעם פון אונז ניט שייך, אז מיר ריידען נאר ווי געלעהרטע וועגען די אינטערעסאנטע זייטען פון אלגעמיינע וויסענשאפטליכע אנזיכטען, וואס קומען אוים ריכטיג אין אונזערע אויגען; לויט די אנזיכטען אורטהיילט יעדער מענש וועגען יעדער זאך פון זיין שטאנדפונקט, וואס ווערט באשטימט דורך זיינע פערזענליכע בעציהונגען צו דער זאך; איך רייד נאר אין דעם זינען, און אויף דיין ארט וואלט איך געזאגט דאס זעלבע וואס דו. און דו אויף מיין ארט, וואלסט געזאגט דאס זעלבע וואס איך. פון דעם אלגעמיינעם וויסענשאפטליכען שטאנדפונקט איז עס דאך א זיכערער אמת. א. אויב ער געפינט זיך אויפ'ן ארט פון ב. איז ב. אויב אויף דעם ארט פון ב. וואלט עס נאך ניט געווען קיין ב. , וואלט איהם נאך עפעס וואס געפעהלט צו זיין אויפ'ן ארט פון ב. — עס איז דאך אזוי? דערפון איז געדרונגען אז דו האסט געגען דעם גאר ניט אבצופרעגען, ווי איך האב גאר ניט אבצופרעגען געגען דיינע ווערטער. איך אבער וועל טהאן ווי דו און וועל אויפשטעלען א השערה, אויך נאר אלס משל, וואס האט צו קיינעם קיין שייכות ניט. זאלן מיר קודם כל אנגענעהמען, אז עס זיינען פארהאן דריי מענשען — א זאך וואס איז גאנץ מעגליך; — זאלן מיר אננעהמען, אז איינער פון די דריי האט א סוד, וואס ער וואלט וועלען בעהאלטען פון צווייטען און באזונדערס פון דריטען; זאלן מיר אננעהמען, אז דער צווייטער האט געטראפען דעם סוד פון ערשטען און זאגט איהם: טהו דאס, וואס איך בעט ביי דיר, אז ניט וועל איך דיין סוד ענטדעקען דעם דריטען, וואס דענקסטו אט וועגען דעם פאל? —

קירסאנאוו איז אביסעל בלייך געווארען און האט לאנג געדרעהט די וואנצעס

— דימיטרי, דו האנדעלסט שלעכט געגען מיר, האט ער ענדליך ארויסגעזאגט.

— זעהר נויטיג איז עס פאר מיר צו האנדלען גוט געגען דיר — דו ביזט דען אינטערעסאנט פאר מיר? און אגב פארשטעה איך ניט וועגען וואס דו רעדסט. מיר האבען גערעדט מיט דיר ווי א געלעהרטער מיט א געלעהרטען, האבען איינע די אנדערע פארגעלייגט פארשיידענע, וויסענשאפטליכע השערות: מיר האט ענדליך זיך איינגעגעבען דיר פארצולייגען אזא השערה, אויף וועלכער דו האסט זיך פארטראכט און מיין וויסענשאפטליכע זעלבסטליעבע איז באפרידיגט. דערפאר הער איך אויף דעם טעארעטישען געשפרעך. איך האב פיעל ארבייט, ניט ווייניגער ווי דו, אלזא צום ווידער זעהן. יא, איך האב כמעט פארגעסען: וועסטו אלעקסאנדר, ערפילען מיין בקשה צו באזוכען אונז, דיינע גוטע פריינד, וואס זיינען שטענדיג צופרידען דיר צו זעהן? וועסטו קומען אזוי אפט, ווי אין די פריהערדיגע חדשים? — לאפוכאוו איז אויפגעשטאנען.

קירסאנאוו איז געזעסען און באקוקט זיינע פינגער, אזוי ווי יעדער פון זיי וואלט געווען א השערה — דו האנדעלסט שלעכט געגען מיר, דימיטרי. איך קען ניט, ניט ערפילען דיין בקשה. פון מיין זייט אבער וועל אויף דיר ארויפלייגען איין באדינגונג, איך וועל אייך באזוכען; אבער אויב מיר וועט אויסקומען פון מיין הויז צו געהן ניט אליין, מוזטו מיר באגלייטען אומעטום, און איך זאל ניט דארפען דיך רופען, — דו הערסט? דו אליין, אהן מיין רופען. אהן דיר וועל איך אין ערגעץ קיין טריט ניט מאכען, ניט אין דער אפערא, ניט צו בעקאנטע, אין ערגעץ ניט.

— צו איז די בעדינגונג ניט באליידיגענד פאר מיר, אלעקסאנדר? וואס ביזטו אין מיינע אויגען, א גנב?

— ניט אין דעם זינען האב איך עס געזאגט. איך וועל ניט דיר אויף אזוי ווייט באליידיגען צו טראכטען, אז דו קענסט מיך האלטען פאר א גנב, מיין קאפ וואלט איך איבערגעגעבען אין דיינע הענד זיך ניט פארטראכטענדיג. איך האף, אז איך האב א רעכט עס צו ערווארטען פון דיר. אבער וועגען וואס איך טראכט, איז מיר אליין צו וויסען, דו טהו נאר, וואס איך בעט און דאס גאר.

— איצט ווייס איך אויך; דו האסט פיעל געטהאן אין דעם זינען. איצט ווילסטו נאך מיט מעהר זארג עס טהאן. אפשר ביזטו אין דעם פאל גערעכט. יא, מיך דארף מען צווינגען, אבער ווי זעהר איך בין דיר דאנקבאר, מיין פריינד, עס וועט

פון דעם גאַרנישט ארויסקומען. איך האָב אַליין געפּרובירט זיך צווינגען, איך האָב אויך א ווילען ווי דו, און ניט ערגער פאר דיר האָב איך מאַנעווורירט. אבער דאס וואס ווערט געטהאָן פון אויסגערעכענטקייט, דורך דאס געפיהל פון פליכט, דורך דער אנשטרענגונג פון ווילען, און ניט דורך די נאַטירליכע נייגונג קומט ארויס אַהן לעבען. אבטויטען וואס עס איז קען מען דורך דעם מיטעל, ווי דו האָסט געטהאָן איבער זיך, אבער לעבעדיג מאכען, דאס קען מען ניט. לאַפּוכאוו האָט זיך צו־גאָסען אין געפיהלען פון קירסאנאווס ווערטער: „וואס איך דענק, איז מיר אַליין צו ווימען". — איך דאנק דיר מיין פריינד. דו ווייסט, מיר האָבען זיך דאך קיין מאָל ניט צוקושט, צו האָסט פיליכט איצט חושק?

---

אויב לאַפּוכאוו וואלט בעטראכט דעם געשפּרעך ווי א טעארעטיקער, וואלט ער מיט פארגעניגען באמערקט: „אבער ווי ריכטיג איז די טעאריע: דער עגאָאיזם שפּיעלט מיט'ן מענשען. דעם עקר האָב איך דאך בעהאַלטען. זאָלן מיר אננעהמען, אז יענער מענש איז צופרידען מיט זיין לאגע. דא האָב איך דאך געדאַרפט זאגען: „אלעקסאנדר, דיין השערה איז ניט ריכטיג". איך האָב אבער געשוויגען, ווייל עס איז פאר מיר ניט געווען נוצליך עס צוזאגען. עס איז אנגענעהם א מענשען אַלס טע־ארעטיקער נאָך צוקוקען וועלכע קונצען דער עגאָיזם מאכט אין דער פּראקטיקע: דו טרעטסט אָפּ פון א זאך, ווייל דו זעהסט אז עס איז פאר דיר פארלארען, און דער עגאָיזם דרעהט איבער דיינע באוועגונגען אזוי, אז דו הייבסט אָן זיך נאָך צוקרימען, ווי דו וואלסט אָפּטהאָן ווער וויים וואס פאר א העלדענטהאַט".

אויב קירסאנאוו וואלט נאכגעקוקט זיין האַלטען זיך אין דעם געשפּרעך, וואלט ער אַלס טעארעטיקער באמערקט מיט פארגניגען: „ווי ריכטיג איז עס אבער די טעאריע: אַליין ווילט זיך אנהאַלטען די רוהיגקייט, ליעגען אויף לארבער־קראנצען און ריידען רייד איך: דו האָסט קיין רעכט ניט צו ריזיקירען מיט דער רוהע פון א פרוי; און דאס בעדייט (דאס דאַרפסטו שוין אַליין פארשטעהן) אזוי ווי איך וואלט באמת אבגעטהאָן ווער וויים וועלכע עס איז העלדענטהאַטען, זיך אנטהוענדיג ענוים צוליעב א געוויסע פּערזאָן און צוליעב דיר, מיין פריינד. עס איז אנגענעהם א מענשען אַלס טעארעטיקער נאָך צוקוקען וועלכע קונצען

זיין עגאיזם ווארפט ארויס אין דער פראקטיקע. איך האָב אבגעטראטען פון א זאך, כדי ניט צו בלייבען קיין נאר און קיין אויסוואורף און שפרינג פון שמחה, ווי איך וואלט אבגעטהאָן א העלדענטהאט פון גרויסמוטהיגקייט: פון ערשטען רוף לאזט דו זיך ניט איינריידען, כדי דו זאלסט ניט דארפען ווידער איבער זיך מאכען אנשטרענגונגען און ניט פארלירען די זיסע פרייד פון אייגענער גרויסמוטהיגקייט, און דער עגאיזם דרעהט איבער דיינע האנדלונגען אזוי אז דו קרימסט פון זיך א מענשען, וואס פארעקשנט זיך אין זיין גרויסמוטהיגען אנטזאגען זיך פון דער וועלט“.

אבער ניט לאפוכאוו, ניט קירסאנאוו האָבען ניט געהאט קיין צייט צו ווערן טעארעטיקער און מאכען זייערע אנגענעהמע בעטראכטונגען: די פראקטיקע איז אויסגעקומען פאר ביידען גאנץ שווערליך.

5

די בעגייאונג פון קירסאנאווס אפטע בעזוכען האָט זיך ערקלעהרט גאנץ נאטירליך: א חדשים פינף איז ער געווען אבגעריסען פון זיינע באשעפטיגונגען און האָט פארלאזען פיעל ארבייט — דערפאר האָט ער א חדשים אנדערהאלבען געמוזט זיצען איבער דער ארבייט, ניט פארנאנדערבייגענדיג דעם רוקען, איצט איז ער פארטיג געווארען מיט דער פארלאזענער ארבייט און איז ווידער א בעל הבית איבער זיין צייט. דאס איז געווען אזוי קלאָהר, אז עס איז כמעט ניט אויסגעקומען צו ערקלעהרען.

דאס איז באמת געווען קלאָהר און שעהן און האָט ביי ווערא פאוולאוונא ניט ארויסגערופען קיינע געדאנקען. פון דער צווייטער זייט האָט אויך קירסאנאוו אויסגעהאלטען זיין ראליע מיט זיין פריהערדיגער טאדעללאזער קונסט, ער האָט מורא געהאט אז ווען ער וועט קומען צו די לאפוכאווס נאך דעם געלעהרנטען געשפרעך מיט זיין פריינד, וועט ער זיך אביסעל פארלירען: אדער ער וועט רויט ווערן פון אויפרעגונג, ווען ער וועט דעם ערשטען מאָל דערזעהן ווערא פאוולאוונא, אדער ער וועט אויסמיידען צו קוקען אויף איהר, אזוי אז מען וועט עס באמערקען, אדער וואס אנדערש וועט פאסירען; ניין, ער איז געבליבען צופרידען מיט זיך, און האָט געהאט א פולען רעכט צו זיין צופרידען מיט זיך, אין דעם אויגענבליק פון זיין באגעגענען זיך מיט איהר: דער אנגענעהמער, פריינדליכער שמייכעל פון א מענשען, וואס איז צופרידען מיט זיין אומקעהרען זיך צוריק צו פריינד, פון וועלכע ער האָט גע־

מוזט אייניגע צייט זיך אברייסען, א רוהינער בליק, א לעבעדיגער, זארגלאזער געשפרעך פון א מענשען, וואס האט ניט אויף דער נשמה קיין אנדער געדאנקען ניט, ווי נאר די פון וועלכע ער רעדט — אויב איהר וואלט געוועזען די ערגסטע רכילות־ניצע און וואלט געקוקט אויף איהם מיט דעם גרעסטען פערלאנג צו געפינען עפּעס ניט אזוי, וואלט איהר אויך אין איהם ניט דערזעהן מעהר ווי א מענשען וועלכער איז זעהר צופרידען, וואס ער קען פארברייגגען אן אבענד אין דער געזעלשאפט פון גוטע בעקאנטע.

און אויב די ערשטע מינוט איז געוועזען זעהר גוט אויסגעהאלטען, וואס פאר א בעדייטונג האט שוין געהאט זיך גוט צו האלטען דעם איבעריגען אבענד? און אויב ער האט דעם ערשטען אבענד געקאנט אויסהאלטען, צו וועט דען איהם שווער זיין אויסצוהאלטען די איבריגע אבענדען? קיין איין ווארט — וואס זאל ניט זיין אין גאנצען פריי, זארגלאז, קיין איין בליק — וואס זאל ניט זיין גוט און איינפאך, גלייך און פריינדליך. און דאס אלץ.

אבער אויב ער האט זיך געהאלטען ניט ערגער ווי פריהער, זיינען אבער די אויגען וואס האבען געקוקט אויף איהם געוועזען גענייגט צו באמערקען פיעל זאכען, וואס אנדערע אויגען וואלטען ניט געקאנט באמערקען — יא, קיין אנדערע אויגען וואלטען ניט באמערקט, לאפּוכאוו אליין, וועמען מאריא אלעקסעיעווגא האט געגעבען אן אטעסטאט, אז ער איז געבארען צו זיין אן אקציזניק, ער אליין האט זיך געוואונדערט איבער דער נאטירליכקייט, וואס האט אויף איין אויגענבליק ניט פארלאזען קירסאנאוו'ן. און אלס טעארעטיקער האט ער געהאט גרויס פארגניגען פון די בעאבאכטונגען, וואס האבען געגען זיין ווילען איהם פאראינטערעסירט דורך די זעלטענהייט פון אט דער ערשיינונג פון וויסענשאפטליכען שטאנדפונקט. אבער די גאסט האט ניט אומזיסט געזונגען און געצוואונגען לייענען דעם טאגעבוך. צו שארף ווערן די אויגען, ווען די גאסט שושקעט אריין אין אויער.

אפילו די אויגען האבען גארנישט געקאנט זעהן, אבער די גאסט האט ארייגגעשושקעט: פיליכט קען מען זעהן אין דעם דאס און דאס. כאטש אזוינס איז גאר ניטא, ווי איך זעה אליין, דאך זאלן מיר פּרובירען זיך צוקוקען; און די אויגען האבען זוכענדיג געקוקט, כאטש זיי האבען גאר ניט געזעהן; אבער פון דעם אליין וואס די אויגען האבען געזוכט איז שוין געוועזען גענוג, אז זיי זאלן בעמערקען: דא איז ניט אלץ גלאט.

אט צום ביישפּיעל געהט ווערא פּאוולאוונא צוזאמען מיט'ן מאן און מיט קירסאנאוו'ן אויף איינעם פון די אבענדען צו די מערצאלאווס. פאר וואס טאנצט קירסאנאוו ניט אויף דעם אבענד, וואו אלץ געהט אהן צערעמאָניעס, אזוי אז לאָפּוכאוו אליין טאנצט, ווייל דא איז אזא געזעץ: אויב דו ביזט ניט קיין זיבעציג יאהריגער זקן און דו ביזט אהער אריינגעפאלען, טו מאך זיך נאריש מיט אלעמען גלייך; דא קוקט דאך קיינער אויף קיינעם ניט און יעדער איינער האָט דעם זעלבען געדאנק: וואס מעהר גערויש, וואס מעהר בעוועגונג, ד. ה. וואס מעהר פרייד פאר יעדען איינעם — פאר וואס זשע וואלסירט קירסאנאוו ניט? ער האָט יא אנגעהויבען וואלסירען, נאָר פאר וואס האָט ער פריהער עטליכע מינוט ניט אנגעהויבען? צו דען האָט עס געלוינט עטליכע מינוט נאכצוטראכטען וועגען דעם, צו עס לוינט זיך אנצופאנגען, אדער ניט אנצופאנגען אזא וויכטיגע זאך? וואלט ער גאָר ניט געטאנצט, וואלט די זאך אויף העלפט שוין דא געווען ערקלעהרט. וואלט ער יא אנגעהויבען וואלסירען, אבער ניט וואלסירט מיט ווערא פּאוולאוונא, וואלט די זאך אין גאנצען געווען ערקלעהרט דא אויף אן ארט. ער איז אבער געווען א צו פלינקער קינסטלער אין זיין ראליע, ער האָט ניט געוואלט וואלסירען מיט ווערא פּאוולאוונא, ער האָט אבער באלד פערשטאנען, אז דאס וואלט מען באמערקט. דערפאר איז נאָך א קורצע ניט ענטשלאסענהייט, וואס האָט קיין דירעקטע שייכות ניט געהאָט צו ווערא פּאוולאוונא, ניט צו קיינעם אין דער וועלט, איז אין זכרון געבליבען נאָר איין לייכטע פראגע, וועלכע וואלט געבליבען ניט באמערקט אפילו פאר איהר, כאָטש די גאסט האָט געשושקעט, אויב די זעלבע גאסט וואלט ניט אריינגעשושקעט א גרויסע סך אזוינע גאנץ פּיצינקע, גאנץ ניט בעדייטענדע פראגען.

פארוואס צום ביישפּיעל, ווען זיי האָבען, געהענדיג צוריק פון מערצאלאווס, געהאלטען אין אבמאכען צו פאהרען מארגען אין אפּערא, צו הערן „די פּוריטאנער“ און ווען ווערא פּאוולאוונא האָט געזאגט דעם מאן: „מיין ליעבינקער, דו האָסט ניט ליעב די אפּערא, דיר וועט זיין לאנגווייליג, איך וועל פאהרען מיט אלעקסאנדר מאטוויייאיטשען: דאכט זיך, פאר איהם איז יעדע אפּערא א גענוס, און ווען אפילו איך אדער דו וואלטען עס אנגעשריבען, וואלט ער אויך געגאנגען הערן“, פאר וואס האָט קירסאנאוו ניט געשטיצט ווערא פּאוולאוונא, ניט געזאגט: „אין אמת'ן, דימיטרי, איך וועל פאר דיר קיין בילעט ניט נעהמען“, פאר וואס איז עס אזוי? דאס, וואס דער ליעבינקער פאהרט דאך, דאס רופט, זעלבסטפערשטענדליך, קיין פראגע

ניט ארויס: ער באגלייט דאך אומעטום די ווייב, זינט זי האָט איהם אמאָל גע־בעטען: „גיב מיר אפּ מעהר צייט״; פון יענער צייט אָן האָט ער עס קיינמאָל ניט פארגעסען: הייסט עס, אז דאס איז גאר ניט וואס ער פאהרט מיט; דאס בע־ווייזט נאָר איינס און דאס זעלבע: אז ער איז א גוטער און אז איהם דארף מען ליעבען. אבער קירסאנאוו ווייס דאך ניט פון דער אורזאך, פאר וואס האט ער ניט אונטערגעהאלטען ווערא פּאווּלאוונאס מיינונג ? געוויס זיינען דאס קלייניג־קייטען, כמעט ניט באמערקטע, און ווערא פּאווּלאוונא געדיינקט זיי כמעט ניט, אבער די ניט בעקאנטע זעמדעלאך פאלען אלץ און פאלען אויפ׳ן וואגשאל, כאטש מען האט זיי ניט באמערקט. אדער צום ביישפּיעל, אזא געשפּרעך איז שוין ניט קיין זעמדעל, נאר א גרויסער קערן.

אויפ׳ן צווייטען טאג, ווען מען איז געפאהרען אין אפּערא אין א קארעטע (דאס איז ביליגער ווי צוויי דראזשקעס) האָט מען צווישען אנדערע געשפּרעכען געזאגט עטליכע ווערטער וועגען די מערצאלאווס, ביי וועמען מען איז נעכטען גע־ווען, מען האָט געלויבט זייער הארמאנישען לעבען, מען האָט באמערקט, אז דאס איז א זעלטענהייט ; דאס האָבען אלע געזאגט, אין דעם צאהל — אויך קירסאנאוו, וועלכער האָט באמערקט: „אין מערצאלאוו׳ן איז זעהר גוט אויך דאס, וואס די ווייב קען פאר איהם פריי עפענען איהר נשמה״; נאר דאס האָט קירסאנאוו געזאגט, און יעדער איינער פון זיי דריי האָט געטראכט צו זאגען דאס זעלבע, אבער עס האָט אזוי פאסירט, אז קירסאנאוו האָט עס געזאגט; אבער צו וואס האָט ער עס געזאגט? וואס בעדייט עס? אויב מען זאָל עס בעגרייפען פון א געוויסער זייט, וואס וועט עס הייסען ? דאס וועט זיין א לויב צו לאפּוכאוו׳ן ; דאס וועט זיין א לויב גע־זאגט צו ווערא פּאווּלאוונאס גליק מיט לאפּוכאוו׳ן; געוויס האָט מען עס געקאנט זאגען ניט טראכטענדיג וועגען קיינעם אויסער די מערצאלאווס אליין; אויב מען זאָל אבער מיינען, אז ער האָט געדיינקט וועגען די מערצאלאווס, און, צוזאמען מיט זיי, אויך וועגען די לאפּוכאווס, דאמאלט, הייסט עס, אז עס איז געזאגט געווארען גלייך פאר ווערא פּאווּלאוונא: מיט וועלכען צוועק איז עס געזאגט געווארען ?

דאס איז שוין שטענדיג אזוי: אויב ביי א מענשען האָט זיך געוויזען א שטי־מונג עפּעס וואס צו זוכען, געפינט ער אין אלץ דאס וואס ערזוכט: עס מעג קיין שפּור ניט זיין און ער געפינט דאך א קלאהרען שפּור; עס מעג ניט זיין אפילו קיין

שאטען, ער געפינט אבער ניט נאר א שאטען פון דעם וואס ער דארף, נאר אויך **אלץ** וואס ער דארף; ער זוכט אלץ אין די קלאהרסטע שטריכען און די שטריכען ווערן מיט יעדען נייעם בליק, מיט יעדען נייעם געדאנק אלץ קלאהרער.

דא איז אבער אויסער דעם באמת געווען א בולט'ער פאקט, וואס האט אין זיך ערהאלטען א פולע פארענטפערונג פון דער זאך: עס איז קלאהר, אז קירסאנאוו אכטעט די לאפּוכאווס; פאר וואס זשע איז ער פולע צוויי יאהר מיט זיי זיך פאר־נאנדער געגאנגען? עס איז קלאהר, אז ער איז א פאלשטענדיגער אנשטענדיגער מענש; ווי אזוי זשע איז געשעהן, אז ער האט זיך ארויסגעשטעלט, ווי א וואולגא־רער מענש? אזוי לאנג ווי ווערא פּאוולאוונא האט ניט געהאט קיין נויטווענדיגקייט צו טראכטען וועגען דעם, האט זי ניט געטראכט, ווי עס האט ניט געטראכט לאפּו־כאוו; איצט אבער האט איהר געצויגען צו טראכטען.

6

לאנגזאם, ניט באמערקטערהייט פאר איהר אליין, איז אין איהר צייטיג געווא־רען די ענדעקונג. עס האט זיך אלץ מעהר אנגעקליבען קליינע, אזוינע וואס מען פאר־געסט אלץ, איינדריקע פון קירסאנאווס ווערטער און האנדלונגען, וואס וואלטען פון יעדען אנדערן געבליבען ניט באמערקט, וועלכע מען האט כמעט ניט געקאנט זעהן, אבער וועלכע מען האט נאר געקאנט פארדעכטיגען, טרעפען; לאנגזאם האט גע־וואקסען דער אינטערעס צו דער פראגע: פאר וואס ער האט כמעט דריי יאהר איהר אויסגעמיטען? לאנגזאם איז פארשטארקט געווארען דער געדאנק: אזא מאן האט זיך ניט געקאנט דערוויטערן צוליעב קליינליכע אייגענליעבע, וואס ער באַ־זיצט בכלל נים; און הינטער דעם אלץ, וועגען וואס עס האט זיך אלץ געטראכט, האט נאך טונקעלער, און לאנגזאמער זיך אויפגעהויבען פון דער טיעפעניש פון לעבען צום בעוואוסטזיין דער געדאנקען: פאר וואס טראכט איך וועגען איהם? וואס איז ער אזוינס פאר מיר?

אט אזוי איז ווערא פּאוולאוונא איינמאל נאכמיטאג געזעסען ביי זיך אין צימער, האט גענייט און געטראכט זעהר רוהיג; און געטראכט האט זי גאר ניט וועגען דעם, נאר וועגען סתם זאכען אין דער וועלט אריין, וועגען דער בעל הביתיש־קייט, וועגען די שטונדען. אבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האבען איהרע געדאנקען

זיך דערנעהענטערט צו דעם, וועגן וואס זי האָט אין דער לעצטער צייט, ניט ווי־סענדיג פאר וואס, אַלץ מעהר און מעהר געטראַכט: עס האָבען זיך באוויזען ער־אינערונגען, פראַגען קליינע, ניט פיעל, זיי זיינען אבער געוואַקסען, זיך פאַרמעהרט, און אַט ווערן זיי געבאַרען אין מאַרך שוין טויזענדערוויין, זיי וואַקסען אַלץ מעהר און זיי אַלע גיסען זיך צוזאַמען אין איין גרויסע פראַגע, וועמעס פאַרמען עס ווערן אַלץ קלאָהרער: וואס זשע טהוט זיך מיט מיר? וועגען וואס טראַכט איך, וואס פיהל איך? און ווערא פּאַוולאָוונאַס פינגער פאַרגעסען צו ניהען און די נייעריי לאָזט זיך אַרונטער פון ווערא פּאַוולאָוונאַס אַרונטערגעלאָזענע הענד, און ווערא פּאַוולאָוו־נאַ איז אביסעל בלייך געוואָרען, איז רויט געוואָרען, ווידער מעהר בלייך געוואָרען, דער פייער האָט זיך אנגעריהרט אַן איהרע ברענענדיגע באַקען — איין אויגענבליק, זיי זיינען ווייס געוואָרען ווי שניי; מיט א בלאַנדשענדיגען בליק אַז זי איז אריינ־געלאָפען אין מאַנס צימער, האָט זיך געוואָרפען פאר איהם אויף די קניע, ציטערנדיג איהם ארום גענומען, האָט אוועקגעלייגט די קאָפּ ביי איהם אויף די פּלייצע, כדי איהר קאָפּ זאָל אונטערגעהאַלטען ווערן און כדי איהר געזיכט זאָל זיין פאַרדעקט און מיט א שטיקענדיגער שטים האָט זי ארויסגעזאָגט: „מיין ליעבער, איך ליעב איהם“, און זי האָט זיך פאַרנאַנדערגעוויינט.

— נו איז וואס, מיין ליעבע? וועגען וואס ערגערסט דו זיך אזוי?

— איך וויל דיר ניט באַליידיגען, מיין ליעבער, איך וויל דיר ליעבען.

— באַמיה זיך, מיר וועלן זעהן. אויב דו קענסט, איז זעהר שעהן. בארוהיג זיך, לאָז דער צייט געהן איהר וועג און דו וועסט זעהן וואס דו קענסט און וואס דו קענסט ניט. דו ביזט דאָך זעהר שטאַרק צוגעבונדען צו מיר, ווי אזוי קענסטו מיך באַ־ליידיגען? ער האָט איהרע האָר געגלעט, געקושט איהר קאָפּ, געדריקט איהר האַנד. זי האָט לאַנג ניט געקאָנט אבהאַלטען איהר קאַנוואַלסיוועז יאָמערן אויפ'ן קול, דאָך ביסלעכווייז האָט זי זיך באַרוהיגט. ער אבער איז שוין לאַנג געווען פאַרבע־רייטעט צו אזא ודוי און דערפאר האָט ער עס קאַלט אויפגענומען: איבריגענס האָט זי זיין געזיכט ניט געזעהן.

— איך וויל איהם ניט זעהן און וועל איהם זאָגען, ער זאָל צו אונז ניט קומען, האָט ווערא פּאַוולאָוונא געזאָגט.

— ווי דו וועסט אליין געפינען פאַר ריכטיג, מיין פריינד, ווי עס איז בעסער

פאר דיר, אזוי וועסטו טהאָן. און ווען דו וועסט זיך בארוהיגען, וועלען מיר זיך מישב זיין. מיר קענען דאך ניט ניט זיין קיין פריינד מיט דיר, וואס עס זאל ניט פאַסירען? גיב די האנד, דריק מיין האנד, דו זעהסט, ווי גוט דו דריקסט — יעדעס איינע פון די ווערטער איז ארויסגעזאגט געווארען נאך א לאנגע הפסקה, און די הפסקות זיינען געווען אנגעפילט דערמיט, וואס ער האָט איהר געגלעט פאר די האָר, האָט איהר געלאשצעט ווי א שוועסטער, וואס האָט עגמת נפש — געדיינקסטו, מיין פריינד, וואס דו האָסט מיר געזאגט בעת מיר זיינען געווארען חתן־כלה? „דו לאזט מיך ארויס אויף דער פרייער וועלט"! ווידער שווייגט מען, ווידער צערטעלט ער איהר. — געדיינקסטו, וואס מיר האָבען מיט דיר גערעדט צום ערשטען מאָל, וואס דאס הייסט ליעבען א מענשען? דאס הייסט זיך פרעהען דערמיט, וואס איז גוט פאר איהם, האָבען אין דעם פארגניגען, אום צו טהאָן אלץ וואס איז נויטיג, איהם זאל בעסער זיין, איז עס אזוי? ווידער שווייגט מען, ווידער צערטליכקייטען — וואס פאר דיר איז בעסער, דאס פרעהט מיך אויך. דו וועסט אבער נאָך זעהן, וואס פאר דיר איז בעסער, טו פאר וואס נעהמסטו זיך אזוי צום הארצען? אויב מיט דיר איז קיין אומגליק ניט געשעהן, טו וואס פאר אן אונגליק קען זיין מיט מיר?

אין די אבגעריסענע ווערטער, וועלכע האָבען זיך ווידערהאלט פיעל מאָהל מיט געוויינליכע לייכטע ענדערונגען אין דעם נוסח, איז אוועק פיעל צייט, וואס איז געווען שווער פאר ביידען, אי פאר לאפּוכאוו'ן, אי פאר ווערא פּאוולאוונא. אבער זיך בארוהענדיג ביסלעכווייז, האָט ווערא פּאוולאוונא ענדליך גענומען לייכטער אטהעמען, זי האָט ארומגענומען דעם מאן שטארק, שטארק און אלץ געטענה'עט: „איך וויל דיך ליעבען, מיין ליעבער, דיך אליין, איך וויל קיינעם ניט ליעבען אויסער דיך".

ער האָט איהר ניט געזאגט, אז דאס איז שוין ניט אין איהר מאכט: מען האָט געדארפט געבען א מעגליכקייט די צייט פארבייצוגעהן, כדי זי זאל קענען קומען צו זיך דורך דעם וואס זי וועט זיך בארוהיגען אויף איין געדאנקען — וואס פאר א געדאנק עס זאל ניט זיין, איז גאנץ גלייך. לאפּוכאוו האָט באוויזען אויפצושרייבען און אבצוגעבען מאשע'ן א צעטל צו קירסאנאוו'ן, אויף דעם פאל, אויב ער קומט: „אלעקסאנדר" קום איצט ניט אריין און קום ניט צופאהרען ביז א געוויסע צייט; עס האָט קיין זאך באזונדערס ניט פּאסירט און עס וועט ניט פּאסירען, אבער מען דארף אברוהען". מען דארף אברוהען און עס איז קיין זאך ניטא באזונדערס —

א גוטע צוזאמען־פארעניש פון ווערטער. קירסאנאוו איז געווען, האָט דורך געלייענט דעם צעטל, האָט געזאגט מאשע׳ן, אז ער איז נאָר נאך דעם צעטל פארפאהרען, און אז איצט האָט ער ניט נאך וואס אריינצוגעהן, ער מוז זיין אין אן אנדער פלאץ, און אז ער וועט אריינפאהרען אויף צוריק וועגס, ווען ער וועט ערפילען די בקשה, וואס עס שטעהט אין צעטל.

דער אבענד איז לפנים אריבער רוהיג, א העלפט צייט איז ווערא פאוולאוונא שטיל געזעסען אין איהר צימער אליין, אוועקשיקענדיג דעם מאן; א העלפט צייט איז ער געזעסען לעבען איהר און האָט איהר בארוהיגט מיט די זעלבע אייגענע ווערטער, און ניט אזוי מיט די ווערטער, ווי מיט דעם וואס זיין שטים איז געווען א גלייכע, א רוהיגע, זעלבסטפערשטענדליך ניט גאָט ווייס ווי פרעהליך, אבער אויך ניט אומעטיג, נאָר אביסעל פארטראכט. דאס געזיכט אויך דאס זעלבע. הערנדיג אזא שטים, קוקענדיג אויף אזא געזיכט, האָט ווערא פאוולאוונא גענומען דענקען, ניט אין גאנצען, נאר אביסעל, ניין, ניט אביסעל, נאָר טאקי אין גאנצען, אז עס האָט קיין וויכטיגע זאך ניט פאסירט, אז זי האָט אנגענומען פאר א שטאַרקע ליידענ־שאפט אן איינפאכע פאנטאזיע, וואס וועט פארשווינדען אין עטליכע טעג, ניט איבערלאזענדיג קיין שפור; אדער, צו האָט זי געטראכט, אז זי דענקט גאָר ניט אזוי, אז זי פיהלט, אז דאס איז ניט אזוי? ניין, דאס איז ניט אזוי, ניין, עס איז אזוי, האָט זי אלץ פעסטער געטראכט, אז זי דענקט אזוי — און אט טראכט זי טאקי באמת אזוי; און ווי קען זי ניט טראכטען אזוי, ווען זי הערט די שטילע גלייכע שטים, וואס האלט אלץ אין איבערחזרן, אז עס איז קיין וויכטיגע זאך ניט געשעהן? רוהיג איז זי איינגעשלאפען ביי דער שטים, האָט געשלאפען שטארק, און האט די גאסט מעהר ניט געזעהן, האָט זיך אויפגעכאפט שפעט און זיך אויפ־כאפענדיג, האָט זי דערפיהלט אין זיך מונטערקייט.

„די בעסטע צושטרייאונג פון געדאנקען איז די ארבייט, — האָט ווערא פאוו־לאוונא געטראכט, און געטראכט גאנץ ריכטיג — איך וועל אבזיצען גאנצע טעג אין ווארקשטאט ביז איך וועל זיך ניט אויסהיילען, דאס וועט מיר העלפען“.

זי האָט אנגעהויבען צו פארברייינגען א גאנצען טאג אין ווארקשטאט. דעם ערשטען טאג האָט זי באמת זיך שטארק אבגעריסען פון איהרע געדאנקען; דעם צווייטען טאג איז זי נאר פארמאטערט געווארען, אבער זיך ווייניג אבגעריסען פון די געדאנקען; דעם דריטען טאג האָט זי זיך שוין גאָר ניט אבגעריסען פון זיי.

דער קאמפף איז געווען א שווערער. ווערא פאוולאוונאס געזיכטס פארב איז געווארען בלאס. אבער לפנים איז זי געווען אין גאנצען רוהיג, האט זיך זאגאר געגעבען מיה אויסצוזעהן היימלאך, און דאס האט איהר זאגאר זיך איינגעגעבען אהן הפסקות. אבער אויב קיינער האט גאר ניט באמערקט, און די בלייכקייט האט זיך ערקלעהרט דורך א לייכטע ניט געזונדקייט, האט אבער לאפוכאוו עס ניט געקאנט אזוי זעהן און טראכטען, ער האט דאך געוואוסט און ער האט ניט געהאט וואס נאך צוקוקען.

— וועראטשקא — האט ער אנגעהויבען אין א וואך ארום — מיר לעבען מיט דיר לויט דעם שפריכווארט, אז א שוסטער געהט שטענדיג אהן שטיוועל, און א קלייד ליעגט אויף א שניידער שטענדיג שלעכט. מיר לערנען אנדערע צו לעבען נאך אונזערע עקאנאמישע פרינציפען, און מיר אליין דענקען גאר ניט לויט זיי איינצוארדנען אונזער לעבען. איין גרויסע בעל־הביתישקייט איז דאך בעסער, ווי עטליכע קליינע? איך וואלט געוואלט דיזען כלל אנווענדען צו אונזער אייגענער בעל־הבתישקייט. אויב מיר וואלטען אנגעהויבען וואהנען צוזאמען מיט וועלכע עס איז אנדערע, וואלטען מיר און יענע אנדערע געשפארט א העלפט פון אונזערע הוצאות. איך וואלט אין גאנצען געקאנט אוועקווארפען די פארשאלטענע שטונדען, וואס האבען מיר אזוי דערעסען — עס וואלט געווען גענוג די געהאלט פון פאבריק אליין, איך וואלט זיך אבגערוהט און זיך גענומען פאר א וויסענשאפטליכע ארבייט און וואלט ווידער מיין קאריערע געמאכט. מען דארף נאר זיך צוזאמענקומען מיט אזוינע מענשען, מיט וועלכע מען קען זיך איינלעבען. וואס דענקסטו וועגען דעם?

ווערא פאוולאוונא האט שוין לאנג געקוקט אויפ'ן מאן מיט די זעלבע אויגען, פערדעכטיגטע און ברענענדיגע פון צארן, מיט וועלכע קירסאנאוו האט געקוקט אויף איהם אין דעם טאג פון טעארעטישען געשפרעך. ווען ער האט געענדיגט, האט איהר געזיכט געפלאקערט.

— איך בעט דיר אויפהערן דעם געשפרעך, ער פאסט זיך גאר ניט.

— פאר וואס וועראטשקא? איך רייד נאר וועגען די געלד נוצען. אזוינע ניט רייכע מענשען, ווי דו און איך קענען עס ניט אוועקמאכען מיט'ן האנד. מיין ארבייט איז שווער, א טייל פון איהר איז פאר מיר אבשטויסענד.

— מיט מיר קען מען אזוי ניט ריידען, — ווערא פאוולאוונא איז אויפגעשטא־

נען: — איך וועל ניט ערלויבען ריידען צו מיר מיט אנצוהערענישען. האב דעם מוטה צו זאגען, וואס דו האסט געוואלט זאגען!

— איך האב נאר געוואלט זאגען, ווראטשקא, אז נעהמענדיג אין אנבע־טראכט די נוצען, וואלט געווען גוט פאר אונז...

— ווידער שווייג! ווער האט דיר געגעבען דאס רעכט צו זיין אן אפעקון איבער מיר? איך האס דיר! — זי איז שנעל אוועק אין איהר צימער און זיך פארמאכט.

דאס איז געווען זייער ערשטער און לעצטער קריעג.

ביז שפעט אין אבענד איז ווערא פאוולאוונא אבגעזעסען פארמאכטערהייט, נאכהער איז זי אריין אין מאנס צימער.

— מיין ליעבער, איך האב דיר געזאגט צו שארפע ווערטער, זיי ניט אין כעס. דו זעהסט איך קעמפף, אנשטאט מיך צו שטיצען, האסטו אנגעהויבען העלפען דאס, געגען וואס איך קעמפף, האפענדיג — יא, האפענדיג אז איך וועל ביישטעהן.

— זיי מיר מוחל, מיין פריינד, וואס איך האב אנגעהויבען אזוי גראב. אבער מיר זיינען דאך שלום! זאלן מיר זיך דורכריידען.

— א, יא! מיר זיינען שלום, מיין פריינד. אבער האנדעל ניט געגען מיר. מיר איז שווער געגען זיך אליין צו קעמפפען.

— און אומזיסט, ווראטשקא. דו האסט זיך געגעבען צייט צו בעטראכטען דיין געפיהל, דו זעהסט, אז עס איז ערנסטער, ווי דו האסט אין אנפאנג געקאנט טראכטען. צו וואס זיך מאטערן?

— ניין, מיין ליעבער, איך וויל דיך ליעב האבען, און איך וויל ניט, איך וויל ניט דיר קריינקען.

מיין פריינד, דו ווילסט מיר טהאן גוטעס. דענקסטו דען, אז מיר איז אנ־גענעהם אדער נויטיג, אז דו זאלסט זיך מאטערן?

— מיין ליעבער, אבער דו ליעבסט מיך דאך אזוי!

— געווים, ווראטשקא, זעהר; וואס איז וועגען דעם צו ריידען, מיר אבער פארשטעהן דאך, וואס איז אזוינס ליעבע. צו דען באשטעהט זי ניט אין דעם, וואס דו פרעהסט זיך מיט דער פרייד, און ליידעסט פון די ליידען פון יענעם,

ווענען דו ליעבסט? מאטערנדיג זיך, מאטערסטו מיך.

— אזוי איז עס, מיין ליעבער: אבער דו ווענסט דאך ליידען, אויב איך וועל נאך געבען יענעם געפיהל, וואס — איך פארשטעה ניט, צו וואס עס האט זיך ביי מיר אזא געפיהל ערוועקט! איך פארשילט איהם!

ווי אזוי איז עס געבארען געווארען, צו וואס איז עס געבארען געווארען — דאס אלץ קען מען שוין ניט איבערמאכען. איצט בלייבט נאר איין אויסוואהל: ענטווידער דו זאלסט ליידען און איך זאל ליידען דורך דעם; אדער דו זאלסט אויפ־הערן ליידען און איך אויך.

— אבער, מיין ליעבער, איך וועל ניט ליידען — דאס וועט פארביי. דו ווענסט זעהן, אז עס וועט פארביי.

— איך דאנק דיר פאר דיין אנשטרענגען זיך. איך שאץ עס הויך, ווייל דאס ווייזט אין דיר א ווילען צו ערפילען דאס, וואס דיר דאכט זיך פאר נויטיג. ווייס אבער, ווראטשקא: אז דאס איז נויטיג קוקט אויס נאר דיר, ניט מיר. איך קוק פון דער זייט, מיר איז קלעהרער דיין לאגע איידער דיר. איך ווייס, אז דאס איז נוצלאז. קעמפף, כל זמן דו האסט קרעפטען, אבער טראכט ניט וועגען מיר, דו ווענסט מיך באליידיגען. דו ווייסט דאך, ווי איך קוק אויף דעם; דו ווייסט, אז מיין מיינונג וועגען דעם איז פעסט אין מיר און גערעכט פאר זיך אליין — דו ווייסט דאך דאס אלץ. צו דען ווענסטו מיך אבנארען? צו דען ווענסטו אויפהערן מיר אכטען? מען קען זאגען נאך מעהר: צו וועט דיין צובונד צו מיר שוואכער ווערן דורך דעם, וואס זיין כאראקטער האט זיך געביטען? אדער, צו וועט גאר ניט זיין פונקט פארקעהרט: דערפאר וואס דו האסט אין מיר קיין שונא ניט גע־פונען וועט דער צובונד נאך שטארקער ווערן? האב מיט מיר קיין רחמנות ניט: מיין שיקזאל וועט בשום אופן ניט זיין קיין קלעגליכער, וואס דו ווענסט צוליעב מיר ניט פארלירען דעם גליק. אבער גענוג, וועגען דעם איז שווער פיעל צו ריידען, און פאר דיר צו הערן איז נאך שווערער. נאר געדיינק ווראטשקא, וואס איך האב דיר געזאגט, זיי מיר מוחל, ווראטשקא. געה צו זיך טראכטען און בעסער זיך אויסרוהען. טראכט ניט וועגען מיר, טראכט וועגען דיר. נאר טראכטענדיג וועגען זיך, קענסטו מיר אויך ניט פארשאפען קיין אומזיסטען צער. —

## 7

אין צוויי וואכען ארום, ווען לאפוכאוו איז געזעסען אין פאבריק קאנטאר, האט ווערא פאוולאנא פערבראכט א גאנצען פריהמארגען אין גרויס אויפרעגונג. זי האט זיך אנידער געווארפען אויפ'ן בעט, האט פארדעקט דאס געזיכט מיט די הענד, און אין א פערטל שעה ארום איז זי אויפגעשפרונגען, איז ארומגעגאנגען איבערן צימער, איז ארייגעפאלען אין פוטעל, און האט ווידער גענומען ארומגעהן מיט ניט גלייכע, שטארקע טריט, און ווידער זיך געווארפען אין בעט, און ווידער ארום געגאנגען, עטליכע מאל איז זי צוגעגאנגען צום שרייב טיש, איז געשטאנען ביי איהם, צוריק אבגעלאפען, ענדליך זיך געזעצט, אנגעשריבען עטליכע ווערטער, פארקלעפט, און אין א האלבע שעה ארום האט זי געכאפט דעם בריעף, האט צוריסען, פארברענט, און זיך ווידער לאנג ארומגעווארפען, האט ווידער אנגעשריבען א בריעף, ווידער צוריסען און פארברענט, און ווידער זיך געווארפען, ווידער אנגעשריבען, און, היילענדיג זיך, קוים עס פארקלעפענדיג און זיך ניט געבענדיג קיין צייט אנצושרייבען דעם אדרעס, איז זי שנעל ארייגעלאפען אין מאנס צימער, האט דעם בריעף אווארף געטהאן אויפ'ן מאנס טיש און אליין ווידער אנטלאפען אין איהר צימער, זיך ארייגעזעצט אין פוטעל און איז געזעסען זיך ניט ריהרענדיג און האלטענדיג דאס געזיכט פארדעקט מיט די הענד; א האלבע שעה, פיליכט א שעה, איז אוועק — אט הערט זיך א קלונג: דאס איז ער, זי איז אוועקגעלאפען אין קאבינעט צוכאפען דעם בריעף, צורייסען, פארברענען — אבער וואו איז דער בריעף? ניטא! וואו איז ער אבער? זי האט שנעל גענומען זוכען צווישען די פאפירען: וואו איז ער? אבער מאשא האט שוין געעפענט די טהיר, און לאפוכאוו האט פון שוועל געזעהן, ווי ווערא פאוולאוונא איז שנעל פארביי פון זיין קאבינעט אין איהר צימער א צורודערטע, א בלייכע.

ער איז איהר ניט נאכגעגאנגען, נאר איז גלייך אריין אין קאבינעט; לאנגזאם ארומגעקוקט דעם טיש; יא, שוין עטליכע טעג, ווי ער האט ערווארט עפעס אזוינס, א געשפרעך אדער א בריעף; און אט איז דער בריעף, אהן אן אדרעס, אבער איהר זיגעל; געוויס, ענטוועדער זי האט עס געזוכט אום עס צו פארניכטען, אדער זי האט עס אקארשט א ווארף געטהאן; ניין, זי האט געזוכט: די פאפירען זיינען אין אן אונארדנונג; ווי אזוי האט זי געקאנט געפינען, ווען זי איז געווען אזוי אויפ־

גערעגט, דאס זי האט איהם א ווארף געטהאָן ווי א קויל, וואס ברענט די האנד און עס איז ארויפגעפאלען אויפ'ן פענסטער הינטערן טיש. עס איז כמעט ניט נויטיג צו לייענען: עס איז בעקאנט דער אינהאלט; דאך ניט דורך לייענען, קען מען אויך דאך ניט.

„מיין ליעבער, קיין מאָל בין איך ניט געווען אזוי צוגעבונדען צו דיר, ווי איצט. ווען איך וואלט נאָר געקאנט שטארבען פאר דיר! א, ווי גליקליך וואלט איך געווען צו שטארבען, אויב דו וואלסט פון דעם גליקליכער געווארען! אבער איך קען ניט לעבען אהן איהם, איך פארשאף דיר קריינקונג, מיין ליעבער; איך דער־הרג'ע דיר, מיין פריינד, איך וויל עס ניט. איך טהו עס געגען מיין ווילען. זיי מיר מוחל, זיי מיר מוחל".

ביי א פערטעל שעה, פיליכט מעהר, איז לאפּוכאוו געשטאנען ביים טיש, בעטראכטענדיג די הינטערסטע ווענטל פון שטול. כאטש ער האט פאראויס גע־זעהן דעם קלאפּ, דאך האט עס וועה געטהאָן; כאטש עס איז געווען ארומגע־טראכט און באשלאסען אין פאראויס אלץ, וואס איז און ווי מען דארף טהאָן נאָך אזא בריעף אדער אויסגעשריי, פון דעסטוועגען קען מען מיט אמאָל זיך ניט צוזאמענקליי־בען מיט די געדאנקען. דאך ענדליך האט ער זיינע געדאנקען צוזאמענגעקליבען. ער איז אוועק אין קיך זיך דורכריידען מיט מאשא.

— מאשא, איהר דערלאנגט ניט צום טיש, ביז איך וועל אייך ניט זאגען. איך פיהל זיך ניט געזונד, איך מוז איינגעהמען רפואות פאר'ן מיטאג עסען. איהר ווארט ניט, עסט אליין, זיך ניט איילענדיג: איהר וועט נאָך האבען גענוג צייט, ביז איך וועל קענען עסען. איך וועל דאמאלט אייך זאגען. —

פון קיך איז ער אוועק צו דער ווייב. זי איז געלעגען בעהאלטענדיג דאס גע־זיכט אין די קישענס; ביי זיין אריינגעהן האט זי א ציטער געטהאָן — דו האסט איהם געפונען, דורך געלייענט! מיין גאט, ווי משוגע איך בין! עס איז ניט אמת, וואס איך האב געשריבען, עס איז פון היץ!

— געוויס, מיין פריינד, די ווערטער דארף מען ערנסט ניט נעהמען, ווייל דו ביזט געווען צופיעל אויפגערעגט. די זאכען ווערן אזוי ניט באשלאסען. מיר וועלן בעוויייזען מיט דיר נאָך פיעל מאָל ארומצוטראכטען און ארומצוריידען, ווענען

דעם רוהיג, ווי וועגען א זאך, וואס איז וויכטיג פאר אונז. איך וויל דערווייל, מיין
פריינד, דיר דערצעהלען וועגען מיינע געשעפטען. איך האב באוויזען צו מאכען
פיעל ענדערונגען — אלע, וואס זיינען נויטיג געווען, און איך בין זעהר צופרידען.
יא, הערסטו, וואס איך רייד? — געוויס האט זי אליין ניט געוואוסט, צו זי הערט
אדער ניט: זי וואלט נאר געקאנט זאגען, אז ווי דארט זאל ניט זיין, צו זי הערט,
צו ניט, נאר זי הערט, אבער זי קען איהם ניט פארשטעהן, וואס זי הערט: אבער
פון דעסטוועגען הערט זי דאך פארט אויף אזוי ווייט צו וויסען, אז עס רעדט זיך
וועגען עפעס אן אנדער זאך וואס האט קיין שייכות ניט מיט'ן בריעף, און ביסלעכ־
ווייז האט זי גענומען זיך איינהערען, ווייל עס האט איהר געצויגען דערצו: די
נערוועז ווילען זיך באשעפטיגען מיט עפעס אן אנדער זאך, ניט דעם בריעף, און
כאטש זי האט לאנג ניט געקאנט פארשטעהן, פון דעסטוועגען האט זי זיך בארוהיגט
פון דעם קאלטען און צופרידענעם טאן פון מאנס שטים: נאכהער האט זי זאגאר
אנגעהויבען צו פארשטעהן — יא, דו הער זיך צו, ווארום פאר מיר זייען עס גאנץ
וויכטיגע זאכען. אהן אויפהער האט דער מאן גערעדט נאך יעדער פראגע: „צו
הערסטו"? — יא, עס זיינען זעהר אנגענעהמע ענדערונגען פאר מיר, און ער דער־
צעהלט מיט איינצעלהייטען: דריי פיערטעל דערפון ווייס זי דאך, ניין, זי ווייס
גליך, נאר זאל זיין אזוי: זאל ער דערצעהלען, ס'אר א גוטער ער איז! און ער
דערצעהלט: אז די שטונדען האבען איהם שוין לאנג דערעסען און פאר וואס, און
וועלכע פאמיליעס, און וועלכע שילער עס האבען איהם דערעסען, און וועלכע בע־
שעפטיגונגען עס האבען איהם אין פאבריק קאנטאר ניט דערעסען, ווייל עס איז
וויכטיג, עס גיט צו איינפלוס אויפ'ן פאלק פון א גאנצער פאבריק, און ווי אזוי ער
בעוויזט דארט עפעס וואס אויפצוטהאן: האט אויסגעפונען בעלנים זיך צו לער־
נען לייענען און שרייבען, זיי אויסגעלערנט ווי אזוי צו לערנען, ווי ער האט פון די
פירמע ארויסגעקראגען געלד פון די לעהרער כאטש גאנץ ווייניג, דערווייזענדיג.
אז די ארבייטער וועלן דורך דעם ווייניגער איבערפיהרען מאשינען און ארבייט.
ווייל א דאנק דעם וועט מען ווייניגער הולענען און ווייניגער שכור'ע אויגען וועלן
קוקען, און ווי אזוי ער רייסט אפ די ארבייטער פון שכר'ן, צו וועלכען צוועק ער
קומט אפט אין זייערע עס-פלעצער — און נאך א סך זאכען. דער עיקר איז, אז
ער שטעהט אויף א פעסטען מעמד אין דער פירמע אלס א טהעטיגער מענש, וואס
קען אבטהאן אן עסק, און ער האט ביסלעכווייז אריינגענומען די געשעפטען אין זיינע

הענד, און אז צו ענד פון דער ערצעהלונג און אלס דער גאנצער תוך פון דעם איז פאר לאפוכאוו'ן ארוים אט וואס: ער בעקומט די שטעל פון א געהילף פערוואלטער פון דער פאבריק, דער פערוואלטער איז נאר אן עהרען פערזאן, איינער פון די פירמע מיט אן עהרען געהאלט, פערוואלטען די פאבריק וועט ער; דער מיטגליעד פון דער פירמע האט נאר אונטער דער בעדינגונג אנגענומען די שטעל פון פערוואלטער. „איך, זאגט ער, קען ניט, ווי קום איך דערצו". — „איהר פארנעהמט נאר די שטעל, כדי עס זאל זיצען אויף דער שטעל אן עהרליכער מענש, אין דער פערוואלטונג דארפין איהר זיך ניט מישען, דאס וועל איך שוין טהאן" — „נו, אויב אזוי וועל איך די שטעל אננעהמען"; אבער וויכטיג איז דאך ניט די מאכט; וויכטיג איז, וואס ער באקומט איצט געהאלט 3500 רובעל, אויף 1000 רובעל מעהר, ווי ער פלעגט ביז איצט פארדינען פון אלץ צוזאמען: אי פון דער צופעליגער ליטעראַרישער ארבייט, אי פון שטונדען, אי פון פריהערדיגער שטעל אויף'ן פאבריק; הייסט עס, אז איצט קען מען אלץ אוועקווארפען אויסער דער פאבריק — ווי אויסגעצייכענט עס איז. און דערצעהלט האט ער עס מעהר ווי אין א האלבע שעה צייט, און צו ענד פון דער ערצעהלונג קען שוין ווערא פאוולאוונא זאגען, אז אין אמת'ן איז עס גוט, און זי קען שוין ברייננען איהרע האר אין ארדנונג און געהן עסען.

און נאכ'ן מיטאג עסען באקומט מאשא 80 קאפיקעס אין זילבער צו נעהמען א דראזשקע, ווארום זי געהט אין גאנצע פיער ערטער, איבעראל וועט זיי בעווייזען לאפוכאוו'ס צעטל, אז מיר זיינען, הייסט עס, פריי און מיר וועלן מיט פארגניגען אייך זעהן ביי זיך: און אין איינינע צייט ארום בעווייזט זיך דער שרעקליכער ראכמעטאוו, און נאך איהם קומט א גאנצע כאלאסטרע יונגע לייט, און עס הייבט זיך אן א פארביסענער וויסענשאפטליכער געשפרעך, וואו יעדער ווערט באשולדיגט פון אלע אנדערע אין אלע מעגליכע סתירות, און איינינע פארדעטהער צו די הויכע געשפרעכען העלפען ווערא פאוולאוונא ווי עס איז פארברייננען דעם אבענד, און אין מיטען אבענד הויבט זי אן צו פארשטעהן, וואו מאשא איז פארפאלען גע־ווארען, וואס פאר א גוטער מאן! יא, דערווייל איז ווערא פאוולאוונא געווען באמת צופרידען מיט איהרע יונגע געסט, כאטש זי האט מיט זיי זיך ניט געמאכט נאריש און איז געזעסען רוהיג. זי איז אבער געגרייט געווען יעדען איינעם פון זיי צו קושען, אפילו ראכמעטאוו'ן.

די געסט זיינען זיך פארנאנדער געגאנגען דריי אזייגער ביינאכט. און זיי האַ־

בען זעהר גוט געטהאָן, וואס זיי זיינען אזוי שפעט געזעסען. ווערא פאוולאוונא, א פערמאטערטע פון די אויפרעגונג פון טאג, האט זיך קוים אוועקגעלייגט, ווידער מאן איז אריין.

— דערצעהלענדיג וועגען פאבריק, מיין פריינד ווראטשקא, האב איך פאר־געסען דיר צו זאגען איין זאך וועגען מיין נייער שטעל; דאס איז, איבעריגענס, ניט וויכטיג און עס איז ניט ווערטה געווען וועגען דעם צו ריידען, נאר ביי געלע־גענהייט וועל איך זאגען; איך האב אבער א בקשה: איך וויל שלאפען, דו— אויך: איז אויב איך וועל וואס עס איז ניט דערזאגען וועגען דער פאבריק, וועלן מיר מארגען ארומריידען, איצט וועל איך זאגען אין צוויי ווערטער. זעהסטו, ווען איך האב אנגענומען די שטעל פון א פערוואלטער־געהילף, האב איך אויסגעדונגען א בעדינגונג אז איך קען אריין אין מיין אמט, ווען איך וויל, כאטש אין א חודש ארום, כאטש אין צוויי. איצט וויל איך זיך באנוצען מיט דער צייט: פינף יאהר האב איך מיינע אלטעשקע אין ריאזאן ניט געזעהן — איך וועל אריבערפאהרען צו זיי. צום ווידערזעהן, ווראטשקא. שטעה ניט אויף איצט, דו וועסט בעווייזען מארגען. שלאף. —

8

ווען ווערא פאוולאוונא איז, אויפ'ן צווייטען טאג ארויס פון איהר צימער, האבען דער מאן און מאשא שוין געהאלטען אין פארפאקען מיט זאכען צוויי טשעמאדאנעס. און די גאנצע צייט איז מאשא דא געווען ניט אבטרעטענדיג. לאפוכאוו האט איהר געגעבען אזוי פיעל זאכען איינצואוויקלען, צוזאמענצולייגען, איבערצולייגען, אז זי האט ניט געקאנט פארטיג ווערן. ווראטשקא, דו העלף מיר אויך, און טיי האבען אלע דריי דא טאקי געטרונקען, פארנאנדערקלייבענדיג און צוזאמענלייגענדיג די זאכען. ווען ווערא פאוולאוונא האט נאר וואס אנגעהויבען קומען צו זיך, האט שוין דער מאן א זאג געטהאָן: „עס איז האלב עלף אזייגער, שוין צייט צו פאהרען צום וואקזאל".

— מיין ליעבער, איך וועל פאהרען מיט דיר.

— מיין פריינד, ווראטשקא, איך וועל האלטען צוויי טשעמאדאנעס, ניטא וואו זיך צו זעצען, דו זעץ זיך מיט מאשא.

— ניט דאס מיין איך, אין ריאזאן.

— אויב אזוי, וועט מאשא פאהרען מיט די טשעמאָדאנעס, און מיר וועלן זיך זעצען צוזאמען. —

אויף דער גאס קען מען צופיעל אין געפיהלען זיך ניט צוגיסען. און דערצו קלאפט אזוי פון ברוק: לאפוכאוו דערהערט א סך זאכען ניט, אויף א סך זאכען ענטפערט ער אזוי, אז דו הערסט ניט, אדער ער ענטפערט גאָר ניט.

— איך פאָהר מיט דיר אין ריאזאן, טענה'ט ווערא פאוולאוונא.

— דו האָסט דאך נאך די זאכען ניט פערטיג, ווי אזוי וועסטו פאהרען? קליינ זיך, אויב דו ווילסט. ווי דו וועסט זעהן אם בעסטען, אזוי וועסטו טהאָן. איך וואלט דיר נאָר געבעטען אָט וואס: ווארט אויף מיין בריעף. מארגען וועסטו עס באַקומען. איך וועל אנשרייבען און עס אבגעבען ערגעץ וואו אויפ'ן וועג. מארגען וועסטו עס בעקומען,ווארט, איך בעט דיר. —

ווי אזוי זי נעהמט דאס איהם ארום אויף דער גאלערייע פון דער אייזענבאהן, מיט וואס פאר א טרעהרען זי קושט איהם, ארייגלאזענדיג אין וואגאן. און ער רעדט אלץ וועגען זיינע פאבריק אנגעלעגענהייטען, ווי גוט זיי זיינען, און ווי אזוי די אלטעטשקע וועלן זיך דאס דערפרעהען מיט איהם, און ווי אזוי אלץ אין דער וועלט איז גאָר נישט, אויסער געזונד, און אז זי דארף אבהיטען איהר געזונד, און אין לעצטען אויגענבליק פון געזעגענען זיך, שוין פון יענער זייט צאם זאגט ער: — דו האָסט נעכטען געשריבען, אז דו ביזט נאָך קיין מאָל ניט אזוי געווען צוגעבונדען צו מיר, ווי איצט — דאס איז אמת, מיין ליעבע ווערעטשקא. און איך בין צוגעבונדען צו דיר ניט ווייניגער ווי דו צו מיר, און אז זיין צוגעבונדען צו א מענשען הייסט ווינשען איהם גליק, דאס ווייסען מיר מיט דיר זיכער. גליק איז אבער ניטא אהן פרייהייט. דו וואלסט מיר ניט געוואלט שטערן און איך — דיר ניט. און אויב דו וואלסט אנגעהויבען זיך ניט בעקוועם צו מאכען צוליעב מיר, וואלסטו מיר פארשאפט עגמת נפש. טו עס דערפאר ניט, און זאל זיין מיט דיר, ווי דיר איז בעסער, שפעטער וועלן מיר זעהן. דו שרייב אן, ווען איך זאל קומען צוריק. צום ווידערזעהן — מיין פריינד — עס איז שוין דער צווייטער קלונג, שוין לאנג צייט, צום ווידערזעהן.

## 9

דאָס איז געווען ענדע אַפּריל. אין מיטען יוּן איז לאַפּוכאָוו געקומען צוריק: האָט פאַרבראַכט דריי וואָכען אין פּעטערבורג: נאָכהער איז ער אָוועקגעפאָהרען אין מאָסקווע, צוליעב פאַבריק אנגעלעגענהייטען, ווי ער האָט געזאָגט. דעם 9-טען יול איז ער אָוועקגעפאָהרען און דעם 11-טען אין דער פריה איז פאַרגעקומען דער רעטעניש אין האָטעל ביי א סטאַנציע פון מאָסקווער אייזענבאַהן צוליעב דעם. וואָס דער גאַסט איז ניט אויפגעשטאַנען און אין א שעה צוויי אַרום — די סצענע אויף דער קאַמענאַ-אָסטראָווער דאַטשע. איצט וועט שוין דער קלוגער לעזער ניט מאַכען קיין טעות, ווער עס האָט זיך דערשאָסען. „איך האָב שוין לאַנג געזעהן, אז דאָס איז לאַפּוכאָוו“, זאָגט דער קלוגער לעזער, ענטציקט וואָס פאַר א טרעפער ער איז. טו וואו זשע האָט ער זיך אהינגעטהאָן, און ווי אַזוי איז זיין היטעל גע-ווען דורכגעשאָסען? „דאָס איז גאָר ניט, דאָס זיינען אלץ זיינע מחזקות, דאָס האָט ער אַליין אויסגעטראַכט משוגעת'ן“, האַקט זיך ווייטער דער קלוגער לעזער. נו, גאָט איז מיט דיר, זאָל זיין ווי דו ווילסט, דיר קען מען דאָך קיין זאַך ניט איבער-ציינען.

## 10

### א זאַנדערבאַרער מענש.

אין א שעה אַרום ווי קירסאַנאָוו איז אַוועק, איז וועראַ פּאַוולאָוונאַ געקומען צו זיך און איינער פון איהרע ערשטע געדאַנקען איז געווען: מען קען דאָך דעם וואַרקשטאַט ניט איבערלאָזען אַזוי. יאָ, כאָטש וועראַ פּאַוולאָוונאַ האָט האַלט גע-האַט צו בעווייזען, אז דער וואַרקשטאַט געהט פון זיך אַליין, נאָר אין אמת'ן האָט זי געוואוסט אז דאָס נאַרט זי זיך מיט דעם געדאַנק, אז דער וואַרקשטאַט מוז האָבען א פיהרערקע, אז ניט ווערט ער צופאַלען. איבריגענס איז דער געשעפט איצט אָוועקגעשטעלט און עס איז געווען ווייניג וואָס צו טהאָן דערביי. מערצאַלאָוואַ האָט געהאַט צוויי קינדער; אָבער א שעה — אנדערהאַלבען א טאָג, און דאָס אויך ניט אַלע טאָג, קען זי אָבגעבען, זי וועט זיך געוויס ניט ענטזאָגען, זי האָט דאָך איצט אויך פיעל צו טהאָן אין וואַרקשטאַט. וועראַ פּאַוולאָוונאַ האָט גענומען פאַר-גאַנדער קלייבען, וואָס'ערע זאַכען זי האָט צו פאַרקויפען און מאַשאַ'ן האָט זי אָב-

געשיקט פריהער צו מערצאלאווס, בעטן איהר קומען, נאכהער צו דער טענדלערקע רחל, א אידענע א דרעה קאָפּ, ווערא פּאוולאוונאס א גוטע בעקאנטע, מיט וועלכער רחל איז געווען פאלשטענדיג עהרליך, ווי בכלל כמעט אלע אידישע קליין־הענדלער מיט אלע אנשטענדיגע מענשען. רחל און מאשא האָבען געדארפט פארפאהרען אין דער שטאדטישער וואהנונג, צוזאמענקלייבען די דארט פארבליבענע קליידער און זאכען, אויפ'ן וועג פארפאהרען צום פוטער הענדלער, וועמען מען האָט אבגעגעבען אויפ'ן זומער ווערא פּאוולאוונאס פוטערס, און קומען אויף דער דאטשע מיט'ן גאנ־צען פאק, כדי רחל זאל אלץ אבקויפען אגולנע.

ווען מאשא איז ארויס פון טויער, האָט איהר באגעגענט ראכמעטאוו וועלכער האָט שוין ביי א האלבער שעה זיך ארומגעשלעפּט ארום דער דאטשע.

— איהר געהט אוועק, מאשא? אויף לאנג?

— יא, איך וועל זיך אומקעהרען, וואהרשיינליך, שפּעט אין אבענד, האָב א סך צו טהאָן.

— ווערא פּאוולאוונא בלייבט אליין?

— אליין.

— וועל איך ארייַנגעהן און זיצען אנשטאָט אייך, טאמער וועט זי עפּעס דארפען.

— טהוט טאקי אזוי: אז ניט האָב איך מורא געהאַט איהר צו לאזען. יא, איך האָב פארגעסען, הער ראכמעטאוו: רופּט וועמען עס איז פון די שכנים, דארט איז פארהאן די קעכין און די ניאנקע, מיינע פריינד, זיי זאלן דערלאנגען דאס מיטאָג עסען; זי האָט דאך נאך ניט געגעסען.

— ניש־קשה, איך האָב נאָך אויך ניט געגעסען, וועלן מיר עסען אליין. און איהר, צו האָט איהר געגעסען?

— יא, ווערא פּאוולאוונא האָט אזוי ניט אבגעלאזען.

— דאס איז אויך גוט. און איך האָב געמיינט אז זי וועט עס אויך פאר־געסען צוליעב זיך. —

אויסער מאשא און די וואס זיינען געווען גלייך צו איהר, אדער וואס האָבען איהר איבערגעשטיגען דורך דער איינפאכקייט פון נשמה און קליידער, האָבען אלע

מורא געהאט פאר ראבמעטאוו׳ן: אויך לאפוכאוו און קירסאנאוו, און אלע אנדערע וואס האבען פאר קיינעם און פאר קיין זאך ניט מורא געהאט, האבען געפיהלט, צייטענווייז, פאר איהם א געוויסען שרעק. מיט ווערא פאוולאוונא איז ער געווען זעהר פון וויטען: זי האט געפונען, אז ער איז זעהר לאנגווייליג, און ער איז קיין מאל ניט צוגעשטאנען צו איהר געזעלשאפט. ער איז אבער געווען מאשא׳ס ליעבלינג, כאטש ער איז געווען ווייניגער פריינדליך און האט ווייניגער גערעדט מיט איהר ווי אלע אנדערע געסט.

— איך בין געקומען ניט געבעטענערהייט, ווערא פאוולאוונא, — האט ער אנגעהויבען — אבער איך האב געזעהן אלעקסאנדר מאטווייאיטשען און וויים אלץ. דערפאר האב איך זיך אויסגעדריקט, אז איך וועל אפשר זיין נוצליך פאר אייך און איך וועל ביי אייך אבזיצען דעם אבענד. —

נוצליך האט ער טאקי געקאנט זיין שוין אויף אן ארט: העלפען ווערא פאוולאוונא פארנאנדערצוקלייבען די זאכען. יעדער אנדער מענש אויף ראכמעטאווס ארט וואלט אין איין אויגענבליק געווען איינגעלאדען, און וואלט זיך אליין אויסגערופען זיך דערמיט צו פארנעהמען. ער אבער האט זיך אליין ניט אויסגערופען און איז ניט געווען איינגעלאדען. ווערא פאוולאוונא האט איהם נאר געדריקט די האנד און מיט אן אמת׳ן געפיהל האט זי געזאגט, אז זי איז איהם זעהר דאנקבאר פאר זיין אויפמערקזאמקייט.

— איך וועל זיצען אין קאבינעט, — האט ער געענטפערט — אויב איהר וועט וואס עס איז דארפען, וועט איהר מיר ארוף טהאן; און אויב עס וועט ווער קומען, וועל איך עפענען די טהיר, אליין בעאונרוהיגט זיך ניט.

מיט די ווערטער איז ער זיך גאנץ רוהיג אוועק אין קאבינעט. האט ארויסגענומען פון קעשענע א גרויסע שטיק וואורשט, א שטיק שווארצע ברויט — צוזאמען האט עס געוואויגען א פונט פיער, האט זיך אוועקגעזעצט, האט אלץ אויפגעגעסען, זיך באמיהענדיג גוט צו צוקייען, האט אויסגעטרונקען א האלבע פלאש וואסער, נאכהער איז ער צוגעגאנגען צו די פאליצעס מיט די ביכער און גענומען אויסקלייבען וואס צו לייענען: „דאס קען איך"... „ניט אריגינעל"... „ניט אריגינעל"... אט דאס „ניט אריגינעל" איז געווען געזאגט וועגען אזוינע ביכער ווי מעקאליי, גיזא, טיער, ראנקע, גערווינוס. „און אט דאס איז גוט, וואס האט זיך אונטערגעדרייט".

— דאס האָט ער געזאגט, דורכלייענדיג אויפ'ן רוקען פון עטליכע דיקע פענדער „געזאמעלטע שריפטען פון ניוטאָן", זיך איילענדיג האָט ער גענומען פארנאנדער־קלייבען די בענדער, ענדליך האָט ער געפונען דאס וואס ער האָט געזוכט, און מיט ליעבע און מיט א שמייכעל האָט ער געזאגט: אט איז עס, אט איז עס" ד. ה. דער באנד. „באמערקונגען וועגען די נביאות פון דניאל און די חזיונות פון הייליגן יאהאן".
יא, די זייט פון וויסען איז ביי מיר ביז איצט געבליבען אהן א גרינדליכען יסוד. ניוטאן האָט געשריבען דיזען פרוש אויף דער עלטער, ווען ער איז געווען האלב ביים זינען, האלב משוגע. א קלאסישער קוואל איבער דער פראגע וועגען צומישונג פון משוגעת מיט שכל. די פראגע איז דאך א וועלט היסטארישע: אט די צומישונג באגעגענט מען דאך אין אלע פאסירונגען אהן אויסנאהם, כמעט אין אלע ביכער, כמעט אין אלע קעפּ. דא אבער מוז זי זיין אין דער מוסטערהאפטער פארמע: ערשטענס דער געניאלסטער און נארמאלסטער שכל פון אלע שכל'ן וואס איז אונז בעקאנט; צווייטענס איז אויך זיין משוגעת געווען א דערוויזענע משוגעת, אין וועלכע עס איז קיין צוייפעל ניט געווען. הייסט עס, אז דאס איז א גרונד ליגענדער בוך אויף דעם געביט. די דיענסטע שטריכען פון דער אלגעמיינער ערשיינונג דארפען דא זיך ארויסווייזען בולט'ער, ווי ערגעץ אנדערשוואו, און קיינער קען ניט צווייפלען אז דאס זיינען טאקי די שטריכען פון אט דער ערשיינונג, די צומישונג פון שכל מיט משוגעת. א בוך וואס איז ווערטה געלעזען צו ווערן. ער האָט מיט אייפער און פארגניגען גענומען לייענען דאס בוך, וואס איז אין די לעצטע הונדערט יאהר קוים פון וועמען עס איז געלעזען געווארען אויסער פון די קארעקטארס: פאר יעדען איינעם, אויסער ראכמעטאוו'ן עס צו לייענען האָט געהייסען דאס זעלבע ווי עסען זאמד אדער פאלאווינקעס. פאר איהם איז עס אבער געווען געשמאק.

אזוינע מענשען ווי ראכמעטאוו זיינען פארהאן ווייניג: ביז איצט האָב איך באגעגענט נאר אכט מוסטערן פון דעם מין (אין דעם אריינגערעכענט צוויי פרויען); זיי האָבען ניט געהאט קיין עהנליכקייט אין קיין זאך, אויסער איין שטריך. צווישען זיי זיינען געווען מענשען ווייכע און שטרענגע, פארכמורעטע און היימליכע, באַוועגליכע און קאלטבלוטיגע, מענשען, וואס זיינען לייכט אויף טרעהרען (איינער איז געווען מיט א שטרענגער געזיכט, א גרויסער חוזק מאכער; דער צווייטער מיט א הילצערנע געזיכט, א שווייגענדיגער און גלייכגילטיגער צו אלץ; זייביידע האָבען פאר מיר געוויינט עטליכע מאָל, ווי היסטערישע פרויען, און ניט פון זייערע איי־

געגע געשעפטען, נאר אין א געשפרעך סתם אין דער וועלט אריין: בלייבענדיג אליין, האבען זיי, איך בין אין דעם זיכער, געווייגט אפט) און מענשען וואס הערן ניט אויף צו זיין רוהיג. קיין עהנליכקייט האבען זיי אין קיין זאך ניט געהאט, אויסער איין שטריך, אבער דער איין שטריך האט זיי אלעמען פאראייניגט אין איין באזונדערן מין און זיי אבגעטהיילט פון אלע איבריגע. פון די, מיט וועלכע איך בין געוועזן נאהענט, פלעג איך חוזק מאכען, ווען איך פלעג זיין מיט זיי אליין; זיי פלעגען ווערן אין כעס אדער ניט ווערן אין כעס, אבער אליין אויך מיטלאכען איבער זיך. און אין אמת'ן איז געוועזן פיעל קאמישעס אין זיי, און דער עיקר דורך וועלכען זיי זיינען געווארען מענשען פון א בעזונדערן מין האט אין זיך געהאט פיעל קאמישעס. איך האב האלט חוזק צו מאכען פון אזוינע מענשען.

יענער צווישען זיי, וועמען איך האב באגעגענט אין לאפוכאווס און קירסאנאווס קרייז און וועגען וועלכען איך דערצעהל דא, דיענט אלס לעבעדיגער ביישפיעל, אז מען דארף דערלאזען א שטיקעל אויסנאהם וואס איז שייך דעם גרונט אין דעם געשפרעך צווישען לאפוכאוו'ן און אלעקסיי פעטראוויטש אין ווערא פאוולאוונאס צווייטען חלום: די אויסנאהם באשטעהט אין דעם, אז ווי שלעכט א גרונט זאל ניט זיין, קענען אין איהם דאך פארקומען קלייניטשקע שטיקלאך ערד אויף וועלכע עס קענען אויסוואקסען געזונטע זאנגען. דער ספר היחוס פון די הויפט פערזאנען פון מיין ערצעהלונג: ווערא פאוולאוונא, קירסאנאוו און לאפוכאוו געהט, באמת גערעדט, ניט ווייטער ווי ביז זיידעס און באבעס, און אז מען זאל זיך שטארק אנשטרענגען וועט מען קענען צוציהען נאך אן עלטער באבען (דער עלטער זיידע איז שוין פארדעקט מיט דער פינסטערניש פון שכחה; מען וויים נאר, אז ער איז געוועזן דער מאן פון דער עלטער באבען און אז געהייסען האט ער קיריל, ווייל דער זיידע האט געהייסען גערואסים קירילטש). ראכמעטאוו איז אבער געוועזן פון א פאמיליע, וואס איז געוועזן בעקאנט זינט דעם 13־טען יאהר הונדערט, ד. ה. איינער פון די עלטעסטע ניט נאר ביי אונז, נאר אין גאנץ אייראפא. צווישען די טאטערשע עלטעסטע און קריעגס־פיהרער, וועמען מען האט אויסגעקוילעט אין טווער, צוזאמען מיט זייערע סאלדאטען פאר וואס זיי האבען, לויט ווי עס דערצעהלען די כראניקערס, געוואלט דעם פאלק איבער'שמד'ען אויפ'ן מאהמעדאנישען גלויבען, א געדאנק וואס זיי האבען געווים ניט געהאט, אין אמת'ן אבער איינפאך פאר זייער אונטערדריקען דאס פאלק, האט זיך געפונען איינער ראכמעט. דער קליינער זון פון אט דעם ראכ־

מעט פון א רוסישער פרוי, דער פלימעניצע פון א הויפמאן אין טווער, ד. ה. פון אן איבער־הויפמארשאל און פעלדמארשאל, וואס איז מיט געוואלד גענומען גע־ווארען פון ראכמעט'ן איז געבליבען געראטעוועט צוליעב די מוטער און אנשטאט דעם לאטיף האט מען איהם געגעבען א נאמען מיכאיל. אט פון דעם לאטיף־מיכאיל ראכמעטאוויטש שטאמען אפ די ראכמעטאווס. אין טווער זיינען זיי געווען פריצים, אין מאסקווע זיינען זיי געווען הויף־בעאמטע, אין פעטערבורג זיינען זיי געווען גענעראל — אנשעפאן — זעלבסטפערשטענדליך ווייט ניט אלע: די פאמילע האט זיך צוואוואקסען אויף פיעל צווייגען, אזוי אז עס וואלט גאר ניט געקלעגט קיין גע־נעראל־אנשעף טשינען פאר אלעמען. דער עלטער עלטער זיידע פון אונזער ראכ־מאטאוו'ן איז געווען א נאהענטער פריינד פון איוואן איוואנאוויטש שואוואלאוו, וועלכער האט איהם צוריק אויפגעהויבען פון פארשיקונג, וואס איז אויף איהם ארויפגעלייגט געווארען פאר זיין פריינדשאפט מיט מיניכ'ן. דער עלטער זיידע האט געדיענט צוזאמען מיט רומיאנצעוו'ן, האט זיך דערדיענט ביז גענעראלשעף און איז דערהרג'ט געווארען ביי נאווו. דער זיידע האט באגלייט אלעקסאנדר דעם ערשטען אין טילזיט און וואלט אוועק ווייטער פאר אלעמען, ער האט אבער פריה פארלארען די קאריערע פאר זיין פריינדשאפט מיט ספעראנסקי. דער פאטער האט געדיענט אהן ערפאלג און אהן מפּלות און צו 40 יאהר איז ער ארויס פון דיענסט מיט דעם טשין פון א גענעראל לייטענאנט און האט זיך באזעצט אין איינע פון זיינע גיטער, וואס זיינען געווען צוואווארפען אין דעם אויבערשטען טייל פון מעדוועדיצע. די גיטער זיינען אבער געווען ניט זעהר גרויס, אין גאנצען האט ער געהאט ביי א 2500 נפשות פאנשציזנע. קינדער אבער האבען זיך אין דארף באוויזען א סך — א מאן אכט; אונזער ראכמעטאוו איז געווען דער פאר לעצטער, איינגער פון איהם איז געווען נאר איין שוועסטער; דערפאר איז אונזער ראכמעטאוו שוין געווען א מאן מיט ניט קיין רייכער ירושה: ער האט באקומען אן עריד פון 400 נפשות און 7000 דעסיאטין ערד. וואס פאר א סוף ער האט געמאכט מיט די נפשות און מיט 5500 דעסיאטין ערד האט קיינער ניט געוואוסט: מען האט אויך ניט געוואוסט, אז ער האט פאר זיך געלאזען 1500 דעסיאטין ערד; מען האט בכלל ניט געוואוסט אז ער איז א גוט בעזיצער, און אז אבגעבענדיג אין ארענדע דעם טהייל ערד, וואס ער האט געלאזען פאר זיך, האט ער אליץ נאך א הכנסה פון 3000 רובעל; דאס האט קיינער האט ניט געוואוסט, כל זמן ער האט געלעבט צווישען אונז. דאס האבען מיר

זיך דערוואוסט ערשט שפעטער; דאמאלסט אבער האבען מיר געמיינט, אז ער איז פון איין פאמיליע מיט יענע ראכמעטאווס, צווישען וועלכע עס זיינען געוועזען א סך רייכע גוט בעזיצער; ביי די אלע וואס האבען געטראגען די פאמיליע איז צוזאמען געוועזען ביז 75000 נפשות אין די אויבערשטע טהיילען פון מעדוועדיצע, כאפר, סורא, און צנא. זיי זיינען שטענדיג די קרייז־פיהרער פון די אדעליגע אין יענע ערטער, וואו זייערע גיטער ליעגען און ווער פון זיי איז שטענדיג א גוּבערנסקער פיהרער אין איינער פון די דריי גובערניעס, אין וועלכע זייערע גיטער זיינען צוואווארפען. געוואוסט האבען מיר, אז אונזער בעקאטער ראכמעטאוו פארלעבט א יאהר ארום 400 רובעל; פאר א סטודענט איז עס דאמאלט געוועזען גאר ניט וויעניג, אבער פאר א גוט בעזיצער פון די ראכמעטאוו'ס — זעהר וועניג; דערפאר האט יעדער איינער פון אונז, וואס האט וויעניג געזארגט וועגען אזוינע ידיעות, באשלאסען ביי זיך, אז אונזער ראכמעטאוו איז פון איינער פון די אבגעדארטע און פאראימטע צווייגען פון די ראכמעטאווס, דער זון פון וועלכען עס איז א קליינעם בעאמטען, וואס האט געלאזען די קינדער א קליינעם קאפיטאל. מיר האבען באמת דאך ניט געקאנט זיך אינטערעסירען מיט אזוינע זאכען.

איצט איז ער אלט געוועזען 22 יאהר און א סטודענט איז ער געוועזען פון 16 יאהר אלט; ער האט אבער כמעט אויף דריי יאהר פארלאזען דעם אוניווערסיטעט. ער איז ארויסגעגאנגען פון 2־טען קורס, איז אוועקגעפאהרען אין זיין אימעניע, האט געמאכט געוויסע ארדנונגען, בייקומענדיג דעם ווידערשטאנד פון אפעקון און זיך דערדינענדיג צו א חרם פון זיינע ברידער און אויספיהרענדיג אזוי וויט, אז די מענער פון זיינע שוועסטערס האבען זיי פארבאטען זיין נאמען צו דערמאנען; נאכהער האט ער זיך ארומגעשלעפט איבער רוסלאנד אויף פארשידענע אופנים: מיט דער יבשה, און מיט'ן וואסער, אויפ'ן געוויינליכען אופן און אויפ'ן ניט געוויינליכען אופן — צום ביישפיעל, צו פוס און אויף לאדקעס, האט דורכגעמאכט פיעל פאסירונגען, וואס ער אליין האט ארויסגערופען; צווישען אנדערעם האט ער אבגעפיהרט צווייען אין קאזאנער אוניווערסיטעט און פינף אין מאסקאווער, וועמען ער האט נאכהער אויסגעהאלפען צו שטודירען, אין פעטערבורג אבער, וואו ער אליין האט געוואלט וואוינען, האט ער קיין איינעם ניט געבראכט, און דערפאר האט קיינער פון אונז ניט געוואוסט, אז ער האט ניט 400 רובעל נאר 3000 רובעל א יאהר

הכנסה. דאס האָט מען זיך שוין דערוואוסט שפּעטער, ווען מען האָט זיך ארום גע־זעהן, אז ער ווערט פערפאַלען אויף לאנג, און מיט צוויי יאהר פריהער איידער ער איז געזעסען אין קירסאנאווס קאבינעט איבער ניוטאנס פּרושים, איז ער געקומען צוריק אין פּעטערבורג און איז אנגעקומען שטודירען שפּראכען, — פריהער האָט ער שטודירט נאטור ווינסענשאפטען.

אבער אויב קיינער פון ראכמעטאווס פּעטערבורגער בעקאנטע האָט ניט גע־וואוסט פון זיינע פאמיליען און געלד אנגעלעגענהייטען, דערפאר האָבען אלע, וואס האָבען איהם געקאנט, געוואוסט פון זיינע צוויי צונעמענישען; איינער פון די צו־נעמענישען איז שוין דערמאָנט געווארען אין דער ערצעהלונג — „דער פּרוש“; דאס פלעגט ער אננעהמען מיט זיין געוויינליכען שמייכעל פון כמורנער צופרידענהייט. אבער ווען מען פלעגט איהם רופען „ניקיטושקא“, אדער „לאָמאָוו“, אדער צוזאמען „ניקיטושקא לאמאוו“, פלעגט ער זיס און ברייט שמייכלען, און ער האָט געהאט א פולען רעכט, ווארום ניט פון דער נאטור האָט ער באקומען, נאָר דורך די פעסטקייט פון זיין ווילען האָט ער באקומען דאס רעכט אויף דעם נאמען, וואס איז באריהמט צווישען מיליאנען מענשען. באריהמט איז אבער דער נאָמען אויף א שטח פון 100 ווארסט ברייט, וואס ציהט זיך דורך אכט גובערניעם; פאר די לעזער פון די איבריגע טהיילען פון רוסלאנד דארף מען ערקלעהרען וואס דאס איז פאר א נאמען. ניקיטושקא לאמאוו, א בורלאק, וואס פלעגט געהן איבער דער וואלגא א יאהר 20, 15 פריהער, איז געווען א ריעז מיט אן אונגעוויינליכען כח; מיט 15 ווערשקעס הויך, האָט ער געהאט אזא ברייטע ברוסט און פּלייצעס, אז ער האָט גע־וואויגען 15 פּוד, כאטש ער איז געווען נאָר א פעסטער, ניט אבער קיין דיקער מענש. וואס פאר א כח ער האָט געהאט, איז גענוג צו זאגען איינס: ער פלעגט בא־קומען געצאהלט פאר פיערען, ווען די שיף פלעגט צו שטעהן צו א שטאדט און ער פלעגט געהן איבערן מארק, פלעגען אין די ווייטע געסלאך זיך הערען די אויסגע־שרייען פון די בחורים: „ניקיטושקא לאמאוו געהט, ניקיטושקא לאמאוו געהט“! און אלע פלעגען ארויסלויפען אויפ׳ן גאס, וואס פיהרט פון האפען צום מארק, און דער המון פלעגט נאכשלעפּען זיך נאָך זיין גבר.

ווען ראכמעטאוו איז אלס 16 יאהריגער בחור׳ל געקומען אין פּעטערבורג, איז ער אין דעם פּרט געווען א געוויינליכער בחור, א גאנץ הויכער, געזונטער, אבער ווייט

ניט קיין מערקווירדיגער לויט זיין כח: פון 10 יונגע לייט פון זיין עלטער וואלטען צוויי אם וויינינגסטען זיך געקאנט פארגלייכען מיט איהם, ווען ער איז געגאנגען אויפ'ן 17־טען יאהר האט ער זיך פארגענומען, אז מען דארף ווערן א גבר, און ער האט אנגעהויבען ארבייטען איבער זיך. ער האט אנגעהויבען מיט גרויס חשק זיך צו באשעפטיגען מיט גימנאסטיקע: דאס איז גוט, אבער גימנאסטיקע פאר פאל־קאמט דאך נאר דעם מאטעריאל, מען דארף זיך באזארגען מיט מאטעריאל און ער נעהמט זיך צוויי מאל אזוי פיעל צו גימנאסטיקע און דערצו ווערט ער א געוויסע צייט עטליכע שעה א טאג א פראסטער ארבייטער ביי אזוינע ארבייטען, וואס פאר־דערן כח: האט געפיהרט וואסער, געשלעפט האלץ, געהאקט האלץ, געהאקט וואלד, געהאקט שטיינער, געגראבען ערד, האט זיי אפט געביטען, ווארום פון יעדער נייער ארבייט, דורך יעדע ענדערונג באקומען געוויסע מוסקולען זייער ענטוויקלונג. ער האט איבערגענומען די דיעטע פון די באקסערס: ער האט אנגעהויבען זיך אבפיטערן — טאקי אבפיטערן — נאר מיט אזוינע זאכען, וואס האבען א שם, אז זיי פער־שטארקען די פיזישע קראפט, מעהר ווי אלץ מיט ביפשטעקס'ן, כמעט רויהע, און פון דאמאלט אן האט ער שוין שטענדיג געלעבט אזוי. אין א יאהר ארום נאך דעם אנפאנג פון די בעשעפטיגונגען, האט ער זיך אוועקגעלאזען וואנדערן און דא האט ער געהאט נאך מעהר בעקוועמליכקייטען צו ענטוויקלען זיינע פיזישע כחות, איז געווען אן ארבייטער, א סטאלער. א פוהרמאן און אן ארבייטער ביי אלגעמיינע געזונטע בעשעפטיגונגען: איין מאל איז ער זאגאר דורכגעפאהרען ווי א בורלאק די גאנצע וואלגע, פון דובאווקא ביז ריבינסק, וואלט ער געזאגט אז ער וויל זיין א בורלאק, וואלט אויסגעקומען ביים בעל הבית פון שיף און ביי די בורלאקעס משונה־דיג ווילד און מען וואלט איהם אויך ניט אנגענומען: ער האט זיך ארויפגעזעצט פשוט אלס פאסאזשיר, און ווערנדיג א מחותן מיט דער ארטעל, האט ער אנגע־הויבען צו העלפען ציהען די ליאמקע, און אין א וואך ארום האט ער זיך איינגע־שפאנט אין איהר ווי אן אמת'ער ארבייטער, מען האט באלד באמערקט, ווי ער ציהט, מען האט אנגעהויבען אויספרובירען כחות — ער האט אריבערגעצויגען דריי, זאגאר פיער פון די געזינדסטע חברים: ער איז דאמאלט אלט געווען 20 יאהר און די חברים פון דער ליאמקע האבען איהם א נאמען געגעבען ניקיטושקא לאמאוו, צום אנדענקען פון דעם העלד, וואס איז שוין אראפ פון דער ביהנע. איבער א יאהר זומער איז ער געפאהרען אויפ'ן דאמפפער: איינער פון המון, וואס האט זיך צו־

זאמען געקליבען אויפ'ן דאמפפער, האט זיך ארויסגעוויזען פאר זיינעם א פאר־איאהריגען חבר ביי דער ליאמקע, און אויך אזא אופן האבען זיינע מיטרייזענדע די סטודענטען, זיך דערוואוסט, אז מען דארף איהם רופען ניקיטושקא לאמאוו. און אין אמת'ן האט ער טאקי זיך ערווארבען א געוואלטיגען כח און ניט זשאלע־ווענדיג קיין צייט האט ער דעם כח אין זיך אונטערגעהאלטען. „אט אזוי דארף מען — האט ער געזאגט — דאס גיט צו אכטונג און ליעבע מצד פון איינפאכע מענשען. דאס איז נוצליך, מען קען עס דארפען".

דאס איז איהם אריין אין קאפ, ווען ער איז געגאנגען אויפ'ן 17־טען יאהר, ווארום פון דאמאלט אן האט זיך, בכלל, גענומען ענטוויקלען זיין בעזונדערהייט. זייענדיג אלט 16 יאהר איז ער געקומען אין פעטערבורג אלס א געוועהנליכער, גוטער גימנאזיסט, וואס האט געענדיגט דעם קורס, א געוועהנליכער גוטער און עהרליכער בחורל, און האט פארבראכט דריי־פיער חדשים, ווי עס פארברייינגען געוועהנליך סטודענטען אנפאנגער, ער האט אבער אנגעהויבען הערן, אז עס זיינען דא צווישען די סטודענטען באזונדערס קלוגע קעפ, וואס דענקען ניט ווי די אנדערע, און האט זיך דערוואוסט ווענגען א פינף אזוינע מענשען, דאמאלט זיינען זיי געווען ניט פיעל. זיי האבען איהם פאראינטערעסירט; ער האט גענומען זוכען בעקאנטשאפט מיט וועמען עס איז פון זיי; עס האט זיך געטראפען, אז ער איז צוזאמענגעקומען מיט קירסאנאוו'ן, און פון דאמאלט אן האט זיך אנגעהויבען זיין פערוואנדלען זיך אין א בעזונדערן מענשען, אין דעם צוקונפטיגען ניקיטושקא לאמאוו און פרוש. ער האט געשלונגען קירסאנאווס ווערטער דעם ערשטען אבענד, האט געוויינט, האט אונטערבראכען זיינע ווערטער מיט קללות צו דאס, וואס דארף אונטערגעהן און ברכות צו דאס, וואס דארף לעבען, — „פון וועלכע ביכער זאל איך אנהויבען לייע־נען"? קירסאנאוו האט אנגעוויזען. אויף מארגען, שוין 8 אין דער פריה איז ער געגאנגען אויף נעווסקי, פון דער אלעקסאנדר־בריק ביז דער פאליציי בריק, וואר־טענדיג וועלכע פראנצויזישע אדער דייטשע בוכהאנדלונג וועט זיך פריהער עפענען, האט גענומען וואס איז געווען נויטיג און האט געלייענט מעהר ווי דריי מעת לעת נאכאנאנד — דאנערשטאג פון 11 אזייגער אין דער פריה ביז זונטאג 9 אזייגער ביינאכט, 84 שעה; די ערשטע צוויי נעכט האט ער סתם אזוי ניט געשלאפען, אויף דער דריטער נאכט האט ער אויסגעטרונקען 8 גלעזער שטארקע קאווע, אויף דער פיערטער נאכט איז שוין קיין קאווע ניט געווען שטארק גענוג, ער איז

אנידערגעפאלען אויפ'ן פאדלאגע און איז אבגעשלאפען 15 שעה. אין א וואך ארום איז ער געקומען צו קירסאנאוו'ן, געבעטען, ער זאל איהם אנווייזען אנדערע ביכער און איהם געבען ערקלעהרונגען; האט זיך באפריינדעט מיט איהם און נאכהער דורך איהם — מיט לאפוכאוו'ן, אין א האלב יאהר ארום, כאטש ער איז געווען אלט אין גאנצען 17 יאהר און זיי צו 21, האבען זיי איהם שוין ניט געהאלטען פאר א יונגען בחורל אין פערגלייך מיט זיך, נאר ער איז שוין געווען א זאנדערבארער מענש.

וואס פאר אנגאבען פאר דעם זיינען געלעגען אין זיין פערגאנגענעם לעבען? ניט זעהר גרויסע, אבער זיי זיינען פארט געווען. זיין פאטער איז געווען א מאן פון דעספאטישען כאראקטער, זעהר א קלוגער, א געבילדעטער און א פינס־טערער קאנסערוואטאר — א קאנסערוואטאר אין דעם זינען ווי מאריא אלעקסע־יעוונא, נאר אן עהרליכער. איהם איז געווים געווען שווער. דאס אליין וואלט נאך געווען ווייניג. אבער זיין מוטער, א פרוי א דעליקאטע, האט געליטען פון מאנס שווערען כאראקטער, און געזעהן האט ער וואס עס איז אויך אין דארף. און דאס אלץ וואלט נאך אויך גאר ניט געווען; איז אבער געווען אט וואס: אויפ'ן 15־טען יאהר האט ער זיך פארליעבט אין איינע פון פאטערס לובאווניצעס. עס איז ארויס א סקאנדאל, פון וועלכען זי האט באזונדערס געליטען. ער האט געהאט גרויס מיטלייד מיט דער פרוי, וואס האט צוליעב איהם געליטען. עס האבען גענומען בלאנדזשען אין איהם געדאנקען, און קירסאנאוו איז געווען פאר איהם דאס, וואס לאפוכאוו איז געווען פאר ווערא פאוולאוונא. אנגאבען זיינען געווען אין פערגאנ־גענעם לעבען, אבער אום צו ווערן אזא זאנדערבארער מענש איז די הויפט זאך די נאטור. מיט איניגע צייט פריהער איידער ער איז ארויס פון אוניווערסיטעט און איז אוועקגעפאהרען אין זיין הויף און פון דארט זיך אוועקגעלאזען וואנדערן איבער רוסלאנד, האט ער שוין אנגענומען די אריגינעלע פרינציפען סאי אין מא־טעריאלען, סאי אין מאראלישען און גייסטיגען לעבען, און ווען ער איז צוריק געקומען, זיינען זיי שוין געווען ענטוויקעלט אין א פערענדיגטער סיסטעם. און וועלכער ער האט זיך פעסט געהאלטען. ער האט געזאגט צו זיך: „איך טרינק ניט קיין טראפען וויין, איך וועל זיך ניט צוריהרען צו קיין פרוי“, און די נאטור איז געווען א קאכעדיגע. — „צו וואס איז עס? אזא עקסטרעם איז גאר ניט נויטיג. מיר פאדערן פאר די מענשען פאלשטענדיג צו געניסען דעם לעבען — דארפען מיר מיט אונזער לעבען בעווייזען, אז מיר פאדערן עס ניט צו ערפילען אונזערע איי־

גענע ליידעשאפטען, ניט פאר זיך פערזענליך, נאר פארן מענשען בכלל, אז מיר ריידען נאָר פון פרינציפּ, ניט פון באגעהר, פון איבערצייגונג, ניט ווייל מיר דארפען עס פערזענליך".

צוליעב דעם האָט ער בכלל אנגעהויבען פיהרען דעם אנשטענדיגסטען זארט לעבען. אום צו ווערען און צו פערבלייבען א ניקיטושקא לאמאוו, האָט ער גע־דארפט עסען פלייש, א סך פלייש און ער האָט עס געגעסען א סך. אבער ער האָט געזשאלעוועט יעדער קאָפּיקע פאר יעדער אנדער זארט שפּייז אויסער פלייש; ער האָט געהייסען די בעל הבית'טע נעהמען די בעסטע פלייש, אלעס איבעריגע האָט ער געגעסען ביי זיך אין דער היים פון ביליגסטען זארט. ער האָט זיך ענטזאגט פון וויים ברויט, האָט געגעסען ביי זיך נאָר שווארצע ברויט. גאנצע וואכען האָט ער אין מויל ניט געהאט קיין שטיקעל צוקער, גאנצע חדשים — קיין שטיק פרוכט ניט, ניט קיין קאלבס פלייש, ניט קיין עוף. פאר זיינע געלד פלעגט ער אזוינע זאכען ניט קויפען: „איך האָב קיין רעכט ניט אויסצוגעבען געלד אויף קאפּריזען, אָהן וועלכע איך קען זיך באגעהן" — און ערצויגען איז ער דאך געווען אויף רייכע שפּייזען און געהאט האָט ער זעהר א פיינעם געשמאק, ווי מען האָט געקאָנט זעהן פון זיינע באמערקונגען וועגען די געריכטען, ווען ער פלעגט עסען ביי ווענען עס איז אן אנדערן, ער האָט מיט פארגניגען געגעסען א סך פון די געריכטען, פון וועלכע ער פלעגט זיך ענטזאגען ביי זיך אין דער היים; אנדערע געריכטען האָט ער ניט גע־געסען אויך ביי פרעמדע. די אורזאך פאר וואס ער האָט געמאכט אזא אונטערשייד איז געווען א גרינדליכע: „דאס וואס דער איינפאכער המון עסט, צייטענוויז, קען איך אויך עסען ביי א געלעגענהייט. דאס אבער וואס איז קיינמאָל ניט צו־גענגליך פאר איינפאכע מענשען, דארף איך אויך ניט עסען, דאס איז פאר מיר נויטיג, כדי איך זאָל וויפיעל עס איז פיהלען אויף וויפיעל זייער לעבען איז גע־דריקט אין פערגלייך מיט מיין לעבען". דערפאר, אויב מען פלעגט דערלאנגען פרוכט, פלעגט ער גאנץ ענטשידען עסען עפּעל, אבער ענטשידען ניט עסען קיין אבריקאסען; אפּעלסינען פלעגט ער עסען אין פּעטערבורג אבער ניט עסען אין דער פּראווינץ — איהר פארשטעהט, אין פּעטערבורג עסט עס דער איינפאכער עולם, אין דער פּראווינץ ניט. פּאשטעטען האָט ער געגעסען, ווייל „א גוטער פּיראג איז ניט ערגער ווי א פּאשטעט און בלעטערטייג איז בעקאַנט דעם איינפאכען פאלק".— אבער סארדינען פלעגט ער ניט עסען. קליידען פלעגט ער זיך זעהר ארים, כאטש ער

האַט געהאַט עלעגאַנץ, אין אַלעם איבעריגע האָט ער געפיהרט אַ שטרענגען, ספּאַרטאַנישען זאַרט לעבען: צום ביישפּיעל ניט דערלאָזען קיין מאַטראַץ און איז געשלאָפען אויף אַ וואַלאַק, זאָגאַר זיך ניט ערלויבענדיג איהם צוזאַמענצולייגען אין צווייען.

ער האָט געהאַט געוויסענביסע: ער האָט ניט אַוועקגעוואָרפען רויכערן: „אָהן אַ סיגאַר קען איך ניט טראַכטען: אויב עס איז באמת אַזוי, ביז איך גערעכט; אַבער טאָמער איז עס אַ שוואַכקייט פון ווילען". און פּראָסטע ציגאַרען האָט ער ניט געקאָנט רויכערן — ער איז דאָך געווען ערצויגען אין אַן אַריסטאָקראַטישער סביבה, פון די 400 רובעל פון זיין הכנסה זיינען 150 ביי איהם אַוועק אויף ציגאַרן. „אַ שענדליכע שוואַכקייט", ווי ער פלעגט זיך אויסדריקען. נאָר דורך דעם פלעגט מען ווי עס איז זיך קענען אַבפּטרן, ווען ער פלעגט אַנהויבען צוצושטעהן מיט זיינע מוסר. יענער, צו וועמען ער פלעגט צושטעהן, פלעגט ענטפערן: „קיין פאַלקאָמענהייט איז דאָך ניט מעגליך, דו רויכערסט דאָך ציגאַרן". דאַמאָלט פלעגט ראַכמעטאָוו נאָך מיט מעהר ברען נעהמען אַרונטעררייסען די מענשליכע שוואַכקייטען, אַבער מעהר ווי אַ העלפט פון די שטראָף רייד פלעגט ער געברויכען געגען זיך אַליין און פאַר דעם אַנדערן פלעגט שוין בלייבען וויינינגער, כאָטש אין גאַנצען פלעגט ער יענעם אויך ניט פאַרגעסען.

ער פלעגט בעוויזען געוואַלטיג פיעל אויפצוטהאָן, וואָרום אויך אין פאַרברויכען די צייט האָט ער אַרויפגעלייגט אויף זיך פּונקט אַזאַ צאַם, ווי אין מאַטעריעלע אַנגעלעגענהייטען. זאָגאַר אַ פערטעל שעה אַ חודש פלעגט ביי איהם ניט אַוועק אויף פאַרגניגענס: רוהען האָט ער ניט געדאַרפט, „איך האָב פאַרשיעדענע בעשעפטיגונגען, די ענדערונג פון די בעשעפטיגונגען איז אַברוה". אין דעם קרייז פון פריינד, וואָס פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען ביי קירסאַנאָוו'ן און לאָפּוכאָוו'ן, פלעגט ער קומען ניט עפטער, ווי פיעל עס איז נויטיג, אום צו פערבלייבען אין ענגע בעציהונגען מיט זיי: „דאָס איז נויטיג, די טאָגטעגליכע פעלע בעווייזען ווי נוצליך עס איז צו האָבען אַ ענגע פערבינדונג מיט וואָס עס איז פאַר אַ קרייז מענשען — מען דאַרף שטענדיג האָבען אונטערן האַנד אָפענע קוועלען פאַר פערשיעדענע ספּראַווקעס". אויסער ווי אויף די פערזאַמלונגען פון דעם קרייז פלעגט ער קיין מאָל ביי קיינעם ניט זיין, סאַידען אַז ער האָט געדאַרפט; ביי זיך פלעגט ער אויך קיינעם ניט אַננעהמען און ערלויבען צו פערבלייבען, נאָר ווען עס איז נויטיג געווען, און קיין פינף מינוט ניט מעהר: ער פלעגט אָהן זייטיגע דרכים ערקלעהרען

דעם גאסט: „מיר האָבען דורכגערעדט וועגען אונזער אנגעלעגענהייט; איצט ערלויבט מיר זיך צו נעהמען פאר אנדערע זאכען, ווייל אויך די צייט איז ביי מיר טייער".

די ערשטע חדשים נאך זיין נייע געבורט פלעגט ער כמעט די גאנצע צייט פארברייינגען אין לייענען; דאס האָט אבער אנגעהאלטען ניט פיעל מעהר ווי א האלב יאהר: ווען ער האָט דערזעהן, אז ער האָט זיך דערוואָרבען א סיסטע־מאטישען זארט דענקען אין דעם גייסט, וועמענס פרינציפּען ער האָט אנגענומען פאר גערעכט, האָט ער זיך באלד א זאג געטהאָן: „איצט איז דאס לייענען גע־ווארען א בייזאך; פון דער זייט בין איך שוין פארטיג פאר'ן לעבען" און האָט אנגעהויבען אבצוגעבען די ביכער נאָר די צייט, וואס פלעגט איהם בלייבען איבעריג פון אנדערע זאכען, און אזא צייט האָט ער געהאַט וויינינג, אבער ניט קוקענדיג אויף דעם האָט ער אויסגעברייט דעם קדייז פון זיין וויסען מיט א איבערראשענדער שנעלקייט; איצט ווען ער איז אלט געוועזען 22 יאהר, איז ער געוועזען א מאן פון מערק־ווירדיג־גרינדליכער געלעהרזאמקייט; דאס איז דערפאר, ווייל אויך אין דעם האָט ער זיך געמאכט א געזעץ: קיין לוקסוס, קיין קאַפּריז — נאָר דאס וואס איז נויטיג, און וואס איז נויטיג? ער האָט געזאגט: פון יעדען פאך איז פארהאַן גרונטאַוונע ווערק נאָר גאנץ וויינינע; אין אלע איבעריגע ווערק ווערט נאָר איבערגעזאגט, פארנאנדערגעלאָזען אין וואסער און ווערט איבערגעפיהרט נאָר דאס, וואס ווערט פיעל בעסער און פולער ארויסגעזאגט אין יענע וויינינגע ווערק. מען דארף נאָר זיי לייענען; יעדער איבעריגער לייענען איז נאָר אן אומזיסטע פארלוסט פון צייט. זאלן מיר נעהמען די רוסישע ערצעהלונגס ליטעראטור, איך זאג: איך וועל קודם כל דורכלייענען גאגאל'ן. אין טויזענדער אנדערע ערצעהלונגען זעה איך שוין פון פינף שורות אין פינף פערשיעדענע זייטען, אז איך וועל ניט געפינען מעהר ווי א פערדארבענעם גאגאל — צו וואס זאל איך עם לייענען? דאס זעלבע אין די וויסענשאפטען — אין די וויסענשאפטען איז דער גרעניץ נאך שארפער. אויב איך האב דורכגעלייענט אדאם סמיט, מאלטוס'ן, ריקארדא און מיל, ווייס איך פון אלץ ביז תף, די גאנצע ריכטונג און איך דארף ניט לייענען קיין איינעם פון די הונדערטע פאליטיקא עקאנאמיסטען, ווי באריהמט זיי זאלן ניט זיין; פון פינף שורות אין פינף זייטען זעה איך, אז איך וועל ניט געפינען ביי זיי קיין איין פרישען געדאנק, וואס זאל געהערן צו זיי אליין; אלץ איז געליהען, פארדרייט קאפויער.

איך לייען נאָר דאס וואס איז אריגינעל, און נאָר אויף אזוי פיעל אום צו קענען אט דאס אריגינעלע. דערפאר האָט מען בשום אופן ניט געקאנט איהם צווינגען צו לייענען מעקקאליי: דורכקוקענדיג אין א פערטעל שעה פערשיידענע זייטען, האָט ער בעשלאסען: „איך קען די אלע שטאפען, פון וואנענט די שטיקלאך זיינען צוזאמענגעקליבען". ער האָט דורכגעלייענט טעקעריים „יריד פון קליינליכקייט": מיט גרויס התמדה, און ווען ער האָט אנגעהויבען לייענען „פענדעניס" האָט ער עס פערמאכט אויף דער 20־טער זייט: ער האָט אין גאנצען זיך ארויסגעזאגט אין דעם „יריד פון קליינליכקייט". מען זעהט אז מעהר וועט גאָר ניט ארויסקומען און עס איז ניט נויטיג צו לייענען". — יעדער בוך, וואס איך לייען דורך איז אזא, וואס בעפרייט מיך פון דער נויטווענדיגקייט צו לייענען הונדערטע ביכער" — האָט ער געזאגט.

גימנאסטיק, ארבייט איינצואיבען די כחות, לייענען — דאס זיינען געווען ראכמעטאוו'ס פערזענליכע בעשעפטיגונגען: אבער נאָך זיין קומען צוריק אין פעטערבורג פלעגען זיי אוועקנעהמען ביי איהם נאָר א פערטעל טהייל פון זיין צייט: די איבריגע צייט פלעגט ער זיך באַשעפטיגען מיט פרעמדע אנגעלעגענהייטען, אדער מיט גאָר קיין אנגעלעגענהייטען ניט, אבהיטענדיג שטענדיג דעם זעלבען כלל, ווי ביים לייענען: ניט צו פארלירען קיין צייט אויף זאכען און מענשען פון קלענערער ווערדע, זיך באַשעפטיגען נור מיט גרונטאווגע זאכען, פון וועלכע עס ענדערן זיך שוין במילא די וויינינגער בעדייטענדע זאכען און די מענשען וואס ווערען געפיהרט. צום בייםפיעל, אויסער זיין קרייז פלעגט ער זיך בעקאנען נאָר מיט מענשען וואס האָבען אן איינפלוס אויף אנדערע, דער וואס איז ניט געווען קיין „גדול" אין די אויגען פון א געוויסע צאהל אנדערע מענשען, יענער האָט דורך קיין מיטעל ניט געקאנט אפילו ווערן אריינגעצויגען אין גע־שפרעך מיט איהם. ער פלעגט זאגען: איהר ענטשולדיגט מיך, איך האָב קיין צייט ניט; און פלעגט אוועקגעהן אן אזייט. אבער פונקט אזוי פלעגט ניט קענען אויסמיידען דורך קיין שום מיטלען זיך ניט צו בעקאנען מיט איהם יענער, מיט וועמען ער פלעגט וועלן זיך בעקאנען. ער פלעגט איינפאך קומען צו אייך און פלעגט זאגען, וואס ער האָט געדארפט מיט אזא זארט הקדמה: „איך וויל זיין בעקאנט מיט אייך; דאס איז נויטיג. אויב איהר האָט איצט קיין צייט ניט, טו באשטימט אן אנדער צייט". צו אייערע קליינע אנגעלעגענהייטען פלעגט

ער קיין שום אויפמערקזאמקייט ניט שענקען, אפילו ווען איהר פלעגט איהם בעטען איך ארויסצוהעלפען. „איך האב קיין צייט ניט“, פלעגט ער זאגען און זיך אב־קעהרן. אבער אין וויכטיגע אנגעלעגענהייטען פלעגט ער אליין זיך ארייננמישען. ווען ער האט עס געפונען פאר נויטיג, כאטש יענער פלעגט עס אפילו ניט פערלאנ־גען. „איך מוז“, פלעגט ער זאגען. וואס פאר'ע זאכען ער פלעגט ריידען און טהאן אין אזוינע פעלע, איז פשוט ניט צופארשטעהן. אט צום ביישפיעל, מיין בעקאנט־שאפט מיט איהם. איך בין שוין דאמאלט געווען ניט יונג, געלעבט גאנץ ברייט־לאך, דערפאר פלעגען צו מיר צייטענווייז קומען א מאן פינף, זעקס יונגע לייט פון מיין געגענד. הייסט עס, אז איך בין שוין געווען פאר איהם אן אבן־טוב: אט די יונגע לייט זיינען פריינדליך צו מיר, געפינענדיג ביי מיר סימפאטיע צו זיי; ביי דער געלעגענהייט האט ער געהערט מיין פאמיליע נאמען. איך האב דאמאלט צום ערשטען מאל איהם געזעהן ביי קירסאנאוו'ן און נאך גאר ניט געהאט געהערט וועגען איהם: דאס איז געווען באלד נאך זיין קומען צוריק פון זיינע רייזען. ער איז אריין נאך מיר: איך בין געווען נאר איינער אן אונבעקאנטער פאר איהם צווישען אלע אנוועזענדע. ווי נאר ער איז אריין, האט ער אבגערופען קירסאנאוו'ן אן אזייט, און, אנווייזענדיג מיט די אויגען אויף מיר, האט ער געזאגט עטליכע ווערטער. קירסאנאוו האט איהם אויך געענטפערט עטליכע ווערטער און איז אבגעלאזען געווארען. אין איין מינוט ארום האט ראכמעטאוו זיך אוועקגעזעצט גלייך אנטקעגען מיר, נאר אבגעטהיילט דורך א קליינעם טישעל ביי דער סאפע און אט פון דעם מהלך פון אן ארשין און א האלב בסך הכל, האט ער גענומען מיר קוקען אין געזיכט מיט דעם גאנצען כח. מיר האט עס פארדראסען: ער האט מיר ארום געקוקט אהן צערעמאניעס, אזוי ווי פאר איהם וואלט געווען ניט קיין מענש, נאר א פארטרעט — איך בין געווארען אנגעבלאזען, דאס האט איהם גאר ניט געארט. אנקוקענדיג זיך צוויי, דריי מינוט, האט ער צו מיר געזאגט: איך קען אייך; איהר מיר קענט ניט. פרעגט וועגען מיר ביים בעל־הבית און ביי אנ־דערע פון דער קאמפאניע; וועמען איהר טרויט בעזאנדערס שטארק“. ער איז אויפגעשטאנען און איז אוועק אין צווייטען צימער. „וואס איז דאס פאר א משונה־דיגער מענש?“ „דאס איז ראכמעטאוו, ער וויל, איהר זאלט פרעגען, צו פארדיענט ער צוטרויען — גאר אהן שום ספק; און צו פארדיענט ער אויפמערקזאמקייט — מעהר ווי מיר אלע דא, צוזאמענגענומען“, האט קירסאנאוו געזאגט און די אנדערע

האַבען עס באַשטעטיגט. אין פינף מינוט אַרום איז ער צוריק אַריין אין צימער, וואו אַלע זיינען געזעסען. מיט מיר האָט ער ניט גערעדט, מיט אַנדערע — אויך ווייניג — דער געשפּרעך איז געווען ניט קיין געלעהרטער און ניט קיין וויכטיגער. — „עס איז שוין 10 אַזייגער; איך האָב אַנדערשוואו עפּעס וואָס צו טהאָן. הערר נ. — האָט ער זיך געווענדעט צו מיר — איך דאַרף אייך זאָגען עטליכע ווערטער. ווען איך האָב אָבגערופען דעם בעל־הבית פרעגען ווער איהר זייט, האָב איך אָנגעוויזען אויף אייך מיט די אויגען, ווארום איהר האָט דאָך סאַי ווי סאַי געקאָנט באַמערקען, אַז איך פרעג ווענען אייך ווער איהר זייט; דערפאַר וואָלט געווען איבעריג ניט צו מאַכען קיין בעוועגונגען, וואָס זיינען נאַטירליך ביי אַזאַ פראַגע. ווען וועט איהר זיין אין דער היים,אַז איך זאָל קענען צו אייך אַריינקומען?“. איך האָב דאַמאָלט ניט ליעב געהאַט קיין נייע בעקאַנטשאַפטען און אַט דאָס צושטעהן איז מיר גאָר ניט געפעלען געוואָרען, — איך נעכטיג נאָר אין דער היים, אַ גאַנצען טאָג בין איך אין דער היים ניטאָ, האָב איך געזאָגט, — „אָבער איהר נעכטיגט יאָ אין דער היים? ווי שפּעט קומט איהר זשע אַהיים נעכטיגען“? — זעהר שפּעט. — „צום ביישפּיעל“? — אַרום צוויי, דריי אַזייגער — „דאָס איז גאַנץ גלייך, באַשטימט אַ צייט“ — אויב אייך ווילט זיך דוקא, טו איבערמאָרגען האַלב פיער אין דער פריה — „געוויס, איך דאַרף אַננעהמען אייערע ווערטער פאַר אַ שטיק חוזק און אַ גראָבהייט; עס קען אויך זיין, אַז איהר האָט אייערע אורזאַכען, און פיעלייכט אַזוינע וואָס פאַרדיענען געלויבט צו ווערן. יעדענפאַלס וועל איך זיין ביי אייך איבערמאָרגען האַלב פיער אַזייגער“, — ניין, אויב איהר זייט שוין אַזוי פעסט בעשלאָסען, טו קומט בעסער אַריין שפּעטער: איך וועל דעם גאַנצען פריהמאָרגען זיין צו הויז, ביז 12 אַזייגער, — „גוט, איך וועל אַריינקומען אַזייגער 10. איהר וועט זיין איינער אַליין?“ — יאָ — „גוט“ — ער איז געקומען, און אַהן וועלכע עס איז זייטיגע דבורים, איז ער צוגעטראָטען צו דער זאַך, וועגען וועלכער ער האָט געהאַלטען פאַר נויטיג זיך צו בעקאַנען. מיר האָבען אַרומגערעדט ביי אַ האַלבע שעה; וועגען וואָס מיר האָבען גערעדט, דאָס איז גאַנץ גלייך; גענוג איז, אַז ער האָט געזאָגט: „מען מוז“, און איך האָב געזאָגט: „ניין“; ער האָט געטענה'עט: „איהר זייט מחויב“; און איך האָב געזאָגט: „עס הויבט זיך גאָר ניט אָן“. אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט ער געזאָגט: „עס איז קלאָהר, אַז ווייטער אַנגעהן איז אַהן נוצען. איהר זייט דאָך איבערצייגט, אַז איך בין אַ מענש, וואָס

פארדיענט דעם פולסטען צוטרויען"? — יא, אלע האָבען עס מיר געזאגט און איצט זעה איך אליין, — „און ניט קוקענדיג אויף דעם בלייבט איהר אלץ ביי דאס אייעריגע"? — איך בלייב — „ווייסט איהר וואס פון דעם איז געדרונגען? אז, „ענטוועדער איהר זייט א ליגנער, אדער א טויגעניכטס"! ווי געפעלט עס אייך? וואס וואלט מען געדארפט טהאָן מיט אן אנדער מענשען פאר אזוינע ווערטער? איהם ארויסרופען אויף א דועל? אבער ער רעדט עס מיט אזא טאָן, גאָר אהן פער־זענליכען געפיהל, אזוי ווי ער וואלט געווען א היסטאריקער, וואס אורטיילט קאלט־בלוטיג ניט צו באליידיגען, נאָר אויסצוגעפינען דעם אמת, און אליין איז ער געווען אזוי שרעקליך, אז עס וואלט געווען לעכערליך זיך צו באליידיגען, און איך האָב גע־קאנט זיך נאָר פארנאנדערלאכען, — דאס איז דאך איינס און דאס זעלבע, האָב איך געזאגט — „אין דעם פאל ניט איינס און דאס זעלבע" — טאמער בין איך איינס און דאס צווייטע צוזאמען — „אין דעם פאל איז איינס און דאס צווייטע צוזאמען ניט מעגליך. אבער איינס פון די צוויי — געוויס. איך גלויב, דאס ערשטע" — ווי אייך ווילט זיך, אזוי טראכט, האָב איך געזאגט, לאכענדיג ווייטער, — „זייט גע־זונד. יעדענפאלס זייט וויסען, אז איך האלט אן מיין צוטרויען צו אייך, און אז איך בין גערייט אויפצונעהמען ווידער דעם געשפרעך, ווען איהר וועט וועלן".

ביי דער גאנצער ווילדקייט פון דעם פאל איז ראכמעטאוו דאך גערעכט געווען אין אלץ: אי אין דעם, וואס ער האָט אזוי אנגעהויבען, ווארום ער האָט דאך א פריהער זיך גוט דערוואוסט וועגען מיר, און ערשט דאמאלט אנגעהויבען די זאך; אי אין דעם, ווי ער האָט דאך דעם געשפרעך געענדיגט; איך האָב איהם באמת געזאגט ניט דאס, וואס איך האָב געטראכט, און ער האָט באמת געהאט א רעכט מיר אנצורופען ליגנער, און דאס האָט געקאנט בלייבען גאָר ניט באליידיגענד, זאגאר ניט שווערלאך פאר מיר „אין דעם פאל", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, ווייל עס איז שוין געווען אזא פאל, און ער האָט באמת געקאנט אנהאלטען צו מיר דעם פריהערדיגען צוטרויען און זאגאר אכטונג.

יא, ביי דער גאנצער ווילדקייט פון זיינע מאנירען, פלעגט יעדער בלייבען איבערצייגט אז ראכמעטאוו האנדעלט אזוי ווי עס איז געווען אם פערשטענדליכסטען און איינפאכסטען צו האנדלען, און זיינע שרעקליכע ארייגזאגענישען און פארווירפע פלעגט ער ארויסזאגען אזוי, אז קיין פערשטענדליכער מענש האָט זיך ניט געקאנט פון זיי באליידיגען, און ביי זיין גאנצער אונגעוויינליכער גראבקייט, איז ער, אין

תוך גענומען, געווען זעהר א דעליקאַטער. ער האָט אויך געהאַט הקדמות פון דעם זארט. יעדער אונאנגענעהמע ערקלעהרונג פלעגט ער אנהויבען אזוי: „איהר ווייסט, אז איך וועל ריידען אהן וועלכע עס איז פערזענליכען געפיהל. אויב מיינע ווערטער וועלן זיין ניט אנגענעהם, טו בעט איך אייך אום ענטשולדיגונג. איך געפין אבער, אז מען דארף זיך ניט באליידיגען פון קיין זאך. וואס ווערט ארויסגעזאגט געוויסענהאפט, בשום אופן ניט מיט דעם צוועק פון בעליידיגונג, נאָר ווייל עס איז נויטיג אזוי. איבריגענס, ווי נאָר עס וועט אייך אויסקומען איבעריג צו הערן מיינע ווערטער, וועל איך זיך אבשטעלען; מיין כלל איז: פארצולייגען מיין מיינונג שטענדיג, ווען עס איז נויטיג, אבער קיין מאָל ניט צוצושטעהן“. און אין אמת'ן פלעגט ער ניט צושטעהן; אבער מען האָט קיין מאָל ניט געקאָנט זיך ראַטעווען פון דעם, אז ער זאל, אויב ער האָט געפונען פאר נויטיג, אייך ניט ארויסזאגען זיין מיינונג אויף אזוי פיעל, אז איהר זאלט קענען פארשטעהן וועגען וואס און אין וועלכען זינען ער וויל עס זאגען; ער פלעגט עס אבטהאָן אין צוויי - דריי ווערטער און נאכהער פרעגען: „איצט ווייסט איהר, וואס פאר א כאראקטער דער געשפרעך וואלט געהאט; געפינט איהר פאר נוצליך צו האָבען אזא געשפרעך“? אויב איהר פלעגט זאגען: „ניין“, פלעגט ער זיך פארנייגען און אוועקגעהן.

אט אזוי האָט ער גערעדט און אזוי האָט ער געפיהרט זיינע געשעפטען; און געשעפטען האָט ער געהאט א תהום, און אלץ געשעפטען, וואס האָבען צו איהם פערזענליך קיין שום שייכות ניט געהאט; קיין פערזענליכע געשעפטען האָט ער ניט געהאט, דאס האָבען אלע געוואוסט; אבער וואס פאר'ע געשעפטען ער האָט געהאט, דאס האָט דער קרייז בעקאנטע ניט געוואוסט. מען האָט נאָר געזעהן, אז ער פאדערט עפּעס וועגען א סך זאכען. ער פלעגט ווייניג זיין אין דער היים, ער פלעגט ארומגעהן און ארומפאהרען, מעהר ארומגעהן, נאָר ביי איהם פלעגען שטענדיג זיין מענשען, דא — אלץ דיזעלבע, דא — אלץ נייע; צו דעם צוועק איז ביי איהם געווען א כלל: זיין אין דער היים צווישען 2 און 3 אזייגער; אין יענער צייט פלעגט ער ריידען וועגען געשעפטען און עסען מיטאג, עס פלעגט אפט אויך טרעפען, אז ער פלעגט ניט זיין אין דער היים צו עטליכע טעג נאכאנאַנד. דאמאלט פלעגט אנשאט איהם זיצען ביי איהם און אננעהמען באזוכער איינער פון די פריינד, וואס איז איהם געווען איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען און וואס איז געווען שטום ווי דער קבר.

אין א יאהר צוויי ארום, נאך דעם ווי מיר זעהען איהם זיצענדיג אין קירסאנאוו'ס קאבינעט איבער ניוטאנס פרוש צו דניאל, איז ער אבגעפאהרען פון פעטערבורג, זאגענדיג קירסאנאוו'ן און נאך צוויי דריי גאנץ נאהענטע פריינד, אז ער האט דא מעהר ניט וואס צו טהאן, און ער האט געטהאן אלץ, וואס ער האט געקאנט, און אז מעהר טהאן וועט ער קענען אין א יאהר דריי ארום, און אז דריי יאהר האט ער איצט פרייע, וועלכע ער וועט באנוצען, ווי עס וועט נויטיג זיין פאר זיין צוקונפטיגע טהעטיגקייט. מיר האבען דערנאך זיך דערוואוסט, אז ער איז פארפאהרען אין זיין גרויסע אימעניע, האט פארקויפט דאס ערד, וואס איז ביי איהם געבליבען, האט געקראגען 35 טויזענד רובעל, איז פארפאהרען אין קאזאן און מאסקווע, האט צוטיילט ארום 5 טויזענד צו די זיבען יונגע לייט, וואס האבען שטודירט אויף זיין חשבון, און דערמיט האט זיך געענדיגט די געשיכטע וועגען איהם. וואו ער האט זיך אהין געטהאן פון מאסקווע, ווייס מען ניט. ווען עס זיינען אוועק עטליכע חדשים גאר אהן ידיעות וועגען איהם, האבען מענשען, וואס האבען געוואוסט וועגען איהם מעהר זאכען, ווי אנדערע, נאר וואס האבען עס בעהאלטען כל זמן ער איז געווען מיט אונז, גענומען דערצעהלען. דאמאלט האט עס אונזער קרייז זיך דערוואוסט, אז ער האט אויסגעהאלטען סטודענטען, האבען זיך דערוואוסט דעם גרעסטען טהייל פון דעם, וואס איך האב דא אקארשט דערצעהלט, זיך דערוואוסט א סך געשיכטען, וועלכע האבען אבער ווייט ניט אויפגעקלעהרט ראכמעטאוו'ס פערזענליכקייט, נאר וואס האבען געמאכט ראכמעטאוו'ס פערזענליכקייט נאך מעהר ניט פארשטענדליך. די געשיכטען האבען ענטוועדער איבעראשט מיט זייער ווילדקייט, אדער זיי זיינען געווען אין גאנצען להפך פון דעם בעגריעף, וועלכען דער קרייז האט געהאט וועגען איהם ווי וועגען א מענשען אין גאנצען א פערהארטעוועטען אין זיינע פערזענליכע געפיהלען, ווי פון א מענשען וואס האט גאר ניט געהאט, אזוי צו זאגען, קיין פערזענליכע הארץ, וואס זאל קלאפען מיט עמפפינדונגען פון פערזענליכען לעבען. איבער צו דערצעהלען דא די אלע געשיכטען וואלט געווען ניט אם פלאץ. איך וועל נאר בריינגען צוויי פון זיי, צו איינע פון יעדען זארט, איינע פון ווילדען זארט, די צווייטע פון דעם זארט וואס איז געווען להפך פון פריהערדיגען בעגריעף, וואס דער קרייז האט געהאט וועגען איהם. איך קלייב אויס פון די געשיכטען, וואס קירסאנאוו האט וועגען איהם דערצעהלט.

א יאהר פאר דעם, ווי ער איז דעם צווייטען, און וואהרשיינליך, דעם לעצטען

מאָל פאַרפאַלען געוואָרען פון פּעטערבורג, האָט ראַכמעטאָוו געזאָגט קירסאַנאָוו׳ן:
„גיט מיר אַ רעכטע פּאַרציע זאַלב, וואָס מען שמירט צו פאַרהיילען וואונדען פון
שאַרפע געצייג“. קירסאַנאָוו האָט איהם געגעבען אַ גאַנץ גרויסען סלאַי, טראַכ־
טענדיג, אַז ראַכמעטאָוו וויל אוועקטראָגען די רפואות אין דער אַרטייל פון שטאָלערס
אָדער אַנדערע בעלי מלאכות, וואָס צו שניידען זיך אָפט די הענד. אויפ׳ן צווייט־
טען פריהמאָרגען איז ראַכמעטאָוו׳ס בעל־הבית׳טע אין גרעסטען שרעק אַריינגע־
פאַלען צו קירסאַנאָוו׳ן : „פּאַטערל, דאָקטאָר, איך ווייס ניט וואָס איז געוואָרען
מיט מיין קוואַרטיראַנט: ער געהט לאַנג ניט אַרויס פון זיין צימער, די טהיר האָט
ער פערמאַכט, איך האָב אַ קוק געטהאָן אין שפּאַלט : ער ליעגט אין גאַנצען אין
בלוט; איך האָב זיך צושריען; ער אָבער זאָגט מיר : „ניש קשה, אַגראַפענאַ אַנ־
טאָנאָוונאַ“ — וואָס הייסט ניש קשה ! ראַטעווע, פּאַטערל דאָקטאָר, איך האָב מורא
ער זאָל ניט שטאַרבען. ער האָט דאָך אויף זיך קיין רחמנות ניט“! קירסאַנאָוו איז
אוועקגעשפּרונגען ; ראַכמעטאָוו האָט געעפענט די טהיר מיט אַ כמורנעם ברייטען
שמייכעל און דער בעזוכער האָט דערזעהן אַ זאַך, פון וועלכער ניט אַגראַפענאַ אַנ־
טאָנאָוונאַ אַליין האָט געקאָנט ברעכען די הענד: דער רוקען און די זייטען פון
ראַכמעטאָוו׳ס גאַנצע וועש (ער איז געוועזן אין איינע אונטערוועש) זיינען געוועזן
בעגאָסען מיט בלוט, אונטערן בעט איז געוועזן בלוט, דער וואָלאָק אויף וועלכען
ער האָט געשלאָפען איז אויך געוועזן אין בלוט; אין וואָלאָק זיינען געוועזן אַנגע־
שטאָכען הונדערטע קלייע צוועקלאָך, די קעפּלאָך אַראָפּ, די שפּיצען אַרויף און האָבען
אַרויסגעשטעקט פון וואָלאָק אויף יעדער האַלבען ווערשאָק איינער פון די אַנדערע;
ראַכמעטאָוו איז אויף זיי אָבגעלעגען אַ נאַכט — „וואָס איז דאָס אַזוינס, מיש־
טיינס געזאָגט, ראַכמעטאָוו“, האָט קירסאַנאָוו מיט שרעק אַרויסגערעדט, — „אַ
פּראָבע. מען דאַרף. געוויס, עס לאָזט זיך ניט גלויבען; יעדענפאַלס אָבער דאַרף
מען פּרובירען. איך זעה, אַז איך קען“. אויסער דעם וואָס קירסאַנאָוו האָט געזעהן,
האָט מען געקאָנט זעהן, אַז די בעל־הבית׳טע וואָלט געקאָנט דערצעהלען אַ סך
אַנדערע מערקווירדיגע זאַכען וועגען ראַכמעטאָוו׳ן: נאָר אַלס אַן איינפאַכע און גוט
בעצאָהלטע אַלטעטשקע, איז זי געוועזן שטאַרק צוגעבונדען צו איהם און פון איהר
האָט מען שוין קיין זאַך ניט געקאָנט, במילא, אַרויסקריגען. אויך דעם מאָל איז
זי געקומען צולויפען צו קירסאַנאָוו׳ן ווייל ראַכמעטאָוו אַליין האָט עס איהר ערלויבט
אום איהר צו בערוהיגען : זי האָט צופיעל געוויינט, מיינענדיג אַז ער וויל זיך

נעהמען ־עם לעבען.

אין א חדשים צוויי נאך דעם, דאס איז געווען צו ענד מאי, איז ראכמעטאוו פארפאלען געווארען אויף א וואך אדער מעהר, נאר דאמאלט האט עס קיינער ניט באמערקט, ווארום פארפאלען צו ווערן אויף עטליכע טעג פלעגט פאסירען ניט זעלטען. איצט האט קירסאנאוו דערצעהלט פאלגענדע געשיכטע, ווי ראכמעטאוו האט פארבראכט די טעג: זיי האבען געבילדעט די ליעבעסטעג אין לעבען פון ראכמעטאוו'ן. די ליעבע איז ארויסגעקומען פון א פאסירונג, וואס פאסט זיך פאר ניקיטושקא לאמאוו. ראכמעטאוו איז געגאנגען פון ערשטען פארגאלאוו אין שטאדט אריין, זיך פארטראכטענדיג און קוקענדיג מעהר אויף דער ערד, ווי זיין שטייגער איז געווען. דאס איז געווען לעבען וואלד אינסטיטוט, אויפגעוועקט פון זיינע געדאנקען האבען איהם די פארצווייפעלטע געשרייען פון א פרוי; ער דערלאנגט א קוק: א פערד איינגעשפאנט אין א קליינע קארעטע אין וועלכער עס איז געזעסען א דאמע, האט זיך צווישעט; די דאמע האט אליין אנגעטריבען, זיך ניט גע־קאנט ספראווען, די לייצעס האבען זיך געשלעפט אויף ד׳רערד — דער פערד, איז געווען שוין צוויי טריט פון ראכמאטאוו'ן; ער האט זיך געווארפען אין מיטען וועג, דער פערד איז פארביינעלאפען און ער האט נים באוויזען אנצוכאפען די צוים, ער האט נאר באוויזען זיך אנצוכאפען פאר'ן הינטערשטען אקס פון קארעטע און האט די קארעטע אבגעשטעלט, נאר אליין איז ער אנידערגעפאלען. עס איז צו־זאמענגעלאפען אן עולם, מען האט געהאלפען דער דאמע ארונטערצוגעהן פון קארע־טע, מען האט אויפגעהויבען ראכמעטאוו'ן; ביי איהם איז די ברוסט געווען אביסעל צובראכען און דער ראד האט ארויסגעריסען א רעכטע שטיק פלייש פון פוס. די דאמע איז שוין געקומען צו זיך און האט געהייסען איהם אריבערטראגען צו איהר אויף דאטשע, ארום א האלבען ווערסט פון יענעם פלאטץ. ער האט איינגעשטימט, ווארום ער האט געפיהלט א שוואכקייט; ער האט אבער געפאדערט, מען זאל דורכ־אוים שיקען נאך קירסאנאוו'ן, און ניט נאך קיין אנדער דאקטאר. קירסאנאוו האט געפונען אז דער קלאפ איז ניט קיין וויכטיגער, אבער ראכמעטאוו'ן שטארק אן אבגעשוואכטען פון בלוט פערלוסט. ער איז אבגעלעגען א טאג צעהן. די געראטעוועטע דאמע האט, זעלבסטפערשטענדליך, אליין איהם געפלעגט. ער האט קיין זאך ניט געקאנט טהאן פון שוואכקייט און דערפאר האט ער מיט איהר זיך צורעדט — די צייט וואלט דאך סאי ווי סאי אוועק אומזיסט — ער האט גערעדט

און צורעדט זיך. די דאמע איז געווען אן אלמנה, א יאהר 19, א פרוי ניט קיין ארימע. און בכלל, זעהר אן אונאבהעננגיגע, א קלוגע און אנשטענדיגע פרוי. ראכמעטאוו׳ס פייערדיגע רייד האבען איהר באצויבערט: „איך זעה איהם אין חלום, ארומגערינגעלט מיט גלאנץ“, האט זי געזאגט קירסאנאוו׳ן. ער האט איהר אויך ליעב געקראגען. לויט זיין הילוך און לויט זיין גאנצען אויסזעהן האט זי איהם געהאלטען פאר א מענשען, וואס פארמאגט גאר ניט, דערפאר האט זי די ערשטע זיך ערקלעהרט איהם אין ליעבע און איהם פארגעשלאגען שטעלן א חופה. דאס איז געווען דעם 11־טען טאג, ווען ער איז אויפגעשטאנען און געזאגט, אז ער קען שוין פאהרען אהיים. „איך בין מיט אייך געווען אפענהערציגער ווי מיט אנדערע; איהר זעהט, אז אזוינע מענשען ווי איך האבען קיין רעכט ניט צו פארבינדען וועמעס עס איז אנדערענס שיקזאל מיט זייערן“. יא, דאס איז אמת, האט זי געזאגט — חתונה האבען טארט איהר ניט, אבער ביז איהר וועט דארפען מיך אוועקווארפען, ליעבט מיך — „ניין, איך קען עס ניט אננעהמען, האט ער געזאגט, איך מוז אין זיך אונטערדריקען די ליעבע: די ליעבע צו אייך וואלט מיר געבונדען די הענד, זיי וועלן אזוי אויך ניט שנעל זיך פארנאנדערבינדען, זיי זיינען שוין געבונדען, איך וועל זיי אבער פארנאנדערבינדען, איך דארף ניט ליעבען“. וואס איז נאכדעם געווען מיט דער דאמע? אין איהר לעבען האט געמוזט פארקומען א בראך; גיכער ווי אלץ, איז זי אליין געווארען א זאנדערבארער מענש. איך האב געוואלט זיך דערוויסען, איך וויים אבער ניט. קירסאנאוו האט מיר איהר נאמען ניט געזאגט, און אליין האט ער אויך ניט געוואוסט, וואס מיט איהר איז: ראכמעטאוו האט איהם געבעטען מיט איהר זיך ניט צוזעהן און זיך ניט נאכפרעגען וועגען איהר: „אויב איך וועל דענקען, אז איהר ווייסט וואס עס איז וועגען איהר, וועל איך זיך ניט איינהאלטען און וועל אנהויבען פרעגען, און דאס טויג ניט“. דערוויסענדיג זיך אזא געשיכטע, האבען אלע זיך דערמאנט, אז אין יענער צייט איז ראכמעטאוו, א חודש אנדערהאבען, צוויי, און אפשר מעהר, ארומגעגאנגען פינסטערער ווי געוועהנליך, האט זיך ניט געקאכט געגען זיך אליין, ווי פיעל מען האט איהם ניט געשטאכען די אויגען מיט זיין שעדליכער שוואכקייט, ד. ה. מיט די ציגארען און האט ניט געשמייכעלט ברייט און זיס, ווען מען האט איהם געחנפ׳עט מיט׳ן נאמען ניקיטושקא לאמאוו. איך האב זיך דערמאנט נאך מעהר: אין יענעם זומער, אין א געוויסע צייט נאך אונזער ערשטען געשפרעך האבען מיר געהאט א דריי,

פיער געשפּרעכן: ער האָט מיר האַלט געקראַנגט, פאַר וואָס איך מאַך חוזק פון איהם (ווען מיר זיינען אַליין) און אַלס ענטפער אויף דעם וואָס איך לאַך פון איהם האָבען זיך ביי איהם אַרויסגעריסען אַזא זאַרט ווערטער: „יא, האָט רחמנות מיט מיר, איהר זייט גערעכט, האָט רחמנות, איך בין דאָך אויך ניט קיין אַבסטראַקטע אידעע, נאָר א מענש, וועמען עס וואָלט זיך וועלן לעבען. אָבער דאָס איז נאָר נישט, דאָס וועט פאַראיבער, האָט ער צוגעגעבען. און באמת'ן איז עס פאַראיבער. נאָר איין מאָל, ווען איך האָב שוין צו שטאַרק איהם דערנומען מיט מיינע באַמער־קונגען, זאָגאַר שפּעט אין הערבסט, האָב איך נאָך אַלץ פון איהם אַרויסגעקראָגען אָט די ווערטער.

דער קלוגער לעזער הייבט פּילייכט אָן צו פאַרשטעהן פון דעם אַלעם, אַז איך קען ראַכמעטאָוו'ן מעהר ווי איך זאָג עס. עס קען זיין, איך האָב קיין העזה ניט צוזאָגען איהם אַנטקעגען, ווייל ער איז קלוג, און אויב איך ווייס יא, איז בכן, איז מאָלע וואָס איך ווייס אַזוינע זאַכען, וועלכע דו, קלוגער לעזער, וועסט אין דורי דורות זיך ניט דערוויסען. אָבער וואָס איך ווייס באמת ניט, ווייס איך ניט: וואו איז איצט ראַכמעטאָוו, וואָס איז מיט איהם, און צו וועל איך נאָך ווען עס איז איהם זעהן. וועגען דעם האָב איך קיינע ידיעות ניט און קאָן פּונקט אַזוי ווייניג טרעפען, ווי אַלע אַנדערע בעקאַנטע.

ווען עס זיינען אַוועק א חדשים דריי פיער, נאָך דעם ווי ער איז פאַרפאַלען גע־וואָרען פון מאָסקווע און קיינע ידיעות זיינען וועגען איהם ניט דערגאַנגען, האָבען מיר אַלע געמיינט, אַז ער האָט זיך אַוועקגעלאָזען רייזען איבער אייראָפּא. דאָס ווייזט אויס, איז געווען אמת. ווייניגסטענס ווערט זי בעשטעטיגט מיט אַזא פאַל. אין א יאָהר אַרום נאָך דעם ווי ראַכמעטאָוו איז פערפאַלען געוואָרען, האָט איינער פון קירסאַנאָוו'ס בעקאַנטע געטראָפען אין וואַגאָן אויפ'ן וועג פון וויען און מינכען א יונגען מאַן, א רוס, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַרומגעפאָהרען די סלאַווישע לענדער, איז איבעראַל נאָהענט זיך צוזאַמענגעקומען מיט אַלע קלאַסען, אין יעדער לאַנד איז ער פאַרבליבען אַזוי לאַנג, אום געגוי צו קענען די בעגריפען, זיטען, לע־בענס אופן, די היימישע פאַראַנדקעס, דעם עקאָנאָמישען מעמד פון אַלע הויפּט־טהיילען פון דער בעפעלקערונג, האָט צו דעם צוועק געלעבט אין שטעדט און דער־פער, איז געגאַנגען צופוס פון דאָרף צו דאָרף; נאָכהער האָט ער אויפ'ן זעלבען

אופן זיך בעקאנט מיט די רומענער און אונגארן, איז דורכגעפאהרען און דורכגע־גאנגען צפון דייטשלאנד, פון דארטען האָט ער זיך פארקליבען קיין דרום זייט, אין די דייטשע פראווינצען פון עסטרייך, איצט פאהרט ער אין באיערן, פון דארט אין דער שווייץ, איבער ווירטעמבערג און באדען אין פראנקרייך, וועלכע ער וועט דורכ־פאהרען און דורכגעהן אין גאנצען. פון דארט וועט ער מיט דעם זעלבען צוועק דורכפאהרען ענגלאנד און אויף דעם וועט ער פארברייגגען א יאהר; אויב פון דעם יאהר וועט איהם נאָך בלייבען צייט, וועט ער נאָך א קוק טהאָן אויף די שפּאַ־ניער און איטאליענער; און אויב קיין צייט וועט ניט בלייבען, וועט שוין רעכט זיין אזוי אויך, ווארום דאס איז שוין ניט אזוי „נויטיג“, יענע לענדער „דארף“ מען אבער זעהן — צו וועלכען צוועק? — „פאר געוויסע בעטראכטונגען“. אין א יאהר ארום וועט ער יעדענפאלס שוין „דארפען“ זיין אין די צפון אמעריקאנישע שטאַ־טען מיט וועלכע ער דארף זיך בעקאנען מעהר ווי מיט וועלכע עס איז אנדער לאנד; דארט וועט ער פערבלייבען לאנג, עס קען זיין מעהר ווי א יאהר, און אפשר, אויף שטענדיג, אויב ער וועט דארט געפינען פאר זיך וואס צו טהאָן; גיכער ווי אלץ וועט ער אבער אין א יאהר דריי ארום קומען צוריק אין רוסלאנד, ווארום, ווי עס ווייזט אויס, וועט ער דאמאלט, ניט איצט, נאר אין א יאהר דריי, פיער ארום, „דארפען“ זיין.

דאס אלץ איז זעהר עהנליך אויף ראכמעטאוו'ן, „אט דאס דארפען“, וואס איז געבליבען אין זכרון ביים דערצעהלער. לויט די יאהרען, שטים, געזיכטספיגע, אויך ווי ווייט דער דערצעהלער געדיינקט עס, איז יענער רייזענדער אויך געווען עהנליך אויף ראכמעטאוו'ן. דער ערצעהלער האָט דאמאלט ניט געשאנקען קיין אויפמערקזאמקייט צו דעם מיטרייזענדען, מיט וועלכען ער איז אין גאנצען געפאה־רען א שעה צוויי: יענער האָט זיך ארייגגעזעצט אין וואגאן ביי עפּעס א שטעדטעל און איז ארויס עפּעס אין א דערפעל; דערפאר האָט ערצעהלער געקאנט בעשריי־בען זיין אויסזעהן נאָר אין אלגעמיינע שטריכען, אזוי אז קיין פולע געוויסקייט איז ניטא: לויט אלע וואהרשיינליכקייטען איז עס געווען ראכמעטאוו; איבריגענס ווער ווייס? פיללייכט ניט ער.

עס איז ארום געגאנגען נאָך א קלאנג אז עפּעס א יונגער רוס, א געוועזענער גוט בעזיצער, איז געקומען צום גרעסטען אייראפּעאישען דענקער פון 19־טען יאהר

הונדערט, דעם פאטער פון דער נייער פילאסאפיע, א דייטשען און איהם געזאגט אזוי: „איך האב 30,000 רובעל; איך דארף נאר 5000; די איבריגע בעט איך אייך צונעהמען ביי מיר (דער פילאזאף לעבט גאנץ ארעם) — צו וועלכען צוועק? —ארויסצוגעבען אייערע ווערק". — דער פילאזאף האט, נאטירליך, ניט גענומען; דער רוס האט אבער פארט אוועקגעלייגט ביי א באנקיר דאס געלד אויף יענעמ'ס נאמען און האט איהם אנגעשריבען אזוי: „מיט דאס געלד טהוט, וואס איהר ווילט, כאטש ווארפט אין וואסער אריין; מיר עס אבגעבען צוריק וועט איהר ניט קענען, מיר וועט איהר ניט אויסזוכען" — די געלד, זאגט מען, ליעגט נאך איצט אויך ביין באנקיר. אויב דער קלאנג איז אמת, איז קיין ספק ניט, אז צום פילאזאף איז געקומען טאקי ראכמעטאוו.

אט וואס פאר א זארט מענש עס איז געווען דער הערר, וואס זיצט איצט ביי קירסאנאוו'ן אין קאבינעט.

יא, א זאנדערבארער מענש איז געווען דער הערר, אן עקזאמפלאר פון זעהר א זעלטענעם מין. און ניט צוליעב דעם באשרייב איך אייך עקזאמפלאר פון דעם זעלטענעם מין מיט אזוי פיעל איינצעלהייטען, כדי דיר צו לערנען, קלוגער לעזער, דו זאלסט אנשטענדיג זיך באגעהן (א זאך, וואס איז דיר ניט בעקאנט) מיט די לייט פון דעם מין: איין מענשען אזא וועט דיר ניט אויסקומען צו זעהן; דיינע אויגען, קלוגער לעזער, זיינען ניט אזוי געבויט, אז דו זאלסט קענען זעהן אזוינע מענשען, דו קענסט זיי ניט זעהן; זיי קענען געזעהן ווערן נאר פון עהרליכע, טאפפערע אויגען; נאר צו דעם צוועק ווערט עס באשריבען, כדי דו זאלסט כאטש פון הערען וויסען, אז אזעלכע מענשען זיינען דא אויף דער וועלט. צו וואס דאס איז נויטיג פאר די לעזערינס און איינפאכע לעזער, דאס וויסען זיי אליין.

יא לעבערליכע מענשען און זעהר אמוזאנטע זיינען אט די מענשען ווי ראכ־מעטאוו. דאס זאג איך פאר זיי אליין, אז זיי זיינען לעבערליך; און זאג עס, ווייל איך האב רחמנות מיט זיי; דאס זאג איך פאר יענע איידעלע מענשען, וואס ווערן בעצויבערט פון זיי. געהט ניט נאך אין זייערע וועגען, איהר איידעלע מענשען. זאג איך, ווארום ארים־זעליג פערזענליכע פרייד איז דער וועג, אויף וועלכע זיי רופען אייך; די איידעלע מענשען הערען אבער מיר ניט און זיי זאגען: ניין, ניט ארים זעליג, נאר זעהר רייך, און ווען עס זאל אפילו אויף איין ארט זיין ארים,

איז עס אבער דאך א לאנגער וועג: מיר וועלן האבען כח געגוג דעם ארט דורכצו־געהן און ארויסצוגעהן אין די ענדלאזע ערטער, וואס זיינען רייך אין פרייד. אט זעהסטו, קלוגער לעזער, ניט פאר דיר, נאר פאר אן אנדער טהייל פון פובליקום זאג איך, אז אזוינע מענשען ווי ראכמעטאוו זיינען לעבערליך. און דיר, קלוגער לעזער, וועל איך זאגען, אז דאס זיינען ניט קיין שלעכטע מענשען, אז ניט, וועסטו דאך אליין ניט פארשטעהן. יא, ניט קיין שלעכטע מענשען. זיי זיינען ווייניג פארהאן, נאר דורך זיי בליהט אויף אלעמענס לעבען; אהן זיי וואלט עס פארשטיקט, פארזויערט געווארען: זיי זיינען ווייניג פארהאן, אבער זיי גיבען א מעגליכקייט אלע מענשען צו אטהעמען, אהן זיי וואלטען די מענשען דערשטיקט געווארען. גרויס איז די מאסע פון ערליכע גוטע לייט, אבער אזוינע מענשען זיינען ווייניג פארהאן; זיי זיינען אבער צווישען די מענשען דער טעין אין דעם טיי, דער בוקעט אין איידעלען וויין; פון זיי געהט די קראפט און דער אראמאט; דאס זיינען די שעהנסטע בליהונגען פון די שעהנסטע מענשען; דאס זיינען די בעוועגער פון די בעוועגער, דאס איז די זאלץ פון דער זאלץ פון דער ערד.

11

„נו, טראכט דער קלוגער לעזער, איצט וועט ראכמעטאוו ווערן די הויפט פער־זאן און וועט אלעמען פארשטופען; און ווערא פאוולאוונא וועט זיך אין איהם פארליעבען און באלד וועט מיט קירסאנאוו'ן זיך אנהויבען די זעלבע געשיכטע ווי עס איז געוועזען מיט לאפוכאוו'ן". עס הויבט זיך גאר ניט אן, קלוגער לעזער: ראכמעטאוו וועט אבזיצען אן אבענד, וועט זיך דורכריידען מיט ווערא פאוולאוונא: איך וועל פון דיר ניט בעהאלטען קיין איין ווארט פון זייער געשפרעך, און דו וועסט באלד זעהן, אז אויב איך וואלט ניט געוואלט דיר איבערגעבען דעם געשפרעך, וואלט איך עס געקאנט טהאן; דער גאנג פון די פאסירונגען אין דער ערצעהלונג וואלט קיין שום ענדערונג ניט געגומען פון דעם פערשווייגען; און פאראויס זאג איך דיר, אז ווען ראכמעטאוו וועט האבען זיך דורכגערעדט מיט ווערא פאוולאוונא און וועט אוועקגעהן, וועט ער שוין אין גאנצען אוועק, און וועט שוין מעהר ניט זיין ניט קיין וויכטיגע, ניט קיין ניט וויכטיגע, און סתם קיין פערזאן ניט אין מיין ראמאן. צו וואס זשע האב איך איהם אריינגעפיהרט אין ראמאן און מיט איינצעלהייטען איהם באשריבען? פרוביר, אדרבא, קלוגער לעזער, טאמער וועסטו עס טרעפען. דאס וועט דיר ארויסגעזאגט ווערן אויף די פאלגענדע זייטען, באלד נאך ראכמע־

טאוו'ס געשפּרעך מיט ווערא פּאוולאוונא: ווי נאר ער וועט אוועק, וועל איך דיר זאגען, צום סוף פון אט דעם קאפּיטעל. טרעף זשע, וואס דארט וועט געזאגט ווערן: צו טרעפען איז ניט שווער, אויב דו האסט נאר דעם קלענסטען בעגריעף וועגען דאס, וואס איז קינסטלעריש, — א זאך, וועגען וואס דו האסט האלט אזוי פיעל צו ריידען — אבער ווי קומסטו דערצו! נו, וועל איך דיר אונטערזאגען מעהר ווי א העלפט פון דעם רעטעניש: ראכמעטאוו איז דא ארויסגעפיהרט אום צו ערפילען די וויכטיגסטע, די גרינדליכסטע פאדערונג פון קונסט, אויסשליסליך נאר מיט דעם איין צוועק; נו, נו, פּרוביר כאטש איצט טרעפען, וואס איז עס פאר א זארט פאדערונג, און וואס האט מען געדארפט טהאן עס צו ערפילען, און ווי אזוי איז עס ערפילט דורך דעם, וואס ראכמעטאוו'ס פיגור איז באוויזען געווארען, כאטש זי בלייבט אהן וועלכעס איז איינפלוס און אנטהייל אויף דעם גאנג פון דער ערצעהלונג — נו זשע, טרעף. די לעזערין און דער איינפאכער לעזער, וואס רעדט ניט וועגען קונסט, זיי ווייסען עס; פּרוביר אבער דו טרעפען, חכם איינער, עס ווערט דיר געגעבען צו דעם צוועק צייט און עס ווערט פאר דעם צוועק אוועקגעשטעלט צווישען די שורות א לאנגער און דיקער שטריך: זעהסטו, ווי איך זארג פאר דיר, שטעל זשע זיך אפּ אויף איהם, און טהו א טראכט, טאמער וועסטו פארט טרעפען.

---

געקומען איז מערצאלאווא, האט באדויערט, געטרייסט, האט געזאגט אז זי וועט מיט פארגניגען זיך פארנעהמען מיט'ן ווארקשטאט, נאר זי וויים ניט, צו וועט זי עס קענען, און האט ווידער גענומען באדויערן און טרייסטען, העלפענדיג דער דיענסט צוזאמען קלייבען די זאכען. ראכמעטאוו האט געבעטען דעם שכנ'ס דיענסט געהן אין בעקעריי און אליין האט ער אנגעשטעלט דעם סאמאוואר, דערלאנגט און מען האט געטרונקען טיי; ראכמעטאוו איז ביי א האלבע שעה אבגעזעסען מיט די דאמען, האט אויסגעטרונקען פינף גלעזער טיי, האט מיט זיי אויסגעליידיגט א האלבען קריגעל סמאנט, האט אויפגעגעסען שרעקליך פיעל קיכלאך אויסער צוויי פּראסטע בולקעס, וואס זיינען געווען דער פונדאמענט: „איך האב א רעכט אויף דעם פארגניגען, ווייל איך אפּפער א גאנצען האלבען מעת לעת". ער האט זיך געלאזט וואוילגעהן, האט אויסגעהערט, ווי די דאמען נעהמען זיך צום הארצען, און האט דריי מאל אויסגעדריקט דעם מיינונג, אז „דאס איז א משוגעת" — דאס הייסט, וואס די דאמען נעהמען זיך אזוי צום הארצען, ווארום זיך נעהמען דעם לעבען פון וואס ער זאל ניט

זיין, אויסער א שמערצליכער און ניט היילבארער פיזישער קראנקהייט, אדער צו פארהיטען וועלכע עס איז א שווערען, אונפערמיידליכען טוידט ווי צ. ב. צושניידען אין שטיקער, איז נאריש. די מיינונג האט ער יעדעסמאל אויסגעדריקט אין ווייניגע אבער שטארקע ווערטער, ווי זיין שטייגער איז געווען, האט אנגעגאסען א זעקסטע גלאז טיי און אריינגענאסען די גאנצע סמאנט, וואס איז איבערגעבליבען, האט גע־נומען די איבערגעבליבענע געבעקס — די דאמען האבען שוין לאנג געענדיגט דאס טיי טרינקען — האט זיך פארנייגט און איז אוועק צוריק אין קאבינעט מיט די אלע זאכען צו פארענדיגען זיין מאטעריעלען פארגניגען, און, אום צו זיין גאר א פריץ, האט ער זיך אויסגעצויגען אויף דער סאפע, אויף וועלכע אלע שלאפען געוויינליך, אבער וואס איז פאר איהם געווען א זעלטענער לוקסוס. „איך האב רעכט אויף דעם יום טוב, ווייל איך אפפער מיט 12 אדער 14 שעה צייט". ווען ער האט געענדיגט מיט דעם מאטעריעלען פארגניגען, האט ער זיך ווידער גענומען פאר דעם גייסטליכען פארגניגען — ד. ה. פאר'ן לייענען דעם פרוש אויף דניאל. ארום 9 אזייגער פון אבענד איז געקומען א פאליציי בעאמטער מיטהיילען דער פרוי פון דערשאסענעם די זאך. וואס איז שוין געווען אין גאנצען אויפגעקלעהרט; ראכ־מעטאוו האט געזאגט, אז די פרוי ווייס שוין, און עס איז ניטא וועגען וואס מיט איהר צו ריידען; דער בעאמטער איז געווען זעהר צופריעדען, וואס ער האט זיך בעפרייט פון א הערצרייסענדע סצענע. נאכהער זיינען געקומען מאשא און רחל, און מען האט אנגעהויבען פארנאנדער קלייבען די זאכען; רחל האט געפונען אז פאר אלץ, אויסער דעם גוטען פעלץ, וואס זי האט געהייסען ניט פארקויפען, ווארום אין דריי חדשים ארום וועט מען דאך סאי ווי סאי מוזען מאכען אן אנדערן, — ווערא פאוולאוונא האט איינגעשטימט דערצו — קען מען אלזא פאר אלץ געבען 450 רובעל; באמת האט מען ניט געטארט געבען מעהר לויט מערצאלאווא'ס אי־נערליכער איבערצייגונג. אויף אזא אופן איז ארום 10 אזייגער דער האנדעל גע־ווען אבגעשלאסען. רחל האט איבערגעגעבען 200 רובעל, מעהר האט זי ניט געהאט און וועט אבשיקען אין א טאג דריי ארום דורך מערצאלאווא, האט צוגענומען די זאכען און איז אוועקגעפאהרען. מערצאלאווא איז אבגעזעסען נאך א שעה, אבער עס איז שוין צייט צו געהן אהיים אנזייגען דאס קינד, און זי איז אויך אוועקגע־פאהרען, זאגענדיג אז זי וועט מארגען קומען באגלייטען אויפ'ן באהן.

ווען מערצאלאווא איז אוועקגעפאהרען, האט ראכמעטאוו צוזאמענגעלייגט

ניוטאנס „פרוש", האט אוועקגעשטעלט פּינקטליך אויף אַן אָרט, און האָט געשיקט מאשא פרעגן ביי ווערא פּאוולאָוונא, צי קען ער צו איהר אריין? ער קען, ער איז אריין מיט דער געוויינליכער ניט איילעניש און קאלטקייט.

— ווערא פּאוולאוונא, איך קען איצט אייך אין זעהר א הייכען גראד טרייס־טען. איצט קען מען שוין, פריהער האָט מען ניט געדאַרפט. זאגענדיג פאַראויס, אַז דער אַלגעמיינער פּועל יוצא פון מיין בעזוך וועט זיין א טרייסטענדער — איהר ווייסט דאָך, אַז איך רייד ניט קיין אומזיסטע ווערטער, און דערפאַר מעגט איהר פאַראויס שוין זיך בערוהיגען — וועל איך אייך דערצעהלען די זאך כסדר. איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך האָב באַגעגענט אַלעקסאַנדר מאַטוויייאיטש'ן און אַז איך ווייס אַלץ. דאָס איז טאַקי אמת, איך האָב זיך געזעהן מיט אלעקסאַנדר מאַטוויי־איטשען און איך ווייס טאַקי אַלץ. איך האָב אָבער ניט געזאָגט, אַז איך ווייס אַלץ פון איהם, און איך וואָלט עס ניט געקאָנט זאָגען, ווארום אין אמת'ן ווייס איך אַלץ ניט פון איהם, נאָר פון דימיטרי סערגייאַטש'ן, וועלכער איז אָבגעזעסען ביי מיר א שעה צוויי: איך האָב פאראוים געוואוסט, אַז ער וועט זיין ביי מיר, דערפאַר בין איך אין דער היים געווען: ער איז אָבגעזעסען ביי מיר א שעה צוויי, אָדער מעהר, נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעשריבען דעם צעטל, וואָס האָט אייך פערשאַפט אַזוי פיעל עגמת נפש. ער האָט געבעטען...

— איהר האָט געהערט, וואָס ער וויל טהאָן, און איהר האָט איהם ניט אָב־געהאַלטען?

— איך האָב אייך געבעטען זיך בארוהיגען, ווארום דער פּועל יוצא פון מיין בעזוך וועט זיין א טרייסטענדער. יא, איך האָב איהם ניט אָבגעהאַלטען, ווארום זיין בעשלוס איז געווען א גרינדליכער, ווי איהר וועט אַליין זעהן. איך האָב אָנ־געהויבען, אַז ער אַליין האָט מיר געבעטען פאַרברייגגען ביי אייך דעם אָבענד, ווייסענדיג אַז איהר וועט האָבען פאַרדרוס, און האָט מיר געגעבען א שליחות פאַר אייך. ער האָט דערפאַר דווקא מיר אויסגעקליבען פאַר דעם שליח, ווייל ער האָט געקענט מיך פאַר א מענשען, וואָס וועט ערפילען מיט בוכשטעבליכער פּינקט־ליכקייט די שליחות, פאַר וועלכע ער נעהמט זיך, און ווייל איהם קען מען ניט שטערן אויסצופיהרען פּינקטליך די זאך, פאַר וואָס ער נעהמט זיך דורך קיינע גע־פיהלען, דורך קיינע בקשות. ער האָט פאַראויס געזעהן, אַז איהר וועט אָנהויבען

בעטן, מען זאל זיין ווילען ניט ערפילען, און האט פאראויס געזעהן, אז איך וועל בלייבען ניט געריהרט דורך אייערע בקשות און טהאן וואס מען דארף. און איך וויל עס טהאן, און דערפאר בעט איך אייך אין פאראויס — ניט צו בעטען ביי מיר קיינע הנחות פון דעם, וואס איך וועל זאגען. זיין שליחות באשטעהט אין פאלגענדעם: ער, אוועקגעהענדיג, אום „אראפצוגעהן פון דער ביהנע"....

— מיין גאט, וואס האט ער געטהאן! ווי אזוי האט איהר געקאנט איהם ניט צוריקהאלטען?

— פארשטעהט זיין אויסדרוק: „ארונטער פון דער ביהנע" און פאראורטהיילט מיר ניט צו פריה. ער האט געברויכט דעם אויסדרוק אין דעם צעטל, וואס איהר האט בעקומען, ניט אמת? מיר וועלן עס געברויכען, ווייל עס איז זעהר ריכטיג און פאסיג אויסגעקליבען.

אין ווערא פאוולאוונאס אויגען האט זיך גענומען אויסדריקען א פערוואונדערונג; זי האט אנגעהויבען קלאהרער צו טראכטען: „איך ווייס ניט, וואס איז עס אזוינס? וואס זאל איך טראכטען"? יא, ראכמעטאוו איז, ניט קוקענדיג אויף די גאנצע אונגעלומפערקייט פון זיין דערצעהלען מיט אלע פרטים, געווען א גרויסער קינסטלער צו פיהרען א געשעפט. ער איז געווען א גרויסער פסיכאלאג, האט געוואוסט און האט געקאנט אויספיהרען די געזעצען פון שטופענווייזער פארבערייטונג.

— אלזא, אוועקגעהענדיג אום, לויט זיין ריכטיגען אויסדרוק, „ארונטער צו געהן פון דער ביהנע", האט ער מיר איבערגעלאזען א צעטל פאר אייך ...

ווערא פאוולאוונא איז אויפגעשפרונגען, — וואו איז דער צעטל? גיט עס אהער! און איהר האט געקאנט דא אבזיצען א גאנצען טאג, ניט איבערגעבענדיג עס מיר?

יא, איך האב געקאנט, ווייל איך האב געזעהן, אז עס איז נויטיג, באלד וועט איהר אבשאצען מיינע מאטיווען, זיי זיינען גרינדליך, אבער קודם כל דארף איך אייך ערקלעהרען דעם אויסדרוק, וואס איך האב געברויכט גאר אין אנפאנג: „דער פועל יוצא וועט זיין א טרייסטענדער". אונטער דעם טרייסטענדען פועל יוצא האב איך ניט פערשטאנען, וואס איהר וועט באקומען דעם צעטל צוליעב צוויי אורזאכען פון וועלכע די ערשטע אורזאך איז די, וואס דאס באקומען פון צעטל אליין

וואלט נאָך ניט געווען געגוג. בארוהיגונג, אום צו פארדינען דעם נאָמען טרייסט, ניט אמת? אום עס זאל זיין א טרייסט, איז נויטיג נאָך מעהר. אלזא דער טרייסט דארפט באשטעהן אין אינהאלט פון צעטל גופא.

ווערא פאוולאוונא איז ווידער אויפגעשפרונגען.

— בערוהיגט זיך. איך קען ניט זאגען, אז איהר האָט א טעות. נאָך דעם ווי איך האָב אייך פארבערייט וועגען דעם אינהאלט פון צעטל, בעט איך אייך אויס־הערען די צווייטע אורזאך, צוליעב וועלכע איך האָב ניט געקענט פארשטעהן אונטער „טרייסטענדען פועל יוצא“ דעם פאקט אליין, וואס איהר קריגט דעם צעטל. דער אינהאלט ווענעם כאראקטער מיר האָבען באשטימט, איז אזוי וויכטיג, אז איך האָב נאָר געקאנט, אייך עס בעווייזען, אבער ניט אבגעבען. איהר וועט עס דורך לייענען, אבער איהר וועט עס ניט באקומען.

— וואס הייסט? איהר וועט עס מיר ניט אבגעבען?

— אט טאקי דערפאר בין איך אויסגעקליבען, ווייל אן אנדערער אויף מיין ארט וואלט עס אבגעגעבען. דער צעטל קען ניט פערבלייבען אין אייערע הענד, ווייל צוליעב דער גרויסער וויכטיגקייט פון זיין אינהאלט, וועמעס כאראקטער מען האָט בעשטימט, דארף עס ניט בלייבען אין קיינעמס הענד. און איהר וואלט דאָך געוואלט עס בעהאלטען, אויב איך וואלט אייך אבגעגעבען. דערפאר, אום ניט צו זיין געצוואונגען ביי אייך אוועקצונעהמען מיט געוואלט, וועל איך עס ניט אבגעגעבען אייך, נאָר ווייזען. און ווייזען וועל איך אייך עס נאָר דאמאלט, ווען איהר וועט זיך זעצען, וועט אוועקלייגען די הענד אויף די קניע און איהר וועט מיר געבען אייער ווארט, אז איהר וועט די הענד ניט אויפהויבען. —

ווען דא וואלט געווען ווער עס איז א זייטיגער, וואלט ער, וואס פאר א פיהלענדע הארץ ער וואלט ניט געהאט, ניט געקאנט זיך ניט פארנאנדערלאכען איבער דעם פאראד פון דער גאנצער פראצעדור, און באזונדערס, צוליעב די צערעמאניעס פון דעם סוף. אמת, עס איז לעכערליך. אבער ווי גוט וואלט געווען פאר אונזערע נערווען, אויב מען וואלט געקאנט, ווען מע גיט אונז איבער קרעפטיגע ידיעות, אבהיטען כאטש א צענטען טהייל פון דער אויסגעהאלטענקייט, מיט וועלכע ראַבמעטאוו האָט איהר פארבערייט.

אבער ווערא פאוולאוונא, אלס ניט קיין זייטיגער מענש, האָט געקאָנט פיהלען נאָר די אויסגעמאַטערנדיגע זייט פון דער לאנגזאמיגקייט, און האָט אליין מיט זיך פארגעשטעלט א פיגור, איבער וועלכע דער בעאָבאַכטער האָט געקאָנט ניט ווייניגער חוזק מאכען, ווען זי האָט שנעל זיך אוועקגעזעצט, האַלטענדיג צוזאמענגעלייגט די הענד און מיט דער קאָמישסטער שטים ד. ה. א שטים פון מאַטערנדיגער אונגעדולד האָט זי אויסגעשריען: „איך שווער“!

ראכמעטאוו האָט אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש א בויגען פאפיר, אויף וועלכען עס איז געווען אנגעשריעבען א צעהן - צוועלף שורות.

ווי נאָר ווערא פאוולאוונא האָט געוואָרפען אויף זיי א בליק, איז זי אין זעלבען אויגענבליק געוואָרען אָן אנגעצונדענע, און פארגעסענדיג אלע שבועות, איז זי אויפגעשפרונגען, און ווי א בליץ האָט זיך א ציה געטהאָן איהר האַנד, א כאַפּ צו טהאָן דעם צעטל, אבער דער צעטל איז שוין געווען ווייט, אין ראכמעטאוו'ס אויפגעהויבענע האַנד.

— איך האָב עס פאָראויס געזעהן, און דערפאַר האָב איך, ווי איהר וואָלט אליין באמערקט, אויב איהר וואָלט נאָר געקאָנט באמערקען, ניט אבגעלאָזען די האַנד פון צעטל, איך וועל אויך ווייטער אזוי האַלטען דעם פאפיר ביים ברעג, כל זמן עס וועט ליעגען אויפ'ן טיש. דערפאַר וועלן אלע אייערע פּראָבעס עס א כאַפּ צו טהאָן זיין אומזיסט.

ווערא פאוולאוונא האָט זיך אוועקגעזעצט און צוזאמענגעלייגט די הענד. ראכמעטאוו האָט ווידער פאַר איהרע אויגען אוועקגעלייגט דעם צעטל, זי האָט צוואַנציג מאָל עס דורכגעלייענט אין אויפרעגונג. ראכמעטאוו איז געשטאַנען לעבען איהר געדולדיג, האַלטענדיג מיט'ן האַנד דעם ווינקעל פון פאפיר, אזוי איז אוועק ביי א פערטעל שעה. ענדליך האָט ווערא פאוולאוונא אויפגעהויבען די האַנד שוין געהאַרכזאם, ווי עס ווייזט אויס, ניט מיט עראבערונגס צוועקען און פאַרדעקט מיט איהר די אויגען: „ווי גוט ער איז, ווי גוט ער איז“! האָט זי ארויסגעזאָגט.

— איך טהייל ניט אין גאנצען אייער מיינונג, און דערפאַר זאָלן מיר זיך ערקלעהרען. דאס וועט שוין ניט זיין די ערפילונג פון זיין שליחות, נאָר אַן אויסדרוק פון מיין מיינונג, וועלכע איך האָב איהם אויך ארויסגעזאָגט ביי אונזער לעצטען

באנגענעז זיך. זיין שליחות איז נאָר בעשטאַנען אין דעם, איך זאָל אייך ווייזען דעם צעטל און נאָכהער עס פאַרברענען. האָט איהר גענוג זיך אַנגעקוקט אויף דעם?

— נאָך, נאָך. —

זי האָט ווידער צוזאַמענגעלייגט די הענד, ער האָט ווידער אוועקגעלייגט דעם צעטל און מיט דער פריהערדיגער געדולד אָבגעשטאַנען א גוטע פערטעל שעה. זי האָט ווידער פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט די הענד און אַלץ געטענה'עט: „אָ, ווי גוט ער איז, ווי גוט ער איז"!

— אויף וויפיעל איהר האָט געקאָנט אויסשטודירען דעם צעטל האָט איהר עס אויסגעשטודירט. אויב איהר וואָלט געווען אין א רוהיגען געמיטה צושטאַנד, וואָלט איהר ניט נאָר•עס געקאָנט אויף אויסווייניג, נאָר די פאָרמע פון יעדער בוכשטאַב וואָלט אויף אייביג זיך אויסגעשניטען אין אייער זכרון, אַזוי לאַנג און אויפמערקזאַם האָט איהר געקוקט אויף דעם. פאַראויסזעהענדיג אַזאַ פאַל, האָב איך געמאַכט א קאָפּיע פון דעם צעטל, און שטענדיג, ווען איהר וועט וועלען, קענט איהר ביי מיר זעהן די קאָפּיע. אין אייניגע צייט אַרום וועל איך זאָגאַר האַלטען פאַר מעגליך עס אייך אָבצוגעבען. איצט אָבער דענק איך אַז מען קען שוין פאַרברענען דעם אָריגינאַל, און דאַמאָלט וועט מיין שליחות זיין ערפילט.

— ווייזט נאָך. —

ער האָט ווידער אוועקגעלייגט דעם צעטל. ווערא פּאַוולאָוונאַ האָט דעם מאָל אָהן אויפהער אויפגעהויבען די אויגען פון פּאַפּיר; עס איז געווען קענטיג אַז זי לערנט אויס דעם צעטל אויף אויסווייניג און זעהט נאָך, צו האָט זי גוט אויסגעלערנט. אין עטליכע מינוט אַרום האָט זי א קרעכץ געטהאָן און האָט אויפגעהערט אויפצוהייבען די אויגען פון צעטל.

— איצט, ווי איך זעה, איז שוין גענוג, שוין צייט, עס איז שוין צוועלף אזייגער; איך וויל נאָך אייך אַרויסזאָגען מיינע געדאַנקען וועגען דער זאַך, ווייל איך האַלט, אַז עס איז נוצליך פאַר אייך צו וויסען מיין מיינונג וועגען דעם, זייט איהר מסכים?

— יאָ!

דער צעטל האָט אין איין אויגנבליק גענומען ברענען אויפ'ן פלאַם פון דער ליכט.

— אך! האָט ווערא פּאַוולאָווגא אויסגעשריען — ניט דאָס האָב איך גע־זאָגט, צו וואָס?

— יאָ, איהר האָט נאָר געזאָגט, אַז איהר זייט מסכים מיר אויסצוהערען. אבער שוין אלץ איינס, מען האָט דאָך געדאַרפט ווען עס איז פאַרברענען. ריידענדיג די ווערטער, האָט ראַכמעטאָוו זיך אוועקגעזעצט, — דערצו איז דאָך געבליבען אַ קאָפּיע פון צעטל. איצט, ווערא פּאַוולאָווגא, וועל איך אייך אַרויס־זאָגען מיין מיינונג וועגען דער זאַך. איך וועל אַנהויבען פון אייך. איהר פאַרט אַוועק. פאַרוואָס?

— מיר וואָלט געווען זעהר שווער דאָ צו פאַרבלייבען. דער אַנבליק פון די ערטער, וואָס וואָלטען מיר דערמאָנט די פערגאַנגענהייט, וואָלט מיך קראַנק געמאַכט.

— יאָ, דאָס איז אַן אונאַנגענעהמער געפיהל. אבער צו דען וואָלט אייך לייכטער געווען אין וועלכען עס איז אַנדער אָרט? ניט אויף פיעל לייכטער. און דערוויל וואָס האָט איהר געטהאָן? אום צו קריגען פאַר זיך אַ גאַנץ קליינע פערלייכטערונג, האָט איהר אַוועקגעוואָרפען אויף דעם פרייען ווילען פון דעם צופאַל דער שיקזאַל פון פופציג מענשען, וועמעס שיקזאַל איז געווען אבהענגיג פון אייך, איז דאָס גוט? —

וואו האָט זיך אַהין געטהאָן דער לאַנגווייליגער פאַראַד פון ראַכמעטאָווס טאָן! ער האָט גערעדט לעבעדיג, לייכט, איינפאַך, קורץ, בעגייסטערט.

— איך האָב דאָך אבער געוואָלט בעטען מערצאַלאָווא.

— דאָס איז ניט אַזוי. איהר ווייסט ניט, צו זי קען אייך פאַרבייטען אין וואַרקשטאַט; איהר פעהיגקייט דערצו איז דאָך נאָך ניט אויסגעפּרובירט. און דאָ פאָדערט זיך אַ פעהיגקייט אַ גאַנץ זעלטענע. צעהן שאַנסען געגען איינעם איז, אַז עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אייך פאַרבייטען און אַז אייער אוועקפאָהרען וועט אוועק־הרגנען דעם וואַרקשטאַט. איז דאָס גוט? איהר האָט געשטעלט אין געפאַהר פון כמעט אונפערמיידליכען אונטערגאַנג דעם פאַרמעגען פון פופציג מענשען. און צוליעב וואָס? צוליעב אַ קליינע בעקוועמליכקייט פאַר זיך. איז דאָס גוט? וואָס

פאר א צערטליכע זארג פאר די קלענסטער פערלייכטערונג פאר זיך און וואס פאר א געפיהללאזיגקייט צום שיקזאל פון אנדערע! ווי געפעלט אייך די זייט פון אייער האנדלען?

— פאר וואס זשע האט איהר מיר ניט אבגעהאלטען?

— איהר וואלט ניט געפאלגט, און איך האב דאך געוואוסט, אז איהר וועט באלד קומען צוריק, וועט עס קיין גרויס ווירקונג ניט האבען, פיהלט איהר זיך שול־דיג?

— יא, שולדיג ארום און ארום, האט ווערא פאוולאוונא געזאגט, צום טהייל אין א שפאס און צום טהייל, יא מעהר ווי צום טהייל, ערנסט.

— ניין, דאס איז נאר איין זייט פון אייער שולד, ארום און ארום וועט זיין פיעל מעהר, אבער פאר די חרטה וועט קומען די באלוינונג: הילף און פארריכטען א צווייטע זינד, וואס מען קען נאך פארריכטען. איהר זייט איצט רוהיג, ווערא פאוולאוונא?

— יא, כמעט.

— גוט. וואס דענקט איהר, מאשא שלאפט? צו דארפט איהר זי האבען איצט אויף וואס עס איז?

— געוויס ניט.

— איהר האט זיך דאך שוין בארוהיגט: הייסט עס, אז איהר האט שוין געקאנט זיך דערמאהנען איהר צוזאגען: געה שלאפען, עס איז שוין איינס אזייגער, און זי שטעהט דאך אויף גאנץ פריה. איך וועל געהן איהר זאגען, זי זאל זיך לייגען, און טאקי דא פאר אייער נייע חרטה — איהר האט דאך שוין ווידער חרטה — א נייע בעלוינונג; איך וועל צוזאמענקלייבען וואס דארט איז פארהאן פאר אייך אויף אבענד עסען. איהר האט דאך היינט קיין מיטאג נאך ניט געגעסען; און איצט, דענק איך, האט איהר שוין אפעטיט?

— יא, פארהאן; איך זעה, אז עס איז פארהאן און זאגאר זעהר, ווען איהר האט מיר דערמאהנט, — האט ווערא פאוולאוונא געזאגט שוין לאכענדיג אין גאנצען.

ראכמעטאוו האט געבראכט די קאלטע שפייזען, וואס זיינען געבליבען פון מיטאג עסען, — מאשא האט איהם אנגעוויזען אויף קעז, א סלאיטשיק מיט שוועמ־לאך, א גוטען צוביים — ער האט געבראכט צוויי טעלער, האט אלץ אליין געטהאן.

— זעהט איהר, ראַכמעטאָוו, מיט וואָס פאַר אַ חשק איך עס, הייסט עס, עס האָט זיך געוואָלט; איך האָב דאָך ניט געפיהלט, פאַרגעסען אַז זיך, פאַרגעסען אַז מאַשאַ.

— איך אַליין בין ניט אַזאַ וואונדער פון זאָרג פאַר אַנדערע, וואָס איך האָב זיך דערמאָנט אַן אייך און אַן אייער אַפּעטיט: מיר אַליין האָט זיך פאַרוואָלט עסען, איך האָב שלעכט געגעסען צו מיטאָג; אמת איז אפילו, אַז איך האָב אויפ־געגעסען אַזוי פיעל אַז אַן אַנדערן וואָלט עס אונטער די אויגען געוועזן גענוג אויף אַנדערהאַלבען מיטאָג'ן, אַבער איהר ווייסט דאָך, ווי איך עס — פאַר צוויי פויערים.

— אָך, ראַכמעטאָוו, איהר זייט געוועזן אַ גוטער מלאך ניט נאָר פאַר מיין אַפּעטיט, אַבער צו וואָס זייט איהר אַ גאַנצען טאָג געזעסען, ניט בעווייזענדיג דעם צעטל? פאַר וואָס האָט איהר אַזוי לאַנג מיך געמאַטערט?

— די אורזאַך איז אַ גאַנץ גרינדליכע, עס איז געוועזן נויטיג, אַז אַנדערע זאָלן זעהן, ווי צורודערט איהר זייט, אַז די בייעס וועגען אייער שרעקליכע צורודערטקייט זאָל זיך פאַרנאַנדערטראַגען, כדי די פּאַסירונג זאָל אַנגענומען ווערן פאַר ריכטיג. איהר וואָלט דאָך ניט געוואָלט זיך פאַרשטעלן, און מען קען די נאַטור מיט קיין זאַך ניט פאַרבייטען אין גאַנצען, די נאַטור ווירקט דאָך מעהר איבערצייגענד. איצט זיינען דאָ דריי קוועלען, וואָס בעווייזען אַז די פּאַסירונג איז אמת: מאַשאַ, מערצאַלאָוואַ און רחל. מערצאַלאָוואַ איז אַ בעזונדערס וויכטיגע קוואַל — דאָס איז דאָך שוין גענוג פאַר אַלע אונזערע בעקאַנטע. איך בין געוועזן זעהר צופרידען מיט אייער געדאַנק צו שיקען נאָך איהר.

— וואָס פאַר אַ כיטריאַק איהר זייט, ראַכמעטאָוו.

— יאָ, דאָס איז ניט נאַריש צוגעטראַכט — צו וואַרטען ביז ביינאַכט. נאָר ניט איך האָב אויסגעטראַכט; דאָס האָט דימיטרי סערגייעוויטש אַליין אויסגע־טראַכט.

— ווי גוט ער איז! ווערא פּאַוולאָוונאַ האָט אַ קרעכץ געטהאָן, נאָר, דעם אמת זאָגענדיג, האָט זי אַ קרעכץ געטהאָן ניט מיט טרויער, נאָר מיט דאַנקבאַר־קייט.

— ע, ווערא פּאַוולאָוונאַ, וועגען דעם וועלן מיר נאָך אַרום ריידען. אין דער לעצטער צייט האָט ער טאַקי אַרומגעטראַכט אַלץ קלוג און געהאַנדעלט אויסגע־

צייכענט. אבער מיר ווען אויף איהם אויך געפינען חטאים און גאנץ גרויסינקע.

— איהר האט קיין העזה ניט, ראכמעטאוו, אזוי צו ריידען וועגען איהם. איהר הערט, איך וועל בייז ווערן.

— איהר הויבט גאר אן בונטעווען? פאר דעם קומט שטראף. זאל איך אייך ווייטער באשטראפען? דער צעטל פון אייערע פארברעכענס האט זיך דאך נאר וואס אנגעהויבען.

— באשטראפט, באשטראפט.

— פאר דאס אונטערגעבען זיך קומט א באלוינונג, דאס אונטערגעבען זיך ווערט שטענדיג באלוינט. ביי אייך וועט זיך געווים געפינען א פלעשעל ווייך. עס וועט ניט שאדען פאר אייך צו טהאן א טרונק, וואו קען מען עס געפינען? אין בופעט. אדער וואו עס איז אין שאפ?

— אין בופעט — אין בופעט איז געבליבען א פלעשעל כערעס. ראכמעטאוו האט געצוואונגען ווערא פאוולאוונא אויסצוטרינקען צוויי גלעזלאך און אליין האט ער פאררויכערט א ציגאר.

— וואס פאר א שאדען, וואס איך קען ניט אויסטרינקען דריי־פיער גלעזלאך, עס וואלט זיך געוואלט.

— צו דען וואלט זיך געוואלט, ראכמעטאוו?

— עס פיהלט זיך, א קנאה, ווערא פאוולאוונא, האט ער געזאגט שפאסענדיג — דער מענש איז שוואך!

— איהר זייט נאך אויך שוואך, גאט צו דאנקען, אבער, ראכמעטאוו, איך וואונדער זיך אויף אייך, איהר זייט גאר ניט אזא, ווי איהר האט מיר אויסגעוויזען. פאר וואס זייט, איהר שטענדיג אזא פארכמורעטע משונה'דיג באשעפעניש? אט זייט איהר דאך א ליעבער, היימליכער מענש.

— ווערא פאוולאוונא, איך ערפיל איצט א פרעהליכע פליכט, פאר וואס זאל איך ניט זיין פרעהלאך? נאר דאס איז דאך א צופאל, א זעלטענהייט. בכלל אבער זעהסטו ניט קיין היימליכע זאכען; טו ווי אזוי זאלסטו ניט זיין קיין פארכמורע־טע באשעפעניש? נאר ווערא פאוולאוונא, אויב אייך איז שוין יא אויסגעקומען מיר צו זעהן אין אזא שטימונג, אין וועלכער איך וואלט שטענדיג געוואלט זיין, און ביי אונז איז שוין דערגאנגען צו אזעלכע אפענהערציגע געשפרעכען — זאל

עס בלייבען א סוד, אז איך בין ניט מיט'ן גוטען ווילען א פארכמורעטע באשעפע־ניש. מיר איז לייכטער צו ערפילען מיין פפליכט, ווען מען באמערקט ניט, אז מיר אליין וואלט זיך געוואלט ניט נאר ערפילען מיין פפליכט, נאר אויך זיך פרעהען מיט'ן לעבען; איצט באמיהט מען שוין זיך ניט צו מיר צוצושטעהן און מען נעהמט ביי מיר ניט אוועק קיין צייט אויף דארפען זיך ענטזאגען פון איינלאדונגען און כדי איך זאל זיין לייכטער זיך פארצושטעלען מיך ניט אנדערש, ווי אלס א כמורנע בעשעפעניש, דארף מען פארטזעצען די אונטערזוכונג וועגען אייערע פארברעכענס.

— צו וואס דארפט איהר נאך? איהר האט שוין אזוי אויך אויסגעזוכט צוויי: געפיהללאזיגקייט נעגען מאשא און געפיהללאזיגקייט נעגען וואַרקשטאַט. איך נעהם אויף זיך א תשובה.

— די געפיהללאזיגקייט נעגען מאשא איז נאר א חטא, ניט קיין פאר־ברעכען: מאשא וואלט ניט אומגעקומען, ווען זי וואלט נאך אן איבעריגע שעה זיך געריבען די פארשלאפענע אויגען; פארקעהרט זי האט עס נאך געטהאן מיט אן אנגענעהמען געפיהל, וואס זי ערפילט איהר פפליכט. אבער פאר דעם וואַרקשטאַט וויל איך באמת אייך דערנעהמען.

— איהר האט מיר דאך שוין דערנומען.

— נאך ניט גענוג, איך וויל דורך און דורך אייך דערנעהמען. ווי האט איהר געקאנט עס אוועקווארפען אויף אונטערגאנג?

— איך האב דאך שוין חרטה געהאט, און דאך ניט אוועקגעווארפען; מער־צאלאווא האט דאך מסכים געווען מיין פלאטץ צו פארנעהמען.

— מיר האבען שוין גערעדט, אז אייער פלאן צו לאזען אייער פלאטץ פאר־טרעטען דורך אן אנדערן איז ניט קיין גענוגענדע ענטשולדיגונג. מיט דעם אויס־רייד האט איהר זיך אליין דאך געכאפט ביי א נייעם פארברעכען. ראכמעטאוו האט ביסלעכווייז ווידער אנגענומען אן ערנסטען כאטש ניט קיין כמורנעם טאָן. — איהר זאגט, אז זי פערבייט אייך — איז עס בעשלאסען?

— יא, האט ווערא פאוולאוונא געזאגט, אהן דעם פריהערדיגען שפאס, שוין פיהלענדיג, אז פון דעם קומט באמת ארויס עפעס א ניט גוטע זאך.

— טו זייט אזוי גוט און קוקט זיך איין. די זאך איז באשלאסען פון וועמען? פון אייך און פון איהר, גאר ביי קיינעם ניט געפרעגטערהייט: צו זיינען פופציג

מענשען מסכים אויף אזא ענדערונג, צו ווילען זיי ניט עפּעס וואס אַנדערש, צו האָבען זיי ניט עפּעס וואס בעסערס? דאס איז דאָך דעספּאָטיזם, ווערא פּאַוור־לאַוונא. אט רעכענען זיך שוין אויף אייך צוויי גרויסע פארברעכענס: אהן רחמנות און דעספּאָטיזם. דאס דריטע פארברעכען איז אבער נאָך שווערער, אַז איינריכטונג וואס האָט מעהר אדער ווייניגער גוט זיך צוגעפּאסט צו די געזונטע אידעען וועגען עקאנאמישען לעבען און וואס האָט געדיענט פאר א מעהר אדער ווייניגער וויכטיגע בעשטעטיגונג, אַז די אידעען זיינען פּראקטיש — און פּראק־טישע בעווייזע דערפון זיינען דאָך דא אזוי ווייניג, יעדע איינע איז דערפאר אזוי וויכטיג — אט די איינריכטונג שטעלט איהר אין געפאהר זי זאָל אונטערגעהן און ווערען פון דעם בעווייז ווי פּראקטיש די אידעען זיינען, גאָר אַן עדות ווי ווילד אייערע איבערצייגונגען זיינען, ווי זיי לאָזען זיך ניט געברויכען אין דער פּראקטיק, א מיטעל אבצופרעגען די אידעען, וואס זיינען אַ ברכה פאר די מענשהייט! איהר האָט געגעבען א בעווייז געגען אייערע הייליגע פּרינציפּען אין די הענד פון די פאר־טהיידיגער פון פינסטערניש און שלעכטס. איצט רייד איך שוין ניט וועגען דעם, וואס איהר האָט צושטערט דעם פארמעגען פון 50 מענשען! איהר האָט געבראכט שאַדען דער זאַך פון דער מענשהייט, האָט פערראטהען דער זאָך פון פּארשריט. דאס איז א זאַך, וואס מען רופט אויף דער שפּראַך פון דער קירך זינד געגען היי־ליגען גייסט — א זינד, וועגען וועלכען עס ווערט געזאגט, אַז אלע זינד קען פאר־געבען ווערען א מענשען, נאָר ניט די זינד — פאר קיין פאל ניט, קיין מאָל ניט. איז עס אמת? פארברעכערין? עס איז אבער גוט, וואס אלץ האָט זיך אזוי גע־ענדיגט, אַז אייערע זינד זיינען אבגעטהאָן געווארען נאָר אין אייער געדאנק. איהר זייט אבער אין אמת'ן רויט געווארען, ווערא פּאוולאוונא. גוט, איך וועל אייך ברייגען א טרייסט. אויב איהר וואלט אזוי פיעל ניט געליטען, וואלט איהר אזוי פיעל זינד ניט אבגעטהאָן אויך אין געדאנקען. הייסט עס אַז דער אמת'ער פאר־ברעכער אויך אין די זאכען, און איז דער, ווער עס האָט אייך אזוי ארויסגעבראכט פון די כלים. און איהר טענה'עט אלץ: ווי גוט ער איז, ווי גוט ער איז!

— ווי? לויט אייך קומט אויס, אַז ער איז שולדיג, וואס איך האָב געליטען?

— ווער דען זשע? און אט דער גאנצער עסק — ער האָט איהם גוט דורכ־געפיהרט, איך לייקען עס ניט — אבער צו וואס איז עס נויטיג געוועזן? צו וואס אט דער גאנצער גערויש? דאס אלץ האָט גאר ניט געדארפט פארקומען.

— יא, איך האָב ניט געדאַרפט האָבען דעם געפיהל, איך האָב עס אבער דאָך ניט גערופען, איך האָב זיך דאָך באַמיהט עס צו אונטערדריקען.

— אָט דאָס טאַקי האָט איהר ניט געדאַרפט טהאָן. אין וואָס איהר זייט יא שולדיג, דאָס האָט איהר אַפילו ניט באַמערקט, אבער אין וואָס איהר זייט גאַר ניט שולדיג, פאַר דעם עסט איהר זיך! דער געפיהל האָט געמוזט אַרויספּקומען, ווי באַלד אייער כאַראַקטער און דער כאַראַקטער פון דימיטרי סערגייאיטש זיינען באַשטימט; אויב ניט אַזוי, וואָלט געווען אַנדערש, ענטוויקעלט וואָלט עס זיך; דער גרונד געפיהל איז דאָך דאָ ניט דאָס וואָס איהר האָט אַן אַנדערן האָלט געקראָגען, דאָס איז שוין נאָר אַ רעזולטאַט; דער גרונד געפיהל איז געווען אייער ניט צופרידענהייט מיט די פריהערדיגע בעציהונגען. אין וועלכע פאָרמע האָט די ניט צופרידענהייט געזאָלט זיך ענטוויקלען? אויב איהר און ער, אָדער כאָטש איינער פון אייך וואָלטען געווען מענשען ניט קיין ענטוויקעלטע, ניט קיין דעליקאַטע אָדער פאַרדאָרבענע, וואָלט עס זיך ענטוויקעלט אין דער געוויינליכער פאָרמע — אין אַ פיינדשאַפט צווישען מאַן און ווייב, איהר וואָלט זיך געריסען צווישען זיך, אויב איהר ביידע וואָלטען געווען פאַרדאָרבען, אָדער איינער פון אייך וואָלט געגריזעט דעם צווייטען, און דער צווייטער וואָלט אַ צוגריזעטער געוואָרען — יעדענפאַלס וואָלט געווען אַ פאַמיליען - קאַטאַרגע, פון וועלכע מיר קוועלען אַז אין דעם גרעסטען טהייל פון די פאַמיליעס; דאָס וואָלט געוויס ניט געשטערט, אַז עס זאָל זיך ענטוויקלען אויך אַ ליעבע צו אַ צווייטען, אבער די הויפּט זאַך וואָלט געווען אין איהר, דער קאַטאַרגע, און דער גריזענען איינער דעם צווייטען. ביי אייך האָט די אונצופרידענהייט ניט געקאָנט אָננעהמען אַזאַ פאָרמע, ווייל איהר ביידע זייט אָנשטענדיגע מענשען און דערפאַר האָט זי זיך ענטוויקעלט אין דער גרינגסטער ווייכסטער, אונשולדיגסטער פאָרמע, אין אַ ליעבע צו אַ צווייטען. הייסט עס, אַז וועגען די ליעבע צום צווייטען איז גאַר ניטאָ וואָס צו ריידען: ניט אין איהר ליעגט דער תוך. דער תוך פון דער זאַך איז די אונצופרידענהייט מיט דער פריהערדיגער לאַגע. די אורזאַך פון דער אונצופרידענהייט איז די ניט גלייכקייט פון די כאַראַקטערען. איהר זייט ביידע גוטע מענשען, אבער ווען אייער כאַראַקטער, וועראַ פּאַוולאָוונאַ איז געוואָרען צייטיג, האָט פאַרלאָרען די קינדערשע ניט באַשטימטקייט און האָט באַקומען באַשטימטע שטריכען, האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז איהר און דימיטרי סערגייאיטש טויגען ניט איינער פאַר'ן צווייטען. וואָס

איז דא פאר א חטא פון איינעם געגען צווייטען? אט בין איך דאך אויך א גוטער מענש, צו וואלט איהר געקאנט זיך איינלעבען מיט מיר? איהר וואלט זיך אויפ־געהאנגען פון אומעט מיט מיר — וויפיעל טעג דענקט איהר וואלט עס גענומען?

— ניט קיין סך טעג, האט ווערא פאוולאוונא געענטפערט לאכענדיג.

— ער איז ניט אזא כמורנע באשעפעניש ווי איך, פון דעסטוועגען זייט איהר און ער גאר קיין פאר קליידער ניט. ווער האט עס געדארפט באמערקען דער ערשטער? ווער איז עלטער אין יאהרען, וועמעס כאראקטער האט פריהער זיך פעסט געשטעלט, ווער האט געהאט מעהר ערפארונגען אין לעבען? ער האט עס געדארפט פאראויסזעהן און אייך פארבערייטען, איהר זאלט זיך ניט שרעקען און זיך ניט אויפעסען, און ער האט עס פערשטאנען נאר דאמאלט, ווען עס איז שוין אין גאנצען געוועזען ענטוויקעלט דער געפיהל וואס ער האט געדארפט ערווארטען און ניט ערווארט, נאר ווען עס האט זיך שוין זאגאר אלס רעזולטאט פון דעם גע־פיהל זיך באוויזען אן אנדער געפיהל. פאר וואס האט ער ניט פאראויסגעזעהן און ניט באמערקט? צו איז ער א נאר, וואס? געהאט שכל גענוג. ניין, פון ניט אויפמערקזאמקייט, פון נאכלאסיגקייט, ער האט פארנאכלאסיגט זיינע בע־ציהונגען צו אייך, ווערא פאוולאוונא — אט וואס! און איהר טענה'עט אלץ: א גוטער איז ער, געליעבט האט ער מיר! — ראכמעטאוו איז אלץ מעהר אריין אין התפעלות און האט שוין גערעדט מיט היץ. אבער ווערא פאוולאוונא האט איהם אבגעשטעלט.

— איך דארף ניט הערען וואס איהר רעדט — האט זי געזאגט מיט אטאן פון א שארפער אונצופרידענהייט — איהר באשיט מיט פארווירפע א מענשען, וועמען איך בין דאנקבאר אהן א שעור.

— ניין, ווערא פאוולאוונא, אויב איהר וואלט עס ניט געדארפט הערען, וואלט איך עס ניט גערעדט. וואס מיינט איהר, איך האב עס ערשט היינט באמערקט? צו דען וואלט איך ערשט היינט עס געקאנט אייך זאגען? איהר ווייסט דאך, אז אויסמיידען א געשפרעך מיט מיר קען מען ניט, אויב מיר קומט אויס, אז דער גע־שפרעך איז נויטיג. הייסט עס, איך וואלט עס געקאנט אייך זאגען אויך פריהער, איך האב אבער געשוויגען. הייסט עס, ווי באלד איך האב איצט גענומען ריידען, דארף מען ריידען, איך זאג קיין זאך ניט פריהער איידער מען דארף. איהר האט

דאָך געזעהן, ווי אַזוי איך האָב דעם צעטל געהאַלטען ביי זיך אין קעשענע גאַנצע ניין שעה, כאָטש עס האָט מיר געריסען די האַרץ צו קוקען אויף אייך, עס איז אָבער נויטיג געווען צו שווייגען, און איך האָב געשוויגען. הייסט עס, ווי באַלד איך האָב איצט גענומען ריידען וועגען דעם, וואָס איך האָב שוין זעהר לאַנג גע־טראַכט וועגען דימיטרי סערגייאַיטשעס בעציהונגען צו אייך, הייסט־עס, אַז מען דאַרף וועגען דעם ריידען.

— ניין, איך וויל ניט הערען — האָט ווערא פּאַוולאָוונא מיט גרויס היץ גע־זאָגט — איך בעט אייך, ראַכמעטאָוו, אַנטשווייגען צו ווערען. איך בעט אייך אַוועקצוגעהן. איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר, וואָס איהר האָט צוליעב מיר פאַרלאָ־רען אַזאַ אָבענד, אָבער איך בעט אייך אַוועקצוגעהן.

— ענטשידען?

— ענטשידען.

— גוט, האָט ער געזאָגט לאַכענדיג, — ניין, ווערא פּאַוולאָוונא, פון מיר וועט איהר אַזוי לייכט ניט פּטור ווערען. איך האָב פאַראויס געזעהען די מעג־ליכקייט און האָב גענומען מיינע מיטלען. יענעם צעטל, וואָס איך האָב פאַר־ברענט, האָט ער אַליין אָנגעשריבען. דעם צעטל אָבער האָט ער אָנגעשריבען אויף מיין בקשה. דעם צעטל קען איך אייך איבערלאָזען, ווארום דאָס איז ניט קיין דאָקומענט. אָט האָט איהר עס. ראַכמעטאָוו האָט דערלאַנגט ווערא פּאַוולאָוונא אַ צעטל.

„דעם 11־טען יולי, 2 אַזייגער ביי נאַכט. ליעבער פריינד, ווערא־טשקאַ, הער אויס אַלץ, וואָס ראַכמעטאָוו וועט דיר זאָגען. איך וויים ניט, וואָס ער וויל דיר זאָגען, איך האָב קיין זאַך איהם ניט איבערגעגעבען דיר צו זאָגען, ער האָט מיר אַפילו קיין אָנצוהערעניש ניט געגעבען וועגען וואָס ער וועט מיט דיר ריידען. איך וויים אָבער, אַז ער רעדט קיין מאָל קיין זאַך ניט, אויסער וואָס עס איז נויטיג. דיין ד. ד.“

ווערא פּאַוולאָוונא האָט אונצעהליגע מאָהל געקושט דעם צעטל.

— פאַר וואָס האָט איהר עס מיר ניט אָבגעגעבען? טאָמער האָט איהר נאָך וואָס פון איהם?

— ניין, מעהר האָב איך קיין זאַך ניט, ווארום מעהר איז קיין זאַך ניט נויטיג

געוועז. פאר וואס האב איך ניט אבגעגעבען? כל זמן מען האט עס גיט גע־דארפט, האט מען ניט געדארפט אבגעבען.

— מיין גאט, וואס הייסט צו וואס? כדי מיר דעם פארגניגען צו פארשאפען צו האבען פון איהם עטליכע שורות נאך אונזער צושיידען זיך.

— סאידען צוליעב דעם — נו, דאס איז ניט אזוי וויכטיג, — ער האט א שמייכעל געטהאן.

— אך ראכמעטאוו, איהר ווילט מיר טהאן להכעים!

— הייסט עס, אז דער צעטל איז גאר אן אורזאך פון א נייעם קריג צווישען אונז — האט ער ווידער געזאגט לאכענדיג —, אויב אזוי וועל איך עס צונעהמען ביי אייך און פארברענען; איהר ווייסט דאך, אז וועגען אזוינע מענשען, ווי איך און איהר זייט, זאגט מען אז זיי האבען קיין הייליגקייט ניט. מיר זיינען דאך פעהיג אויף אלע גזלעוואויסטווע און געוואלדטהאטען. אבער צו קען איך ווייטער אנגעהן מיט מיין געשפרעך? — זיי ביידע זיינען קעלטער געווארען, זי פון דעם, וואס זי האט דעם צעטל באקומען, ער פון דעם, וואס ער איז געזעסען עטליכע מינוט שווייגענדיג, כל זמן זי האט דעם צעטל געקושט.

— יא, איך בין פארפליכטעט צו הערען.

— ער האט ניט באמערקט דאס, וואס ער האט געדארפט באמערקען — האט ראכמעטאוו אנגעהויבען אין א רוהיגען טאן — דאס האט ארויסגערופען שלעכטע רעזולטאטען. אויב מען זאל איהם אפילו ניט באשולדיגען פאר דאס, וואס ער האט ניט באמערקט, איז עס אבער אויך ניט קיין ענטשולדיגונג פאר איהם. זאל זיין, ער האט ניט געוואוסט, וואס עס האט געמוזט ארויסקומען פון דעם תוך פון די בעציהונגען צווישען אייער כאראקטער און זיינעם, האט ער אבער יעדענ־פאלס געדארפט אייך פארבערייטען צו עטוואס עהנליכעם, פשוט ווי צו א צופאל, וועלכען מען וואלט ניט וועלען, וועלכען מען ערוואט ניט, אבער וועלכער קען זיך מאכען: מען קען דאך ניט גאראנטירען פאר די צוקונפט, וואס עס קען זיך מאכען. פון אט דעם אמת, אז עס קומען פאר פארשיידענע צופעלע, דאס האט ער דאך בלי ספק געוואוסט. ווי אזוי זשע האט ער אייך געלאזען אין אזא צושטאנד פון די געדאנקען, אז ווען דאס האט פאסירט, זייט איהר געוועזן ניט פארבערייט? דאס, וואס ער האט עס ניט פאראויסגעזעהען, איז געקומען פון פערנאכלעסיגונג.

וואס איז באליידיגענד פאר אייך, אבער וואס איז פאר זיך אליין ניט גוט, ניט שלעכט; דאס אבער, וואס ער האט אייך ניט פארבערייטעט איז געקומען פון א מאטיוו דורכאויס א שלעכטען. געוויס, ער האט געהאנדעלט אונבעוואוסט. אבער די נאטור ווייזט זיך דאך ארוים דוקא אין אזוינע זאכען, וואס ווערען גע־טהאן אונבעוואוסט. אייך דערצו פארצובערייטען וואלט געוועהן געגען זיינע נוצען, ווארום דורך די פארבערייטונג וואלט אבגעשוואכט געווארען ביי אייך דער ווידערשטאנד געגען א געפיהל וואס שטימט ניט מיט זיינע אינטערעסען. ביי אייך איז אויפגעקומען אזא שטארקער געפיהל, אז אייער שטארקסטער ווידערשטאנד גע־גען דעם האט זיך ארויסגעוויזען אומזיסט; נאר דאס איז דאך ווידער א צופאל, וואס עס האט אויסגעבראכען מיט אזא קראפט. ווען דאס וואלט ארויסגערופען גע־ווארען דורך א מענשען, וואס פארדיענט עס ווייניגער ווי יענער, כאטש אויך א ווירדיגער, וואלט עס שוואכער געווען. אזוינע שטארקע געפיהלען געגען וועלכע דיעזער קאמפף איז אומזיסט זיינען אזעלטענע אויסנאהם. פיעל מעהר שאנסען זיינען פארהאן, אז עס זאלען זיך בעווייזען אזוינע געפיהלען, וואס מען קען יא גובר זיין, אויב די קראפט פון ווידערשטאנד איז נאר ניט אבגעשוואכט. אט צוליעב די מעגליכע שאנסען האט איהם זיך ניט געוואלט עס אבשוואכען. אט דאס איז דער מאטיוו, צוליעב וועלכען ער האט אייך געלאזען א ניט פארבערייטע און האט אייך געמאכט אזוי פיעל צו ליידען. ווי געפעלט עס אייך?

— דאס איז ניט אמת, ראכמעטאוו. ער האט פון מיר ניט בעהאלטען זיינע געדאנקען, זיינע איבערצייגונגען זיינען מיר געווען פונקט אזוי בעקאנט ווי אייך.

— געוויס, ווערא פאוולאוונא, בעהאלטען וואלט שוין געווען צו פיעל, צו־שטערן, אז ביי אייך זאל זיך ענטוויקלען איבערצייגונגען, וואס שטימען מיט זיינע איבערצייגונגען, זיך פארשטעלען, אז ער דיינקט ניט דאס, וואס ער דענקט, אזא זאך וואלט שוין געווען איינפאך ניט עהרליך. אזא מענשען וואלט איהר קיין מאל ניט געליעבט. צו דען האב איך געזאגט, אז ער איז א פערדארבענער מענש? ער איז א מענש, זעהר א גוטער, וואס הייסט ניט קיין גוטער? — איך וועל איהם ליבען ווי פיעל איך געלוסט זיך אליין. איך זאג נאר, אז פריהער איידער די זאך [illegible] געשעהן, נאך דעם ווי די זאך איז געשעהן האט ער געהאנדעלט גוט, — אבער פריהער, איידער עס איז געשעהן האט ער געגען אייך ניט גוט

געהאנדעלט. צוליעב וואס האָט איהר זיך געפייניגט? ער האָט גע־זאגט — און עס איז נאר געוועזן איבעריג צו זאגען, דאס האָט מען אליין געקאנט זעהן — אז צוליעב דעם, כדי איהם ניט אנצוטהאָן קיין עגמת נפש. ווי אזוי זשע האָט ביי אייך געקאנט בלייבען דער געדאנק, אז דאס וועט איהם זעהר שטארק ערגערען? אזא געדאנק האָט איהר ניט געדארפט האָבען. וואס פאר'ע ערגערניש? דאס איז נאריש. וואס פאר'ע אייפערזוכט גאר?

— איהר אנערקענט ניט קיין אייפערזוכט, ראכמעטאוו?

— ביי אן ענטוויקעלטען מענשען דארף עס ניט זיין. דאס איז א פארדארבען געפיהל, דאס איז א שענדליך געפיהל, דאס איז אן ערשיינונג פון יענע ארדנונגען לויט וועלכע איך גיב קיינעם ניט טראגען מיינע וועש און לאז קיינעם ניט פאר־רייכערען פון מיין ציגארען־שפיץ: דאס איז א פועל יוצא פון דעם בליק אויף א מענשען, ווי אויף מיינע אן אייגענטהום, ווי אויף א זאך.

— אבער, ראכמעטאוו, אויב מען זאל ניט אנערקענען קיין אייפערזיכט, קען דאך ארויסקומען שרעקליכע רעזולטאטען.

— פאר דעם, וואס ליידעט דערפון איז שרעקליך: פאר דעם אבער, וואס ליידעט דערפון ניט איז עס ניט נאר ניט שרעקליך, נאר זאגאר ניט וויכטיג.

— איהר פרעדיגט דאך אבער פולע אונזיטליכקייט, ראכמעטאוו!

— אזוי דוכט זיך עס אייך אויס, נאך דעם ווי איהר האָט פיער יאהר מיט איהם אבגעלעבט? אט איין דעם טאקי ליענט זיין שולד. ווי פיעל מאָל א טאג עסט איהר מיטאג? איין מאָל. וואלט ווער עס איז געהאט צו אייך פרעטענזיעס, אויב איהר וואלט אנגעהויבען עסען צוויי מאָל? וואהרשיינליך ניט. פאר וואס זשע טהוט איהר עס ניט? צו דען האָט איהר מורא וועמען עס איז צו ערגערען? וואהרשיינליך, איינפאך דערפאר, ווייל איהר דארפט עס ניט, ווייל אייך ווילט עס זיך ניט, און מיטאג עסען איז דאך אן אנגענעהמע זאך. דער שכל, און הויפט־זעכליך, דער מאגען זאגען אייך, אז איין מיטאג איז אנגענעהם, א צווייטער אבער וואלט שוין געוועזן אונאנגענעהם, אבער אויב איהר האָט א פאנטאזיע, אדער א קראנקהאפטען חשק צו עסען צוויי מאָל מיטאג, צו וואלט אייך צוריקהאלטען די מורא וועמען עס איז צו פארשאפען דורך דעם עגמת נפש? ניין, אויב ווער עס איז

וואָלט זיך געערגערט דערפון, אדער וואָלט עס אויך פארבאטען, וואָלט איהר אנ־געהויבען זיך בעהאלטען, וואָלט איהר אנגעהויבען עסען די שפּייזען אין א שלעכטען צושטאנד, וואָלט איינגעריכטעט די הענד פון שנעלען כאפּען די שפּייז, וואָלט איינ־געשמוצט די קלייד פון דעם, וואס איהר וואָלט עס בעהאלטען אין די קעשענעס — דאס גאר, די פראגע איז דא ניט: צו עס איז מאראליש, צו ניט, נאָר צו איז קאנ־טערבאנדע א גוטע זאך. ווער האלט זיך אן דער מיינונג, אז אייפערזוכט איז א געפיהל, וואס פארדיענט מען זאל עס אכטען און שאנעווען, אז „אך, אויב איך וועל עס טהאָן, וועל איך ערגערן" — ווענמען מאכט עס אומזיסט זיך צו פייניגען? נאר גאנץ ווייניגע, די איידעלסטע, ווענען ווענמען עס איז שוין גאר קיין מורא ניט, אז זייער נאטור וואָלט זיי פארשלעפּט אין אויסגעלאסענהייט. די איבעריגע שטערט די נארישקייט אויף א האר ניט, עס צווינגט זיי נאָר צו ביטרעווען, אבנארען, ד. ה. אין אמת'ן ווערן פארדארבען, אט דאס איז גאר, צו דען איז עס אייך ניט בע־קאנט?

— געוויס, איז עס בעקאנט.

— וואו זשע זוכט איהר נאך אלעמען דעם די מאראלישע נוצען פון אויפער־זוכט?

— מיר האָבען דאך מיט איהם שטענדיג אליין געערדט אין דעם גייסט.

— וואהרשיינליך, ניט אין גאנצען אין דעם גייסט; אדער איהר האָט גע־רעדט ווערטער און ניט געגלויבט איינער דעם אנדערן, הערענדיג איינער פון אנדערן די ווערטער; און ניט געגלויבט האָט איהר, געוויס, דערפאר, ווייל איהר האָט שטענדיג געהערט ווערטער, ווענען אלע אנדערע זאכען, אדער ווענען די זאך אליין, אין אן אנדער גייסט; אויב ניט, צו וואס וואָלט איהר זיך אזוי געפּייניגט, גאט וויים, ווי לאנג? און צוליעב וואס? צוליעב אזוינע קלייניגקייטען אזוי פיעל געקרויש! ווי פיעל ערגערניש פאר אלע דרייען, באזונדערס פאר אייך, ווערא פּאוולאוונא! בעת איהר האָט אלע דריי געקאנט גאנץ רוהיג לעבען ווי פריהער, ווי איהר האָט געלעבט פיר איאהרען, אדער אלע דריי אריבערפאהרען אויף איין וואהנונג, אדער אנדערש זיך איינארדנען, ווי עס וואָלט אויסגעקומען, נאָר גאָר אהן ערגערניש, און, ווי פריהער, טרינקען טיי זאלבע דריט. צו וואס אט די אלע פּיינונגען? צו וואס די איבערקעהרענישען? און דאס אלץ קומט דערפון, ווייל, א דאנק זיין שלעכטע רייטאדע אייך צו לאזען ניט פארבערייט דערצו איז

געבליבען דער בעגריעף: „איך דערהרג'ע איהם דערמיט", א זאך וואס וואלט דא־מאלט ניט פארגעקומען. יא, ער האט אנגעמאכט פיעל, אומזיסטע קריינקונג.

— ניין, ראכמעטאוו, איהר רעדט שרעקליכע זאכען.

— ווידער „שרעקליכע זאכען"! פאר מיר זיינען שרעקליך קריינקונגען צוליעב פוסטע חלומות און אונגליקען צוליעב נארישקייטען.

— הייסט אז, לויט אייער מיינונג, איז אונזער גאנצע געשיכטע איז א נארישע מעלאדראמא?

— יא, א גאנץ איבעריגע מעלאדראמא, מיט א גאנץ איבעריגען טראגיזם. און אין דעם, וואס אנשטאט איינפאכע געשפרעכען פון גאנץ רוהיגען אינהאלט איז ארויס א הארצרייסענדע מעלאדראמא, אין דעם ליעגט דימיטרי סערגייאיטשעס שולד. זיין ערליכער זארט האנדלען איז קוים געגוג צו פארדעקען זיין פריהערדיגע שולד, וואס ער האט ניט פארהיט די מעלאדראמא, דערמיט וואס ער האט געזאלט פארבערייטען אייך, און וואהרשיינליך, אויך זיך, צו א רוהיגען בליק אויף דעם, ווי אויף א פוסטע זאך, צוליעב וועלכע עס לוינט זיך זאגאר ניט אויסצוטרינקען קיין איין איבעריגע גלאז טיי, אדער ניט פארענדיגען טרינקען א גלאז טיי. ער איז שטארק שולדיג. נו, און ער האט פאר דעם געגוג באצאהלט. טרינקט אויס א גלעזעל וויין און לייגט זיך שלאפען. איך האב איצט דער־גרייכט דעם לעצטען ציעל פון מיין בעזוך: עס איז שוין דריי אזייגער; אויב מען זאל אייך ניט וועקען, וועט איהר לאנג שלאפען. איך האב אנגעזאגט מאשא'ן, אז זי זאל אייך ניט וועקען פריהער ווי האלב עלף, אזוי, אז מארגען וועט איהר קוים בעוויזען אויסצוטרינקען טיי, ווי איהר וועט שוין דארפען זיך איילען צום באהן; אויב איהר וועט אפילו ניט בעוויזען צוזאמענצולייגען אלע זאכען, וועט איהר דאך אין גיכען קומען צוריק, אדער מען וועט אייך עס צושיקען. ווי דענקט איהר צו טהאן: צו זאל אלעקסאנדר מאטווייאיטש פארפאהרען נאך אייה, אדער איהר וועט אליין קומען צוריק? אייך וואלט איצט געווען שווער מיט מאשא'ן; עס וואלט דאך ניט געטויגט, אויב זי וואלט באמערקט, אז איהר זייט אין גאנצען רוהיג. וואו אבער וועט זי באמערקען אין דער האלבער שעה פון שנעלען קלייבען זיך אין וועג? ערגער וואלט געווען מערצאלאווא, נאר איך וועל צו איהר אריינגעהן אין דער פריה און איהר זאגען, אז זי זאל אהער ניט פארפאהרען ווארום

איהר האָט לאַנג ניט געשלאָפען, און מען דאַרף אייך ניט וועקען, נאָר זי זאָל פאַר־פאָהרען גלייך אויפ'ן וואָקזאָל.

— ווי איהר זאָרגט עס פאַר מיר! האָט ווערא פּאַוולאָוונא געזאָגט.

— דאָס כאָטש שרייבט איהם ניט צו; דאָס טהו איך אליין, אָבער אויסער דעם, וואָס איך זידעל איהם פאַר דאָס פריהערדיגע — אין די אויגען האָב איך, זעלבסט־פערשטענדליך, פיעל מעהר און שטאַרקער איהם אַריינגעזאָגט, אויסער דעם, וואָס ער איז אַרום און שולדיג אין דעם, וואָס אַט די גאַנצע פּוסטע קריינקונג איז אַרויס, האָט זיך דאָך אין דער צייט פון דער קריינקונג געהאַלטען אויסגע־צייכענט.

12

א געשפּרעך מיט'ן קלוגען לעזער און זיין פערטרייבונג.

זאָג זשע מיר, א קלוגער לעזער, צו וואָס איז דאָ אַריינגעפיהרט געוואָרען ראַכמעטאָוו, וועלכער איז אַט שוין אַוועק און וועט אין מיין ערצעהלונג זיך מעהר ניט בעוויזען? דו ווייסט דאָך שוין פון מיר, אַז דאָס איז א פיגור, וואָס נעהמט קיין אַנטהייל ניט אין די פּאַסירונגען ...

— ניט אמת — שלאָגט מיר איבער דער קלוגער לעזער — ראַכמעטאָוו איז א פּערזאָן, וואָס שפּיעלט יאָ א ראָליע: ער האָט דאָך געבראַכט דעם צעטל פון וועל־כען ...

— דו ביזט גאָר אויף צרות אין הלכות עסטעטישע געשפּרעכען, וואָס דו ליעבסט אַזוי שטאַרק — שלאָג איך איהם איבער די רייד: אויב אַזוי, קומט דאָך אויס אַז מאַשאַ שפּיעלט אויך א ראָליע. זי האָט דאָך נאָר גאָר אין אָנפאַנג פון דער ערצעהלונג אויך געבראַכט א בריעף, פון וועלכען ווערא פּאַוולאָוונא האָט זיך אַזוי דערשראָקען. און רחל שפּיעלט אויך א ראָליע? זי האָט דאָך געגעבען דאָס געלד, אויף וועלכע ווערא פּאַוולאָוונא האָט געקאָנט אַוועקפאָהרען. און פּראָפעסאָר נ. שפּיעלט אויך א ראָליע, ווייל ער האָט רעקאָמאַנדירט ווערא פּאַוולאָוונא צו פּרוי ב. אַלס גובערנאַנטין, אָהן וואָס עס וואָלט ניט פאָרגעקומען די סצענע ביים גערן צוריק פון קאַנאַ־גוואַרדייסקי בולוואַר? און אפשר שפּיעלט די קאַנאַ־גוואַרדייסקי אויך אַ ראָליע? וואָרום אָהן איהם וואָלט דאָך ניט געווען די סצענע פון זיין בעגעגעניש דאָרט און זייער צוריק קומען פון דאָרט? און די גאַראַ־

כאווע גאס וועט אויף אזא אופן שוין בעקומען איינע פון די וויכטיגסטע ראליען, ווארום אהן איהר וואלטען ניט געווען קיין הייזער, וואס שטעהען דארט, און דאס הייסט, עס וואלט אויך ניט געווען סטארעשניקאוו׳ס הויז, וואלט ניט געווען קיין פערוואלטער פון יענעם הויז, און ניט קיין טאכטער פון פערוואלטער, דאמאלט וואלט די גאנצע ערצעהלונג אויך ניט געווען. זאלען מיר אבער אננעהמען, ווי דו ווילסט, אז דאס אלץ שפיעלט געוויסע ראליען: און דער קאנא־גווארדייסקי בולוואר, און מאשא און רחל, און די גאראכאווע גאס, איז דאך וועגען זיי געזאגט געווארען צו פינף ווערטער, אדער נאך ווייניגער, ווארום זייער ווירקונג איז אזא, וואס איז קיין פינף ווערטער אויך ניט ווערטה, דערלאנגט אבער א קוק, ווי פיעל זייטען עס זיינען אבגעגעבען צו ראכמעטאוו׳ן.

— אט איצט ווייס איך, זאגט דער קלוגער לעזער, ראכמעטאוו איז ארויס געפיהרט געווארען פאר דעם צוועק, ער זאל ארויסגעבען דעם פסק דין וועגען ווערא פאוולאוונא און לאפוכאוו׳ן ער איז נויטיג פאר׳ן געשפרעך מיט ווערא פאוולאוונא.

— יא, ווי נאריש דו ביזט, מיין הערר! דוקא פארקעהרט, פארשטייסטו די זאך. צו דען איז נויטיג געווען ארויסצופיהרען א בעזונדערען מענשען, כדי ער זאל זאגען זיין מיינונג וועגען אנדערע מענשען? צוליעב אזוינע צוועקען ווערען פיליכט אריין און ארויסגעפיהרט פערזאנען אין די ווערק פון דיינע גרויסע קינסטלער. איך אבער, כאטש איך בין א שלעכטער שרייבער, פארשטעה אבער פארט אביסעל בעסער די בעדינגונגען פון קונסט. ניין, מיין הערר, ראכ־מעטאוו איז גאר ניט נויטיג געווען פאר דעם. וויפיעל מאל האבען ווערא פאוו־לאוונא, לאפוכאוו און קירסאנאוו אליין אויסגעדריקט זייערע מיינונגען וועגען זייער האנדלונג און בעציהונגען? זיי זיינען ניט קיין נארישע מענשען, זיי קענען אליין פיהרען געשפרעכען וועגען דעם, וואס עס איז גוט און וואס עס איז שלעכט, זיי דארפען ניט פאר דעם קיין אונטערזאגער. צו דען דענקסטו, אז ווערא פאוו־לאוונא אליין וואלט אין איהר לײדיגע צייט, אין עטליכע טעג ארום, ווען זי וואלט גענומען נאכטראכטען וועגען דעם גאנצען פארדרעהעניש, וואלט זי אליין ניט פאר־אורטהיילט איהר פארגעסען אן ווארקשטאט, ווי ראכמעטאוו האט עס געמהאן? אדער צו דענקסטו, אז לאפוכאוו אליין האט ניט איבערגעטראכט וועגען זיינע בע־ציהונגען צו ווערא פאוולאוונא דאס אלץ, וואס ראכמעטאוו האט וועגען איהם

געזאגט צו ווערא פאוולאוונא? ער האט דאס אלץ אליין איבערגעטראכט; אנ־
שטענדיגע מענשען טראכטען וועגען זיך אליין דאס אלץ, וואס מען דארף זאגען
זיי צו גנאי, און דערפאר טאקי זיינען זיי, מיין הערר, אנשטענדיגע מענשען, צו
דען האסטו דאס ניט געוואוסט? דו ביזט דאך שוין גאר א קנאפער ידען אין
דעם, וואס אנשטענדיגע מענשען טראכטען. איך וועל דיר זאגען נאך מעהר: צו
דען האסטו געדיינקט, אז ראכמעטאוו האט אין דעם געשפרעך מיט ווערא פאוו־
לאוונא געהאנדעלט אונאבהייניג פון לאפוכאוו'ן? ניין, מיין הערר, ער איז דא
געווען נאר א ווערקצייג פון לאפוכאוו'ן, און ער האט דאמאלט אליין גוט פערשטאנען
אז ער איז נאר אווערקצייג פון לאפוכאוו'ן, און ווערא פאוולאוונא האט עס פאר־
שטאנען אין א טאג צוויי ארום, און זי וואלט עס פערשטאנען גלייך אין דער ערשטער
מינוט, ווי נאר ער האט די מויל געעפענט, אויב זי וואלט ניט געווען אזוי שטארק
אויפגערעגט: אט ווי אזוי די זאכען זיינען געווען באמת, צו דען האסטו דאס ניט
פערשטאנען? געווים האט לאפוכאוו גאנץ ריכטיג באמערקט אין צווייטען צעטל,
אז ראכמעטאוו האט קיין איין ווארט איהם ניט געזאגט, פון וואס פאר אן אינהאלט
עס וועט זיין דער געשפרעך זיינער מיט ווערא פאוולאוונא; אבער לאפוכאוו
האט דאך גוט געקאנט ראכמעטאוו'ן און געוואוסט וואס ראכמעטאוו דענקט וועגען
א זאך און ווי ראכמעטאוו וועט ריידען אין אזא פאל, אנשטענדיגע מענשען פאר־
שטעהען דאך איינע די אנדערע אהן ערקלעהרונגען אויך. לאפוכאוו וואלט געקאנט
פאראויס פארשטעהען כמעט ווארט און ווארט, וואס ראכמעטאוו וועט זאגען ווערא
פאוולאוונא, און טאקי דערפאר האט ער געבעטען ראכמעטאוו'ן זיין דער פערמיט־
לער. צו זאל איך דיר נאך ווייטער פיליכט, בעקאנען מיט פסיכאלאגישע סודות?
לאפוכאוו האט גאנץ גוט געוואוסט, אז אלץ וואס ער דענקט איצט וועגען זיך,
דענקט אויך ראכמעטאוו (און אזוי דענקט מערצאלאוו, און מערצאלאווא און דער
אפיציר, וואס האט מיט איהם זיך געראנגעלט אויף די אינזלען) און ווערא פאוו־
לאוונא אליין וואלט אין איניגע צייט ארום געגומען טראכטען, כאטש קיינער
וועט עס איהר ניט זאגען. זי וואלט עס באלד דערזעהען, ווי נאר עס וואלט אריבער
די ערשטע היץ פון דאנקבארקייט. הייסט עס, האט לאפוכאוו אויסגערעכענט,
סוף כל סוף פארליער איך גאר ניט, וואס איך שיק צו איהר ראכמעטאוו'ן.
ועלכער וועט מיר זידלען, זי וואלט דאך אליין אויך באלד דערגאנגען צו דער
מיינונג; פארקעהרט, איך געווין נאך אין איהר אכטונג: זי וועט דאך באלד פאר־

שטעהען, אז איך האָב פראַוים געזעהען דעם אינהאַלט פון איהר געשפּרעך מיט ראַכמעטאָוו׳ן, האָט אַליין צוזאַמענגעבראַכט דעם געשפּרעך און מיט וועלכען צוועק: אַט וועט זי טראַכטען: „וואָס פאַר אַן איידעלער מענש ער איז, ער האָט געוואוסט, אַז אין יענע ערשטע טעג פון אויפרעגונג וואָלט מיין דאַנקבאַרקייט צו איהם מיך געדריקט דורך די אויפרעגונג און דערפאַר האָט ער געזאָרגט דאַפיר, אַז ביי מיר אין געדאַנקען זאָלען וואָס גיכער קומען געדאַנקען, וועלכע וועלען ערלייכטערען די משא. וואָרום, כאָטש איך בין בייז געוועזן אויף ראַכמעטאָוו׳ן פאַר וואָס ער זידעלט איהם, האָב איך דאָך באַלד פערשטאַנען, אַז, אין תוך גענומען, זאָגט ער דעם אמת: אַליין וואָלט איך דערצו זיך דערטראַכט אין א וואָך אַרום, דאַמאָלט אָבער וואָלט שוין פאַר מיר ניט וויכטיג געווען, איך וואָלט אַהן דעם שוין אויך געווען רוהיג: אָבער דורך דעם, וואָס די געדאַנקען זיינען מיר אַרויסגעזאָגט געוואָרען דעם ערשטען טאָג, האָב איך זיך בעפרייט פון א גייסטיגען דרוק, וואָס וואָלט מיך געפּייניגט א גאַנצע וואָך. אין יענעם טאָג זיינען די געדאַנקען געווען פאַר מיר זעהר וויכטיג און נוצליך. יאָ, ער איז זעהר אַן איידעלער מענש“. אַט וואָס פאַר א קונץ לאָפּוכאָוו האָט געמאַכט, און ראַכמעטאָוו איז געווען נאָר זיין ווערקצייג.
יעהסטו, מיין הערר, קלוגער לעזער, וואָס פאַר׳ע כיטראַקעס עס זיינען אַט די אַנשטענדיגע מענשען און ווי דער עגאָיזם שפּיעלט מיט זיי: ניט אַזוי איז עס מיט דיר, מיין הערר, וואָרום זיי געפינען פאַרגניגען ניט אין דאָס, אין וואָס דו געפינסט, מיין הערר: זיי, פאַרשטעהסטו מיר, געפינען זייער העכסטען פאַר־גניגען אין דעם, אַז מענשען וועמען זיי אַכטען, זאָלען זיי האַלטען פאַר אַנשטענ־דיגע מענשען, וועגען דעם זאָרגען זיי און צוליעב דעם טראַכטען זיי אויס אַלערליי קונצען, ניט ווייניגער פלייסיג ווי דו פאַר דיינע ציעלען: נאָר די ציעלען זיינען ביי אייך אַנדערע און דערפאַר ווערען אויך קונצען אַנדערע אויסגעטראַכט: דו טראַכסט אויס שלעכטע, מאוס׳ע, שעדליכע פאַר אַנדערע, זיי טראַכטען אויס נוצליכע פאַר אַנדערע.

— אָבער פון וואַנענט נעהמסטו זיך די העזה מיר אַרויסצוזאָגען אַזוינע גראָב־הייטען? רופט אויס דער קלוגער לעזער, זיך ווענדענדיג צו מיר — איך וועל פאַר דעם דיר פאַרקלאָגען, איך וועל אַרויסלאָזען א קלאַנג, אַז דו ביזט א „געכאַפּטער“.

— האָט רחמנות, מיין הערר — ענטפער איך. צו דען וועל איך האָבען די העזה אייך צו זאָגען גראָבהייטען, ווען איך אַכטע אייער כאַראַקטער אַזוי פיעל

ווי פיעל אייער שכל. איך ערלויב זיך נאר אייך אויפצוקלעהרען מכח דעם וואס איז קינסטלעריש, א זאך וואס איהר ליעבט אזוי שטארק. איהר האָט אין דער הינזיכט געהאט א טעות, מיין הערר, מיינענדיג אז ראכמעטאוו איז ארויסגעפיהרט געווארען אום אויסצוזאגען אן אורטהייל וועגען ווערא פאוולאוונא און לאפּוכאוו. דאס איז ניט נויטיג געווען: אין די געדאנקען וואס ער האָט ארויסגעזאגט איז ניט געווען קיין זאך, וואס איך וואלט ניט געקאנט דיר מיטהיילען, מיין הערר, סאי לאפּוכאווס געדאנקען וועגען זיך, סאי די געדאנקען, וואס ווערא פאוולאוונא וואלט געהאט אין א געוויסע צייט ארום אויך אהן ראכמעטאוו'ן וועגען זיך אליין און וועגען לאפּוכאוו'ן. איצט, מיין הערר, וועל איך דיר שטעלען א פראגע: צו וואס זשע האָב איך דיר דערצעהלט ראכמעטאוו'ס געשפּרעך מיט ווערא פּאוו־לאוונא? פארשטעהסטו איצט, אז אויב איך טהייל דיר מיט ניט די געדאנקען פון לאפּוכאוו'ן און ווערא פּאוולאוונא, הייסט עס, אז עס איז געווען נויטיג ניט נאר מיטצוטהיילען יענע געדאנקען, וואס זיינען געווען דער תוך פון יענעם גע־שפּרעך, נאָר טאקי דעם געשפּרעך אליין? צו וואס זשע איז געווען נויטיג דיר מיט־צוטהיילען דוקא יענעם געשפּרעך? צוליעב דעם, וואס דאס איז געווען ראכ־מעטאווס א געשפּרעך מיט ווערא פּאוולאוונא? פארשטעהסטו כאטש איצט? נאך אלץ ניט? א שיינער מענש ביזטו! זעהר א קנאפּער מעדים ביזטו אין הלכות פארשטעהן א זאך, א קנאפּער מעדים, נו, איך מוז דיר צו־בייסען און ארייגלייגען אין מויל: אויב צוויי מענשען פיהרען א גע־שפּרעך, איז פון דעם געשפּרעך מעהר ווייניגער קענטיג דער כאראקטער פון די מענשען — פארשטעהסטו שוין צו וואס דאס פיהרט? איז ווערא פּאוולאוונאס כאראקטער געווען דיר גוט בעקאנט ביז דעם געשפּרעך? געוועזן. דו האסט קיין נייעס וועגען איהר זיך ניט דערוואוסט דערפון: דו האָסט שוין געוואוסט אז זי קען זיך אנצינדען און מאכען א שפּאס און האָט ניט פיינט אבצועסען מיט אפּעטיט און טאקי אמאל אויסטרינקען א גלעזעל כערעס וויין; הייסט עס, אז דער געשפּרעך איז געווען נויטיג ניט צו כאראקטעריזירען ווערא פּאוולאוונא, טו וועמען יא? גע־רעדט האָבען דאך נאָר צוויי: זי און ראכמעטאוו, און ווי באלד ניט פאר איהר כאראקטעריסטיק, כּו טו פאר ווּעמען?

— פאר ראכמעטאוו'ס! רופט אויס דער קלוגער לעזער.

— אט ביזטו א פּקח! געטראפען, און דערפאר האָב איך דיר האלט. זעהסטו,

אז עס קומט אויס פונקט קאפויר, ווי דו האָסט זיך פארגעשטעלט. ניט איז ראכמעטאוו, ארויסגעפיהרט, אום צו פיהרען א געשפרעך, נאָר דער געשפרעך איז דיר מיטגעטהיילט געווארען פאר דעם, און נאָר פאר דעם אליין, דיר נאָהענטער צו בעקאנען מיט ראכמעטאוו'ן. פון דעם געשפרעך האסטו געזעהן, אז ראכמע־טאוו וואלט געוואלט אויסטרינקען א גלעזעל בערעס, כאטש ער טרינקט ניט, אז ראכמעטאוו איז גאר ניט אזא „כמורנע באשעפעניש", אז, פארקעהרט, ווען ער פארגעסט נאָר ביי וועלכע עס איז אן אנגענעהמער בעשעפטיגונג זיינע אומעטיגע געדאנקען, זיין ברענענדיגע בענקשאפט, קען ער מאכען א וויץ און היימלאך פלוי־דערן, — נאר, טענה'עט ער, דאס פאסירט זעלטען, און עס איז ביטער, זאגט ער, וואס דאס פאסירט אזוי זעלטען, און אליין בין איך ניט צופרידען, זאגט ער, וואס איך בין אזא „כמורנע באשעפעניש", נאָר די אומשטענדען זיינען שוין אזוינע, אז מיט מיין ברענענדיגע ליעבע צו גוטעס, קען מען ניט זיין אנדערש ווי א „כמורנע בעשעפעניש" ווען ניט דאס, זאגט ער, וואלט איך א גאנצען טאג געשפאסט און גע־לאכט און געזונגען און געטאנצט.

צו האסטו איצט פערשטאנען, קלוגער לעזער, זאג כאטש. א סך בלעטער זיינען פארברויכט געווארען אום דירעקט צו בעשרייבען וואס פאר א מענש ראכמעטאוו איז געוועזען, איז דאך, בעצם, נאך מעהר בלעטער אבגעגעבען אלץ פאר דעם, אום דיר צו בעקאנען מיט דער זעלבער פערזאן, וועלכע שפיעלט גאר קיין ראליע ניט אין דער ערצעהלונג? זאג זשע מיר איצט, צו וועלכען צוועק איז ארויסגעשטעלט און אזוי אויספיהרליך באשריבען אט די פיגור? געדיינקסטו, איך האָב דיר דאַ־מאלט געזאגט: „דאס איינצעלנע אום צו ערפיהלען די הויפט־פאדערונג פון קונסט". טו איצט א טראכט, וואָ סאיז עס פאר א מין פאדערונג? און ווי אזוי ווערט זי עס ערפיהלט דורך דעם, וואס ראכמעטאוו'ס פיגור בעוויזט זיך פאר דיר? האסטו זיך דערטראכט? ניין, ווי קומסטו דערצו? נו, הער זיך איין. אדער ניין, הער זיך ניט איין, דו וועסט ניט פארשטעהן, טראג זיך אפ, גענוג האָב איך חוזק געמאכט פון דיר. איך רייד שוין איצט ניט מיט דיר, נאָר מיט'ן פובליקום און רייד ערנסט.

די ערשטע פאדערונג פון קונסט באשטעהט אט אין וואס: מען דארף שיל־דערען די זאכען אזוי, אז דער לעזער זאל זיך זיי פארשטעלען אין דער ריכטיגער

געשטאלט. צום ביישפיעל, אויב איך וויל שילדערן א הויז, דארף מען דערגרייכען דערצו אז ביי דעם לעזער זאל זיך פארשטעלען א הויז און ניט קיין כאלופקע, אדער א פאלאטץ. אויב איך וויל שילדערן א געוויינליכען מענשען, דארף איך דערגרייכען דערצו, אז ער זאל זיך פארשטעלען ביים לעזער ניט אלס קארליק און ניט אלס ריעז.

איך האב געוואלט שילדערן געוויינליכע אנשטענדיגע מענשען פון נייעם דור, מענשען וואס איך באגעגען אין די הונדערטע. איך האב גענומען דריי אזוינע מענשען: ווערא פאוולאוונא, לאפוכאוו'ן און קירסאנאוו'ן. איך האלט זיי פאר געוויינליכע מענשען, זיי אליין האלטען זיך פאר געוויינליכע מענשען און אזוי האלטען זיי אלע בעקאנטע, ד. ה. אזוינע מענשען ווי זיי זיינען. וואו האב איך גערעדט וועגען זיי ניט אין דעם זינען? וואס האב איך אזוינס דערצעהלט וועגען זיי? איך האב זיי געשילדערט מיט ליעבע און אכטונג. אבער וואו האב איך זיך געבוקט פאר זיי? וואו האט ביי מיר זיך פאר'גנב'ט אפילו דער קלענס־טער שאטען פון געדאנק, אז זיי זיינען, גאט ווייס, ווי הויך און שעהן, און אז איך קען זיך גאר ניט פארשטעלען העכער און בעסער פאר זיי, אז זיי זיינען די אידע־אלען פון מענשען? ווי איך טראכט פון זיי, אזוי האנדלען זיי ביי מיר — ניט מעהר ווי געוויינליכע, אנשטענדיגע מענשען פון נייעם דור. וואס טהוען זיי אזוינס הויכעס? זיי טהוען קיין מאוס'ע זאכען ניט, זיינען קיין טרוסען ניט, האבען גע־וויינליכע עהרליכע איבערצייגונגען, באמיהען זיך צו האנדלען לויט זייער איבער־צייגונגען און דאס אלץ — וואס איז עס, באמת, פאר א העלדישקייט! יא, איך האב געוואלט ווייזען אזוינע מענשען, וואס האנדלען ווי אלע געוויינליכע מענשען פון זייער טיפ, און איך האף, אז דאס האט זיך מיר איינגעגעבען. די לעזער וואס קענען נאהענט לעבעדיגע מענשען פון דעם טיפ, האבען, האף איך, שטענדיג גע־זעהן, פון אנפאנג אן, אז מיינע הויפט פערזאנען זיינען גאר ניט קיין אידעאלען, נאר מענשען בשום אופן ניט העכער ווי דער אלגעמיינער מעמד פון די מענשען פון זייער טיפ, און יעדער מענש פון זייער טיפ האט דורכגעלעבט ניט צוויי, ניט דריי פאסירונגען, אין וועלכע ער האט געהאנדעלט בשום אופן ניט ערגער, ווי זיי ביי מיר. זאלען מיר אננעהמען, אז אנדערע אנשטענדיגע מענשען האבען דורכ־געלעבט ניט פונקט אזוינע פאסירונגען ווי די, וואס איך האב דערצעהלט; עס ליעגט דאך אין דעם ניט קיין בעזאנדערס גרויסע געפאהר און ניט קיין בעזאנדערס

גרויסע אנגענעהמקייט, אז אלע מענער און ווייבער זאלן זיך דארפען פארנאנדער־געהן; ניט יעדע אנשטענדיגע פרוי פיהלט דאך א הייסע ליעבע צו דעם פריינד פון מאן; ניט יעדער אנשטענדיגער מענש קעמפפט דאך מיט דער ליידענשאפט צו א פערהייראטע פרוי און דערצו נאך גאנצע דריי יאהר; און ניט יעדער איינער איז דאך געצוואונגען זיך צו דערשיסען אויפ'ן בריק, אדער (לויט די ווערטער פון קלוגען לעזער) דארף וואו עס איז פארפאלען ווערען פון האטעל. אבער יעדער אנשטענדיגער מענש וואלט גאר ניט געהאלטען פאר קיין העלדישקייט צו האנדלען אויפ'ן פלאטץ פון די געשילדערטע מענשען פונקט אזוי ווי זיי, און ווי זיי, ער איז שטענדיג געריית דערצו, אויב אזוינס זאל פאסירען, און פיעל מאל האט ער גע־האנדעלט ניט ערגער אין פעלע ניט ווייניגער, נאר זאגאר מעהר וויכטיגע, און פון דעסטוועגען האלט ער זיך ניט פאר קיין וואונדערבארען מענשען, נאר ער טראכט פון זיך: ניש קשה, א גאנץ עהרליכער מענש. און די גוטע בעקאנטע פון אזוינע מענשען ווי ער (מיט קיין אנדערע פיהרט מען קיין בעקאנטשאפט ניט) דענקען אויך אזוי פון איהם, אז ער איז א גוטער מענש, אבער טראכטען גאר ניט זיך צו שטעלען אויף די קניה פאר איהם, נאר טראכטען זיך: מיר זיינען אזוינע מענשען ווי ער. איך האף אז איך האב באוויזען צו דערגרייכען אזוי ווייט אז יעדער מענש פון נייעם דור דערקענט אין מיינע דריי הויפט פערזאנען דעם גע־וויינליכען טיפ פון זיינע גוטע בעקאנטע.

אבער די מענשען, וועלכע וועלן פון אנהויב ערצעהלונג אן טראכטען וועגען מיין ווערא פאוולאוונא, קירסאנאוו'ן און לאפוכאוו'ן: „נו, דאס זיינען דאך אזוינע גוטע בעקאנטע, פראסטע, געוויינליכע מענשען, ווי מיר אליין", מענשען, וואס וועלען אזוינס דענקען וועגען מיינע דריי הויפט פערזאנען, זיינען פארט דער קלענסטער טהייל פון פובליקום, דאס רוב שטעהט נאך פיעל ניעדעריגער ווי דער טיפ. דער מענש, וואס האט קיין מאל ניט געזעהן קיין זאך, אויסער קליינע כאלופקעס, וועט האלטען פאר א פאלאץ א געוויינליכע, ניש־קשהדיגע הויז, וואס ער זעהט אויסגעמאהלט אויף א בילד. וואס טהוט מען מיט אזא מענשען אום א הויז זאל ביי איהם אויסזעהן טאקי נאר ווי א הויז און ניט ווי קיין פאלאץ? מען דארף אויף דעמזעלבען בילד אויסמאהלען כאטש א קליינעם ווינקעל פון א פאלאטץ; פון דעם ווינקעל אליין וועט ער שוין זעהן, אז א פאלאץ מוז שוין זיין א זאך פון א גאנץ אנדער מאס, ווי די געביידע, וואס איז אויסגעמאהלען אויפ'ן בילד, און

יענע געביידע איז, וואהרשיינליך, ניט מעהר ווי א געוויינליכע הויז, אין וועלכע, אדער נאָך אין בעסערע, אלע וואלטען גערארפט וואהנען. וואלט איך ניט געוויזען ראכמעטאוו׳ס פיגור, דאמאלט וואלט דער גרעסטער טהייל פון די לעזער ניט ריכטיג פערשטאנען די הויפט פערזאנען פון מיין ערצעהלונג, איך וועט זיך, אז ביז דעם לעצטען טהייל פון דעם קאפיטעל האָבען ווערא פאוולאוונא, קירסאנאוו, לאפוכאוו אויסגעוויזען ביי דאס פובליקום ווי העלדען, ווי פערזאנען פון א העכערען זארט, זאגאר ווי אידעאליזירטע פערזאנען, וואס זיינען ניט מעגליך אין דער ווירקליכקייט. ניין, פריינד מיינע, איהר שלעכטע, קלאגעדיגע, פארדארבענע פריינד מיינע, ניט אזוי איז ווי עס האָט אייך אויסגעוויזען: ניט זיי שטעהען צו הויך, נאָר איהר שטעהט צו ניעדעריג. איהר זעהט איצט אז זיי שטעהען פשוט אויף דער ערד: דערפון איז אייך אויסגעקומען אז זיי שוועבען אין דער לופטען, ווייל איהר זיצט אין א טיעפער לאָך. אויף דער הויכקייט, אויף וועלכער זיי שטעהען, דארפען שטעהן און קענען שטעהן אלע מענשען. די העכערע נאטורען, נאָך וועלכע עס קענען זיך ניט דעריאגען ניט איך און ניט איהר, מיינע קלאגעדיגע פריינד, יענע העכערע נאטורען זיינען ניט אזוינע, איך האָב אייך געוויזען די הויפט שטריכען פון דעם בילד פון איינעם אזא מענשען: דאס זיינען גאר אנדערע געזיכטסציגע, אבער מיט יענע מענשען, וועלכע איך מאהל אויס אין גאנצען קענט איהר אליין אויך זיין גלייך, אויב איהר ווילט צו ארבייטען אויף אייער ענטוויקלונג. ווער עס איז נידעריגער פאר זיי, דער איז א ניעדעריגער מענש, הויבט זיך אויף פון אייער לאָך, מיינע פריינד, הויבט זיך אויף, עס איז ניט אזוי שווער, געהט ארויס אויף דער פרייער ווייסער וועלט, עס איז א פארגניגען דארט צו לעבען און דער וועג איז א גרינגער און א צוציהענדער, פרובירט נאָר: ענטוויקלונג, ענטוויקלונג. קוקט זיך צו, טראכט נאָך, לייענט יענע, וועלכע דערצעהלען אייך וועגען דעם ריינעם פארגניגען מיט׳ן לעבען, וועגען דעם ווי דער מענש קען ווערען גוט און גליקליך. לייענט זיי — זייערע ביכער דערפרעהען די הערצער; קוקט זיך צו צום לעבען — דאס איז אינטערעסאנט; דענקט נאָך — נאכצודענקען איז שפאנענד. דאס איז אלץ. עס פאדערט זיך ניט קיינע קרבנות, מען בעט ניט איהר זאלט זיך פון וואס ענטזאגען — דאס איז ניט נויטיג. ווילט נאָר זיין גליקליך — דאס נאָר. אט דאס וועלן אליין איז נויטיג. צו דעם צוועק וועט איהר מיט גרויס פארגניגען זארגען וועגען אייער ענטוויקלונג: אין דעם ליעגט דער גליק. א, וויפיעל פארגניגענס

האַט אן ענטוויקעלטער מענש! אפילו דאס וואס אנדערע פיהלען ווי א קרבן, ווי א צרה, פיהלט ער ווי א בעפרידיגונג פאר זיך, ווי א פארגניגען, און פאר פרייד איז זיין הארץ אפען; און וויפיעל פריידען ער האַט עס! פּרובירט — עס איז גוט!

---

# צווייטער קאפיטעל.

## די צווייטע הייראטה.

### 1.

בערלין, דעם 20־טען יולי 1859.

עהרטע פרוי, ווערא פאוולאוונא,

מיין נאהענטקייט צו דעם אומגעקומענעם דימיטרי סערגעאיטש לאפוכאוו גיט מיר די האפנונג, אז איהר וועט פריינדליך אריינעהמען אין די צאהל פון אייערע בעקאנטע א מענשען, וואס איז אין גאנצען אייך אונבעקאנט, אבער אזא וואס אכטעט אייך זעהר שטארק. יעדענפאלס ערלויב איך מיר צו האפען, אז איהר וועט מיך ניט באשולדיגען אז איך שטעה צו: אריינטרעטענדיג אין קארעספאנ־דענץ מיט אייך, ערפיל איך נור דעם פערלאנג פון אומגעקומענעם דימיטרי סער־געאיטשען; און יענע ידיעות, וועלכע איך טהייל אייך מיט וועגען איהם, קענט איהר האלטען פאר פאלשטענדיג זיכער, ווארום איך וועל אייך איבערגעבען זיינע גע־דאנקען מיט זיינע אייגענע ווערטער, אזוי ווי ער אליין וואלט גערעדט, דאס זיינען זיינע ווערטער וועגען דער זאך, וועמעס ערקלעהרונג איז דער צוועק פון דעם בריעף.

„די געדאנקען וואס האבען געבראכט יענעם אויסגאנג, וועלכער האט איבער־געשראקען די מענשען, וואס זיינען מיר גאר נאהענט (איך גיב איבער דימיטרי סערגעאיטשעס אייגענע ווערטער, ווי איך האב שוין געזאגט) זיינען געוואקסען ביי מיר ביסלעכווייז און מיינע פלענער האבען זיך געביטען עטליכע מאל, איידער זיי האבען באקומען זייער לעצטע פארמע. דער אומשטאנד, וואס איז געוועזען די אורזאך פון די געדאנקען איז באמערקט געוועזען פון מיר אין גאנצען אונערווארטעט: דאס איז געוועזען אין יענער מינוט ווען זי (דימיטרי סערגעאיטש מיינט עס אייך), האט מיט שרעק מיר געזאגט וועגען דעם חלום, וואס האט איהר איינגעשראקען. דער חלום איז אין מיינע אויגען אויסגעקומען זעהר וויכטיג; און ווי א מענש, וואס האט געקוקט אויף דעם צושטאנד פון זיינע געפיהלען פון דער זייט, האב איך אין יענעם אויגענבליק פערשטאנען אז אין איהר לעבען הויבט זיך אן א פאסירונג,

וואס וועט אויף א מעהר אדער ווייניגער לענגערע צייט ענדערען אונזערע פריהערדיגע בעציהונגען. אבער א מענש זוכט ביז דער לעצטער מדרגה איינצוהאלטען די לאגע מיט וועלכער ער האט זיך צוזאמענגעלעבט: אין דער גרונד־טיעפעניש פון אונזער נאטור ליעגט א קאנסערוואטיווער עלעמענט, פון וועלכען מיר טרעטען נאר אפ ווען מיר זיינען געצוואונגען דערצו. אין דעם ליעגט, נאך מיין מיינונג, די ערקלעהרונג פון מיין ערשטע סברא: מיר האט זיך געוואלט טראכטען און איך האב געטראכט אז די פאסירונג וועט אין א געוויסע צייט ארום פארבייגעהן, און דאמאלט וועלען אונזערע פריהערדיגע בעציהונגען ווידער ווערען ווי געוועזן. זי האט געוואלט אויסמיידען די פאסירונג אליין דורך ענגערע דערנעהענטערונג צו מיר. דאס האט מיך הינגעריסען, און עטליכע טעג האב איך ניט געהאלטען פאר אונמעגליך צו ערפילען איהר האפענונג. באלד האב איך זיך אבער איבערצייגט אז צו האפען אויף דעם איז אומזיסט. די אורזאך איז געלעגען אין מיין כאראקטער.

„איך וויל גאר ניט מאכען קיין פארווירפע צו מיין כאראקטער, זאגענדיג אזוי, איך פארשטעה איהם אזוי.

„ביי א מענשען, וואס פארברייגגט דעם לעבען ווי עס דארף צו זיין, ווערט די צייט צוטהיילט אויף דריי טהיילען: ארבייט, פארגניגען און רוהע אדער צושטרייאונג. פארגניגען פאדערט פונקט אזוי רוהע ווי ארבייט. אין פארגניגען, ווי אין ארבייט נעהמט דער אלגעמיינער מענשליכער עלעמענט די אויבערהאנד איבער די פערזענליכע בעזונדערהייטען; ביי דער ארבייט האנדלען מיר אונטער דער הויפט באשטימונג פון אויסערליכע, פערנינפטיגע באדערפנישען: אין פערגניגען — אונטער דער באשטימונג פון אלגעמיינע בעדערפנישען פון דער מענשליכער נאטור. רוהע, צושטרייאונג אבער, דאס איז אן עלעמענט, אין וועלכען די פערזענליכקייט זוכט צוריקצושטעלען איהרע כחות נאך דער אויפרעגונג פון די אויסגעליידיגטען פאררואטה פון לעבענס מאטעריאלען, דאס איז אן עלעמענט, וואס וועט אריינגעפיהרט אין לעבען דורך די פערזענליכקייט אליין; דא וויל די פערזענליכקייט זיך אליין באשטימען דורך איהרע אייגענע באזונדערהייטען, דורך איהרע אינדיווידועלע בעקוועמליכקייטען. ביי דער ארבייט און ביי פארגניגענס ווערען מענשען הינגעריסען צו מענשען דורך דעם אלגעמיינעם מעכטיגען כח, וואס איז העכער פאר זייערע פערזענליכע בעזונדערהייטען. — מיט דער אויסרעכנונג וועגען די נוצען—ביי דער ארבייט ; און ביי די פארגניגענס—מיט די געמיינזאמע בעדארפען

פון ארגאניזם. ביים אברוהען איז אבער ניט דאס, דאס איז שוין ניט די אויפ־גאבע פון דעם אלגעמיינעם כח, וואס פארגלעט די פערזענליכע באזונדערהייטען: דער אברוה איז די אממייסטען פערזענליכע זאך, דא פאדערט די נאטור די גרעסטע פרייהייט, דא ווערט דער מענש אם מעהרסטען אינדיווידואליזירט, און דער כא־ראקטער פון מענשען ווייזט זיך ארוים מעהר ווי אלץ אין דעם, וואס פאר א זארט רוהע איז גרינגער און אנגענעהמער פאר איהם.

„אין דער הינזיכט צופאלען די מענשען אויף צוויי הויפט אבטהיילונגען. פאר די מענשען פון איין אבטהיילונג איז רוהע אדער פארגניגען אנגענעהם אין דער געזעלשאפט פון אנדערע. איינזאמקייט דארף יעדער איינער, נאר איינע דאר־פען אז איינזאמקייט זאל זיין ביי זיי נאר אן אויסנאהם, אלס כלל אבער איז פאר זיי דאס לעבען מיט אנדערע. דער קלאס איז פיעל גרעסער אין צאהל פון צווייטען וועלכע פיהלען זיך פארקעהרט, פרייער אין איינזאמקייט, איידער אין דער גע־זעלשאפט פון אנדערע. אט דער אונטערשיעד איז אויך באמערקט פון דער אלגע־מיינער מיינונג, וואס באשטימט עס מיט די ווערטער: א מענש א געזעלשאפט־ליכער, און א מענש א פערשלאסענער. איך געהער צו די מענשען ניט געזעל־שאפטליכע, זי — צו די געזעלשאפטליכע. אט אין דעם ליעגט דער סוד פון דער גאנצער געשיכטע. עס קומט אוים קלאהר, אז אין דער אורזאך איז ניטא קיין זאך פאר וואס מען זאל דארפען טאדלען ועמען עס איז פון אונז. ניט ווערטה צו טאדלען איז אויך דאס, וואס קיינער פון אונז האט ניט געהאט גענוג כח אבצוראמען די אורזאך: געגען זיין נאטור איז א מענש אהנמעכטיג.

„יעדען איינעם איז גענוג שווער צו פארשטעהן די בעזונדערהייטען פון פרעמדע נאטורען: יעדער איינער שטעלט זיך פאר אלע מענשען לויט דעם כא־ראקטער פון דער אייגענער אינדיווידואליטעט. דאס וואס איז ניט נויטיג פאר מיר, איז אויך ניט נויטיג פאר אנדערע, אזוי שטרעבט אונזער אינדיווידואליטעט צו מאכען דענקען; עס זיינען נויטיג זעהר בלישצענדיגע סימנים, כדי איך זאל זיך דערמאהנען אז דאס פארקעהרטע, און פארקעהרט: און וואס עס ליעגט פאר מיר ערלייכטערונג און פרייהייט, דאס איז גוט אויך פאר אנדערע. די נאטירליכ־קייט פון דעם זארט געדאנקען — איז מיין ענטשולדיגונג פאר וואס איך האב צו שפעט באמערקט דעם אונטערשייד צווישען מיין נאטור און איהרער. צו דעם טעות האט פיעל מיטגעהאלפען אויך דאס, וואס בעת מיר זיינען זיך צוזאמענגע־

קומען לעבען צוזאמען, האָט זי צו הויך פון מיר געהאַלטען: צווישען אונז איז נאָך דאמאלט ניט געווען קיין גלייכהייט: פון איהר זייט איז געווען צופיעל אכטונג צו מיר; מיין זארט לעבען איז ביי איהר אויסגעקומען אלס א מוסטער; זי האָט אנגענומען מיין פּערזענליכע בעזונדערהייט, און אויף א געוויסע צייט האָט זי זיך הינגעריסען דערמיט. עס איז געווען נאָך א צווייטע אורזאַך, נאָך א שטארקערע.

„צווישען ניט ענטוויקעלטע מענשען ווערט וויינינג געאַכטעט די אונבעריהר־בערקייט פון אינערליכען לעבען. יעדער פון די פאמיליע, באזונדערס פון די עלטערע, שטעקט אהן צערעמאָניעס אריין די לאַפּע אין אייער אינטימען לעבען.

פּיט אין דעם איז די זאַך, וואָס אונזערע סודות ווערען אויף אזא אופן, געשטערט: סודות זיינען מעהר וויניגער גרויסע אוצרות, זיי פארגעסט מען ניט צו בעהאַלטען; ניט אלע האָבען סודות, פיעלע האָבען גאר ניט וואס צו בעהאלטען, אבער יעדער איינער וויל, אז אין זיין אינערליכען לעבען זאל זיין א ווינקעלע, וואוהין קיינער זאל ניט אריינקריכען, פּונקט ווי יעדען ווילט זיך האָבען זיין באזונדערען צימער, פאר זיך אליין. ניט ענטוויקעלטע מענשען קוקען ניט אויף דעם: אויב אפילו איהר האָט א באזונדערן צימער, וועט יעדער אריינקריכען, ניט ווייל ער וויל צו־שטעהן, אָדער נאכקוקען, ניין, איינפאַך דערפאר, ווייל ער האָט גאר קיין חשד ניט אז דאס בעאונרוהיגט אייך, ער דענקט אז נאָר אין דעם פאל, ווען ער וואלט בכלל אייך געווען צואווידער, וואלט איהר ניט וועלען איהם זעהן מיט אמאָל ביי אייך אונטערן נאָז; ער פארשטעהט ניט אז מען קען דערעסען, מען קען שטערן א מענשען, אפילו וואס איז סימפּאטיש צו אייך. די הייליגקייט פון שוועל, איבער וועלכען קיינער האָט קיין רעכט ניט אריבערצוטרעטען אהן דעם ווילען פון דעם, וואס וואהנט דארט, ווערט ביי אונז אַנערקענט נאָר אין איין צימער, אין דעם צימער פון דעם הויפּט פון דער פאמיליע, ווייל דער הויפּט פון דער פאמיליע קען געבען אין קארק יעדען איינעם, וואס איז אויסגעוואקסען ביי איהם אונטערן נאָז ניט געפרעגטערהייט. ביי אלע אנדערע וואקסט אוים אונטערן נאז, ניט געפרעגטער־הייט יעדער איינער, וואס איז עלטער פון איהם, אדער גלייך מיט איהם לויט זיין לאגע אין דער פאמיליע, דאס זעלבע וואס מיט'ן צימער איז אויך מיט'ן אינערליכען לעבען, אין איהם קריכט אריין גאר אהן א בעדאַרף, זאגאר גאר אהן א געדאנק יעדער איינער מיט יעדער נארישקייט, און עפּטער ווי אלץ, אום א קראַץ צו טהאָן מיט'ן צונג אן אייער נשמה. א מיידעל האָט צוויי וואכעדיגע קליידער, א ווייסע

און א ראזאווע, זי האָט אנגעטהאָן די ראזאווע, איז שוין דא צו וואס צו קראצען מיט'ן צונג אן איהר נשמה. „אניוטא, דו האָסט אנגעטהאָן די ראזאווע קלייד-צו וואס האסטו עס געטהאָן“? אניוטא ווייס אליין ניט, פאר וואס זי האָט עס אנגעטהאָן — מען האָט דאך געדארפט וואס עס איז אנטהאָן; און דערצו נאָך, וואלט זי אנגעטהאָן די ווייסע, וואלט אלץ אויסגעקומען דאס זעלבע. „אט אזוי, מאמעלע, נאדיר שוועסטערל“ — „דו וואלסט בעסער אנגעטהאָן די ווייסע“. פאר וואס עפּעס בעסער, דאס ווייס ניט די, וואס רעדט מיט אניוטען: זי דרעהט פּשוט מיט'ן צונג. „דו ביזט עפּעס, אניוטא, היינט ניט היימלאך“? אניוטא איז ניט ניט־היימלאך, ניט היימלאך; נאָר פאר וואס ניט פרעגען, פאר וואס איז ניטא, דאס וואס מען זעהט ניט, — „איך ווייס ניט; ניין, דאכט זיך מיט מיר איז גאר נישט“ — „ניין, דו ביזט עפּעס ניט היימלאך“. אין א צוויי מינוט ארום: „דו, אניוטא, וואלסט זיך געזעצט שפּיעלען פּיאנא“. צו וואס, ווייס קיינער ניט; און אזוי ווייטער געהט עס א גאנצען טאג. אייער נשמה איז ווי א גאס, אויף וועלכע עס קוקט יעדער איינער וואס זיצט ביים פענסטער, ניט צוליעב דעם, ווייל ער וויל דארט וואס עס איז דערזעהן; ניין, ער ווייס זאגאר, אז ער וועט גאָר ניט דערזעהן קיין זאך ניט וואס ער דארף, ניט וואס איז אינטערעסאנט, נאָר סתם אזוי ווייל ער האָט ניט וואס צו טהאָן: עס איז דאך גאנץ גלייך טו פאר וואס זאל מען ניט א קוק טהאָן? דער גאס אליין איז עס גאנץ גלייך; אבער א מענש האָט גאר קיין פארגניגען ניט דערפון, וואס מען שטעהט צו איהם צו.

„נאטירליך, אז אט דאס צושטעהן אהן וועלכע עס איז א ציעל און געדאנק קען ארויסרופען רעאקציע און ווי נאר א מענש ווערט אוועקגעשטעלט אין אזא לאגע, דאס ער קען זיין אליין, האָט ער א געוויסע צייט א פארגניגען אין איינזאמקייט, כאטש פון דער נאטור איז ער גענייגט צו געזעלשאפט, ניט צו איינזאמקייט.

„זי האָט פונדער זייט פאר דער חתונה זיך געפונען אין א בעזונדערס שלעכטער לאגע; צו איהר פלעגט מען צושטעהן, צו איהר איז מען געקראכען אין דער נשמה ניט איינפאך פון ניט האָבען וואס צו טהאָן, צופעליג, פון ניט איידעלקייט, נאָר סיסטעמאטיש, אהן אויפהער, יעדע מינוט, צו גראב, צו פרעך, מען איז געקראכען ביין, מיט שלעכטע געדאנקען, מען איז געקראכען ניט איינפאך אהן צערעמאניעס, נאָר מיט זעהר הארטע און זעהר שמוציגע הענד, דערפאר איז די רעאקציע געווען אזוי שטארק.

„צוליעב דעם דארף מען ניט פאראורטהיילען שטריינג מיין פעהלער. איי־ניגע חדשים, פיעלייכט א יאהר, האָב איך זאגאר קיין טעות ניט געהאט: איהר איז באמת געווען גוטיג און געווען אנגענעהם די איינזאמקייט. אין פערלויף פון דער צייט האָט זיך ביי מיר באוויזען צו בילדען א מיינונג וועגען איהר כאראקטער. איהר שטארקע, צייטווייליגע בעדערפניש האָט זיך צוזאמענגעטראפען מיט מיין שטענדיגען בעדערפניש און וואס פאר א וואונדער, וואס איך האָב אנגענומען א צייטווייליגע ערשיינונג פאר א שטענדיגען שטריך אין איהר כאראקטער? יעדער איינער איז גענייגט אויף אזא אופן צו אורטהיילען וועגען אנדערע נאך זיך נאך!

„א טעות איז עס געווען, און זאגאר א גרויסער, איך באשולדיג זיך אליין ניט אין דעם, נאָר מיט ווילט זיך פארט אלץ פארענטפערן: דאס הייסט: איך פיהל, אז אנדערע וועלען ניט זיין אזוי פריינדליך אורטהיילען וועגען מיר, ווי איך אליין טהו עס. אום וויכער צו מאכען דעם פארוואורף דארף איך אביסעל מעהר ריידען וועגען מיין כאראקטער פון דער זייט, וואס איז גאנץ פרעמד אי איהר, אי דעם גרעסטען טהייל פון אנדערע מענשען און וואס וואלט אהן אן ערקלעהרונג פער־שטאנען געווארען ניט אין א ריכטיגער געשטאלט.

„רוהע פארשטעה איך ניט אנדערש ווי אין איינזאמקייט. זיין צוזאמען מיט אנדערע הייסט פאר מיר שוין מיט וואס עס איז זיין בעשעפטיגט: אדער מיט ארבייט אדער מיט פארגניגען. איך פיהל זיך אין גאנצען פריי נאָר דאמאלט, ווען איך בין אליין. ווי רופט מען עס? פון וואנענט קומט עס? ביי איינע קומט עס פון פארשלאסענקייט; ביי אנדערע פון שעמעדיגקייט, ביי דריטע פון דער נייגונג צו אומעטיגקייט און פארטראכטקייט; ביי פיעלע ווייל עס פעהלט זיי סימפאטיע צו מענשען, ביי מיר דאכט זיך איז קיין איינע פון די אלע אורזאכען ניטא: איך בין אפענהערציג, בין שטענדיג גערייט צו זיין פרעהליך, צו קוקען אויף א מענשען איז מיר אנגענעהם; אבער דאס איז ביי מיר שוין פארבונדען מיט ארבייט, אדער פארגניגען און דאס איז שוין א זאך, וואס פאדערט נאָך זיך אברוה, דאס הייסט, נאָך מיין מיינונג, איינזאמקייט. אויף וויפיעל איך קען פארשטעהן איז עס ביי מיר פשוט א בעזונדערער זארט ענטוויקלונג פון דעם שטרעבען נאָך אן אבהייניג־קייט, צו פרייהייט.

„און אט אזוי האט פאסירט, אז דער כח פון דער רעאקציע געגען דאס פריהער־

דיגע, צו אונרוהיגע לאגע אין דער פאמיליע האט געמאכט, אז זי האט אויף א גע־
וויסע צייט אנגענומען דעם זארט לעבען, וואס פאסט זיך גאר ניט פאר איהרע שטענ־
דיגע נייגונגען, די אכטונג צו מיר האט איהר געמאכט אנהאלטען די צייטווייליגע
לאגע לייגגער ווי עס וואלט אנגעהאלטען פון זיך אליין: און איך האב אין דער
לאנגער צייט זיך געבילדעט א מיינונג וועגען איהר כאראקטער, האב אנגענומען א
א צייטווייליגען שטריך פאר א שטענדיגען און האב זיך אויף דעם בערוהיגט,
און אט דאס איז די גאנצע געשיכטע. פון מיין זייט איז געווען א פעהלער, אבער אין
דעם פעהלער איז געווען ווייניג שלעכטעס: און פון איהר זייט איז סתם גאר ניט
געווען. אבער וויפיעל לײדען איז פון דעם ארויסגעקומען פאר איהר און מיט
וואס פאר אן אונגליק האט עס זיך געענדיגט פאר מיר!

„ווען איהר אימה פון דעם שרעקליכען חלום האט מיר ענדעקט די לאגע פון
איהרע געפיהלען, איז שוין געווען צו שפעט צו פארריכטען מיין פעהלער, אבער
אויב אפילו מיר וואלטען עס בעמערקט פריהער, צו וואלטען מיר ביידע, זי און
איך געקאנט דורך שטענדיגע אנשטרענגונגען איבער זיך מאכען אזוי, אז מיר
זאלן שטענדיג קענען זיין צופריעדען איינער מיט'ן אנדערן? איך וויים ניט:
נאר איך דיינק, אז אפילו אין פאל פון ערפאלג וואלט קיין גרויסע טובה ניט ארוים.
זאל'ן מיר אננעהמען, אז מיר וואלטען אויף אזוי ווייט איבערגעמאכט אונזערע
כאראקטערען, אז עס וואלט פאר אונז ניט געבליבען קיין אורזאך זיך צו פיהלען
באלעסטיגט מיט אונזערע בעציהונגען, אבער דאס איבערארבייטען פון כאראק־
טערען איז גוט נאר דאמאלט, אויב דאס ווערט געטהאן געגען א שלעכטע זייט
פון כאראקטער, יענע זייטען אבער וואס איך און זי וואלטען געדארפט איבערבייטען
זיינען באמת גאר ניט קיין שלעכטע. מיט וואס איז דאס זיין געזעלשאפטליך בעסער
אדער ערגער ווי צו האבען א נייגונג צו איינזאמקייט און פארקעהרט? און איבער
בייטען א כאראקטער הייסט דאך יעדענפאלס א געוואלד, ברעכען, און אין ברעכען
א זאך געהט פיעל פארלארען, פון געוואלד שטארבט פיעלעס אפ. דער רעזולטאט,
וועלכען איך און זי וואלטען פיעלייכט (און ניט נאר פיעלייכט, נאר אויף געווים)
דערגרייכט וואלט ניט ווערטה געווען אזוינע פערלוסטען. מיר ביידע וואלטען צום
טהייל אבגעבלאקירט און וואלטען פארמארעט אין זיך די פרישקייט פון לעבען,
און צו וועלכען צוועק? מיט דעם איין צוועק נאר אנצוהאלטען געוויסע ערטער
און געוויסע צימערן. אנדערש וואלט געווען אויב מיר וואלטען געהאט קינדער;

דאמאלט וואלט מען געדארפט פיעל נאכטראכטען וועגען דעם, ווי **זייער שיקזאל** ווערט געענדערט פון אונזער פארנאנדערגעהן זיך; אויב פון דעם ווערט זייער שיקזאל ערגער, דאמאלט לוינט זיך צו מאכען די גרעסטע אנשטרענ־גונגען אבי עס צו פערמיידען און דער רעזולטאט וואלט געווען — די פרייד, וואס דו האסט געטהאן וואס מען דארף אום אנצוהאלטען א בעסערען שיקזאל פאר די וועמען דו ליעבסט — אזא רעזולטאט וואלט באלוינט פאר אלע אנשטרענגונגען. איצט אבער וואס פאר א שכל'דיגען צוועק וואלט עס געהאט?

„דערפאר האט מיין טעות ביי דער לאגע זאגאר געפיהרט, ווי עס ווייזט אויס, צו בעסערן: א דאנק דעם איז אונז ביידען אויסגעקומען וויניגער זיך צו ברעכען. זי האט איבערגעטראגען א סך צרות, אבער אהן דעם וואלט געוויס געווען נאך מעהר און דער פועל יוצא וואלט געווען ניט אזא בעפרידיגענדער".

דאס זיינען דימיטרי סערגייאיטשעס ווערטער. פון דער באשטענדיגקייט מיט וועלכער ער האט זיך געהאלטען אין דער זייט פון דער זאך, קענט איהר לייכט זעהן, אז ער האט, ווי ער אליין האט געזאגט, געפיהלט אין דעם עפעס ניט בעק־וועמעס, ניט אנגענעהמעס פאר זיך. ער האט דירעקט געזאגט: „איך פיהל, אז נאך אלעמען בלייב איך פארט ניט אין גאנצען גערעכט און דער מיינונג פון יענע, וואס וואלטען גענומען אונטערזוכען די זאך אהן סימפאטיע פאר מיר, איך בין אבער זיכער מיט איהר מיטגעפיהל צו מיר. זי וועט אורטהיילען וועגען מיר בעסער ווי איך אליין. און איך אליין האלט זיך פאר אין גאנצען גערעכט, דאס איז מיין מיינונג וועגען דער צייט פאר איהר חלום". איצט וועל איך אייך איבער־געבען די געפיהלען און פלענער נאך דעם, ווי אייער חלום האט פאר איהם ענדעקט די ניט בעפרידיגונג פון די בעציהונגען צווישען אייך און איהם.

„איך האב געזאגט (דאס זיינען דימיטרי סערגעאיטשעס ווערטער) אז פון איהרע ערשטע ווערטער וועגען דעם שרעקליכען חלום, האב איך פארשטאנען די אונפערמיידליכקייט פון עפעס א פאסירונג, וואס זאל זיין אנדערש פון אונזערע פריהערדיגע בעציהונגען. איך האב ערווארט, אז ער וועט האבען א גרויסען כח, ווארום אנדערש וואלט געווען אונמעגליך ביי דער ענערגיע פון איהר נאטור און ביי דעם דאמאלטדיגען צושטאנד פון איהר אונצופריעדענהייט. וועלכע האט שוין געהאט א גרויסע קראפט, ווייל עס איז אזוי לאנג געווען פארשטיקט. דאך האט די

ענטוויקלונג אין דער ערשטער צייט מיר זיך פארגעשטעלט אין זעהר א לייכטער און אנגענעהמער פאר מיר פארמע. איך האב אויסגערעכענט אזוי: זי וועט אויף א צייט זיך ליידענשאפטליך פארליעבען אין וועמען עס איז, עס וועט אריבער א יאהר, צוויי און זי וועט קומען צוריק צו מיר, איך בין זעהר א גוטער מענש, די שאנסען זיך צוזאמענצוקומען מיט נאך אזא מענשען זיינען זעהר זעלטען. (איך רייד וועגען זיך גאנץ אזוי ווי איך טראכט: ביי מיר איז ניטא די צבועצקע קונצען צו פארקלענערן די אייגענע ווערדע) דאס באפרידיגטע געפיהל פון ליעבע וועט פארלירען א טהייל פון זיין אימפעט; זי וועט דערזעהן, אז כאטש איין זייט פון איהר נאטור ווערט ווייניגער באפריעדיגט דורך דעם לעבען מיט מיר, נאר אז אין א סך הכל פון לעבען איז איהר לייכטער און פרייער צו לעבען מיט מיר, ווי מיט יענעם; און אלץ וועט ווערן ווי פריהער. איך, אנגעלערנט פון דער ערפאהרונג, וועל ווערן מעהר אויפמערקזאם צו איהר; זי וועט בעקומען א נייע אכטונג צו מיר, וועט באקומען נאך מעהר צובונד ווי פריהער, און מיר וועלען לעבען נאך פריינדליכער ווי פריהער.

„אבער דאס איז א זאך, וואס איז מיר ניט זעהר אנגענעהם צו ערקלעהרען, דאך מוז עס געטהאן ווערן. ווי האט זיך מיר פארגעשטעלט די אויסזיכט, אז אונזערע בעציהונגען וועלען ווידער גוט ווערן? צו האט עס מיר געפרייט? געווים, אבער צו האט עס נאר געפרייט אליין? ניין, דאס האט מיר זיך פארגעשטעלט אויך ווי א לאסט, אן אנגענעהמע לאסט, זעהר אן אנגענעהמע, אבער פארט א לאסט. איך ליעב איהר זעהר און וועל זיך ברעכען, כדי בעסער זיך צוצופאסען צו איהר; דאס וועט מיר פארשאפען פארגניגען, אבער מיין לעבען וועט פארט זיין געענגט. אזוי האט מיר זיך פארגעשטעלט, ווען איך האב זיך בארוהיגט נאך דעם ערשטען איינדרוק. און איך האב געזעהן אז איך האב זיך ניט גענארט. זי האט מיר געלאזט עס אויספראבירען, ווען זי האט געוואלט אז איך זאל זיך באמיהען אנהאלטען איהר ליעבע, דער חודש ווען איך האב געזוכט צו באפרידיגען דעם פערלאנג איז געווען דער שווערסטער חודש אין מיין לעבען. קיין ליידען איז דא ניט געווען, אזא אויסדרוק וואלט זיך דא גאר ניט געפאסט, וואלט געווען אונזיניג: פון דער זייט פון פאזיטיווע עמפפינדונגען האב איך געפיהלט נאר פרייד, וואס איך באפרידיג איהר פערלאנג, און מעהר קיין זאך ניט; אבער מיר איז געווען לאנגווייליג. אט דאס איז דער סוד, פאר וואס איהר פראבע צו פערבלייבען

אין ליעבע צו מיר, האָט זיך ניט איינגעגעבען. מיר איז געווען לאַנגווייליג איהר נאכגעבענדיג.

„אופן ערשטען בליק קען אויסקומען זאנדערבאר, פאר וואס איז מיר ניט געווען לאַנגווייליג, ווען איך האָב אבגעגעבען אונגעציילטע אבענדען צו סטודענטען, צוליעב וועלכע איך וואלט, געוויס, ניט אנגעהויבען זיך בעאונרוהיגען, בעת איך האָב געפיהלט א שטארקע פארמאטערקייט, אבגעבענדיג נאר אייניגע אבענדען א פרוי, וועלכע איך האָב געליעבט מעהר ווי זיך, פאר ווענען איך בין געווען גערייט צו שטארבען, און ניט נאר צו שטארבען, נאר זאגאר אויף לאנגע פייניגונגען? דאס קען אויסקומען זאנדערבאר, אבער נאָר פון יענעם וואס דרינגט ניט אריין אין דעם תוך פון מיינע בעציהונגען צו די יונגע לייט, ווענען איך האָב אבגעגעבען אזוי פיעל צייט. קודם כל האָב איך ניט געהאט קיין פערזענליכע בעציהונגען צו יענע יונגע לייט: ווען איך בין געזעסען מיט זיי, האָב איך ניט געפיהלט פאר זיך קיין מענשען, נאָר איך האָב געזעהן אייניגע סתם טיפען, וואס בייטען זיך מיט געדאנקען: מיינע געשפּרעכען מיט זיי האָבען זיך ווייניג אונטערשיידעט פון נאכטראכטען אין איינזאמקייט: דא איז ביי מיר געווען פארנומען נאר איין זייט פון מענשען, די וואס פאדערט אם ווייניגסטען רוהע — דער געדאנק. אלעם איבעריגע איז אראפּ־געפאלען. דערצו האָט דער געשפּרעך אויך געהאט א פּאקטישען, נוצליכען ציעל — העלפען ענטוויקלען אין מיינע יונגע פריינד גייסטיגען לעבען, איידעלקייט, ענערגיע. דאס איז געווען אן ארבייט: אבער אזא לייכטע ארבייט, אז עס האָט געטויגט צוריק צו ברייינגען די כחות, וואס מען פערליערט ביי אנדערע, שווערע ארבייטען, אזא ארבייט וואס פערמאטערט ניט, נאר וואס פרישט נאך אָפּ: דערפאר האָט די פּערזענליכקייט ניט געשטעלט קיין פאדערונגען, וואס זי האָט געשטעלטביים אבּ־רוהען. דא האָב איך געזוכט נוצען און ניט קיין בערוהיגונג: דא האָב איך געלאזט איינשלעפערן אלע זייטען פון מיין ארגאניזם, אויסער דעם געדאנק: און דער גע־דאנק האָט געארבייט אהן צומיש פון פּערזענליכע בעציהונגען צו די מענשען מיט וועלכע איך האָב גערעדט: דערפאר האָב איך געפיהלט אזא פרייהייט ווי זייענדיג איינער אליין: די געשפּרעכען האָבען מיר ניט, קען מען זאגען, ארויסגעפיהרט פון איינזאמקייט, דא איז קיין זאך ניט געווען עהנליך צו די בעציהונגען אין וועלכע דער גאנצער מענש נעהמט אן אנטהייל.

„איך ווייס ווי געפעהרליך עס איז ארויסצוריידען דעם ווארט „לאַנגווייל",

אבער די געוויסנהאפטיגקייט ערלויבט מיר ניט עס צו בעהאלטען, יא, ביי מיין גאנצער ליעבע צו איהר, האב איך אין זיך דערפיהלט א ערלייכטערונג, ווען איך האב נאכהער זיך איבערצייגט, אז צווישען מיר און איהר קענען ניט ווידער געשטעלט ווערן אזוינע בעציהונגען, ביי וועלכע אונז זאל זיין בעקוועמער צו לעבען ווי פריהער. איך האב זיך אנגעהויבען אין דעם צו איבערצייגען ארום יענער צייט, ווען זי האט גענומען באמערקען, אז נאכצוגעבען איהר פערלאנג קומט מיר אן שווער. דאמאלט האט די צוקונפט זיך מיר פארגעשטעלט אין א נייער פארמע, וואס איז מיר אנגענעהם געווען; דערזעהענדיג, אז מיר קענען ניט אנהאלטען די פריהערדיגע בעציהונגען, האב איך אנגעהויבען צו טראכטען ווי גיכער — איך מוז ווידער געברויכען א געפעהרליכען ווארט — זיך אפ׳צופטר׳ן, בעפרייען פון א לאגע, וואס האט מיר געמאכט פיהלען לאנגווייליג. אט דאס איז דער סוד וואס האט געמוזט אויסקומען ווי גרויססמוטה אין די אויגען פון א מענשען, וואס וואלט געוואלט זיך פארבלענדען דורך דעם גרויססמוטה פון דער זאך, אבער וואס וואלט געווען ניט נאָהענט געגנוג, אום צו דערזעהן ביז אין די טיעפעניש פון די מאטיוון. ניט שפילענדיג קיין היפאקריט דורך דעם וועלן אבלייקענען דאס גוטעס אין מיר, וועל איך ניט אבלייקענען, אז איינער פון מיינע מאטיוון איז געווען דאס ווינשען איהר גוטעס. אבער דאס איז געווען שוין דער צווייטער מאטיוו — כאטש זעהר א שטארקער, אבער דאך שוואכער ווי דער ערשטער, דער וויכטיגער, נעמליך דער וועלן זיך בעפרייען פון לאנגווייליגקייט; דאס האט אין אמת מיך באוועגט, אונטער דעם איינפלוס האב איך אויפמערקזאם גענומען בעטראכטען איהר זארט לעבען, איך האב באלד דערזעהן, אז אין דעם בייטען זיך פון איהרע עמפפינדונגען פון דער ענדערונג אין דעם זארט לעבען, האט די הויפט ראליע געשפיעלט דאס בעווייזען זיך און דאס דערוויטערן זיך פון אלעקסאנדר מאטווייאיטשען. דאס האט מיך געצוואונגען אנצוהייבען טראכטען וועגען איהם: איך האב פארשטאנען די אורזאך פון זיינע ווילדע גייננג, אויך וועלכע איך האב פריהער קיין אויפמערקזאמקייט ניט געלייגט, און נאכדעם האבען מיינע געדאנקען באקומען אן אנדער אויסזעהן — ווי איך האב שוין געזאגט, א מעהר אנגענעהמען פאר מיר. ווען איך האב דערזעהן, אז אין איהר ווירקט שוין ניט נאָר דאס זוכען פון ליעבע, נאָר די ליעבע אליין, נאָר וועלכע זי פארשטעהט נאָך אליין ניט, אז אט דער געפיהל האט זיך געווענדעט צו א מענשען, וואס איז פאלקאם ווירדיג און וואס קען, בכלל, פאלשטענדיג מיך

פארבייטען פאר איהר, אז דער מאן אליין ליעבט איהר ליידענשאפטליך — האב איך זיך שטארק דערפרעהט. אמת איז אפילו, אז דער ערשטער איינדרוק איז געווען זעהר א שווערער: יעדער וויכטיגע געדאנק איז פארבונדען מיט אביסעל שרעק. איך האב איצט געזעהן, אז מיט א ריינעם געוויסען טראכטענדיג, קען איך זיך איצט ניט האלטען פאר א מענשען, וואס איז פאר איהר נויטיג — און צו דעם בין איך דאך שוין געווען איינגעוואוהנט, און, דעם אמת זאגענדיג, איז עס מיר אויך געווען אנגענעהם; הייסט עס, אז די פערלוסט פון די בעציהונג האט געמוזט האבען א שווערע זייט. אבער דאס האט געהאט די אויבערוואג איבער דער צווייטער זייט, וואס האט מיך געפרייט נאר די ערשטע צייט, ניט לאנג. איצט בין איך געווען זיכער אין איהר גליק און רוהע פאר איהר שיקזאל. דאס איז געווען א קוואל פון גרויס פרייד, עס וואלט אבער געווען ניט ריכטיג צו דענקען, אז אין דעם איז געלעגען די הויפט אנגענעהמקייט; ניין, דאס פערזענליכע געפיהל איז ווידער געווען פיעל וויכטיגער: איך האב געזעהן אז איך ווער אין גאנצען פריי פון צוואנג. מיינע ווערטער האבען ניט דעם זינען, אז דאס לעבען אהן א פאמיליע קומט אויס אין מיינע אויגען פרייער אדער לייכטער ווי דאס פאמיליען לעבען; ניין, אויב דער מאן און די ווייב דארפען גאר ניט זיך אנשטרענגען אום צו באפרידיגען איינע די אנדערע; אויב זיי זיינען צופרידען איינע מיט די אנדערע גאר אהן אנשטרענגונג איבער זיך; אויב זיי שטעלן צופריעדען איינע די אנדערע, גאר ניט טראכטענדיג צופריעדען צושטעלען, איז, וואס ענגער זייערע בעציהונגען צווישען זיך, אלץ לייכטער און גרוימיגער פארביידען, אבער די בעציהונגען צווישען מיר און איהר זיינען ניט געווען אזוינע, דערפאר האט פארנאנדערגעהן געהייסען פאר מיר ווערן פריי.

„פון דעם קען מען זעהן, אז איך האב געהאנדעלט אין מיין אייגענעם אינטערעס, ווען איך האב זיך באשלאסען ניט צו שטערן איהר גליק; א גרויסמוטהיגע זייט איז געווען אין דער אנגעלעגענהייט, אבער די בעוועגענדע קראפט איז געלעגען אין דער שטרעבונג פון מיין נאטור צו דאס וואס איז בעסער פאר איהר אליין. אט דערפאר האב איך געהאט כח צו האנדלען, איך קען זאגען, גוט: זיך ניט ווארפען אהין און צוריק, ניט מאכען קיין איבעריגען גערודער וואס איז ניט אנגענעהם דעם צווייטען, און ניט פערראטהען די אייגענע פפליכט. דאס אלץ איז לייכט ווען די פפליכט איז — די שטרעבונג פאר דער אייגענער נאטור.

„איך בין אבגעפאהרען אין ריאזאן, אין איינינע צייט ארום חאָט זי מיר ארויסגערופען, זאגענדיג, אז מיין אנוועזענהייט וועט איהר שוין ניט שטערן. איך אבער האָב געזעהן אז עס שטערט פארט. אויף ווי ווייט איך קען פארשטעהן זיינען דא געווען צוויי אורזאכען. איהר איז געווען שווער צו זעהן דעם מענשען, וועמען זי איז צופיעל געווען פארפפליכטעט, ווארום איך האָב געהאנדעלט מעהר פאר זיך ווי פאר איהר, איהר אבער האָט די זאך אויסגעוויזען אנדערש, און זי האָט געפיהלט א גרויסע דאנקבארקייט צו מיר. דאס איז א שווערער געפיהל. אין איהם איז דא אן אנגענעהמע זייט, אבער זי נעהמט די אויבערהאנד נאָר דאמאלט, בעת דאס געפיהל איז ניט זעהר שטארק. ווען עס איז שטארק, איז עס ווירקזאם. די צווייטע אורזאך — דאס איז ווידער אביסעל שווערלאך צו ערקלעהרען, אבער מען דארף זאגען וואס מען דענקט — די צווייטע אורזאך געפין איך אין דעם, וואס איהר איז ניט אנגענעהם געווען די אוננארמאלקייט פון איהר לאגע אין דעם זינען פון די געזעלשאפטליכע בעדינגענגען: איהר איז געווען שווער דאס, וואס עס האָט געפעלט א פארמאלע אנערקענונג מצד פון דער געזעלשאפט אויף דאס רעכט צו פארנעהמען אזא לאגע. און אזוי איז עס געווען, אז איך האָב דערזעהן, דאס איהר איז שווער מיין זיין לעבען איהר. איך וויל ניט בעהאלטען, אז אין דער נייער ענדעקונג איז געווען א זייט, א פיעל שווערער פאר מיר, ווי די אלע געפיהלען, וואס איך האָב געפיהלט ביי די פריהערדיגע פאסירונגען. ביי מיר איז פארבליבען צו איהר זעהר א שטארקער צובונד: מיר האָט זיך געוואלט פערבלייבען זעהר א נאהענטער מענש צו איהר. איך האָב געהאפט, אז אזוי וועט עס זיין. און ווען איך האָב דערזעהן, אז דאס דארף ניט זיין, איז מיר געווארען זעהר פאררדראסיג. און דא איז שוין ניט געווען קיין בעלוינונג פאר דעם פארדרוס און קיינע פערזענליכע חשבונות ניט; איך קען זאגען, אז דא איז מיין בעשלוס, מיין לעטצטער בעשלוס אנגענומען געווארען נאָר צוליעב דעם צובונד צו איהר, נאָר פון דעם וואונש, אז איהר זאָל זיין בעסער, אויסשליסליך פון מאטיוועו ניט קיין אייגעננוציגע. דערפאר האָבען מיינע בעציהונגען צו איהר קיין מאָל, אפילו אין די בעסטע צייטען, ניט פארשאפט אזוי פיעל אינערליכען פארגניגען, ווי די פעסטקייט. דא האָב איך שוין געהאנדעלט אונטער דעם איינפלוס פון דעם, וואס איך קען אנרופען גרויסמוטהיגקייט, ריכטיגער איידעלער אויסגערעכענטקייט, אזא זארט אויסגערעכנטקייט, וואו דער אלגעמיינער געזעץ פון דער מענשליכער נאטור ווירקט איינער אליין, ניט באקומענ־

דיג קיין אונטערשטיצונג פון קיין אינדיווידועלע פעהיגקייט; און דא האָב איך דערפיהלט אזא הויכען פארגניגען — צו פיהלען אז דו האנדעלסט ווי א גרויסמוט־היגער מענש, ד. ה. אזוי ווי יעדער מענש וואלט געדארפט האנדלען, ניט איוואַן, ניט פּיאטר, נאָר יעדער איינער„ גאנץ גלייך ווי ער הייסט; וואס פאר א הויכער פארגניגען איז זיך צו פיהלען פשוט אלס מענש — ניט קיין איוואן, ניט קיין פּיאטר, נאָר ווי א מענש, נאר ווי א מענש אליין. דער געפיהל איז זעהר א שטאר־קער: געוויינליכע נאטורען, ווי מיינע, קענען צו אפט ניט פארטראגען אדערהויבונג צו דער הויך; גוט איז אבער דעם, וועמען עס איז אמאל אויסגעקומען דאס אויס־צופּרובירען.

„עס איז ניט צו ערקלעהרען די זייט פון מיינע האנדלונגען, וועלכע וואלט געווען א גרויסע נארישקייט אין בעציהונגען מיט אנדערע מענשען, נאָר וואס האָט זיך ארויסגעוויזען פאר צו ריכטיג בנוגע דעם כאראקטער פון יענעם פּערזאָן, וועמען איך האָב אבגעטראכטען דעם וועג. אין דער צייט ווען איך בין אוועקגעפאהרען אין ריאזאן, איז נאָך ניט געווען ארויסגעזאגט קיין איין ווארט צווישען איהר און אלעקסאנדר מאטווייאיטש'ן; אין דער צייט, ווען איך האָב אנגענומען מיין לעצ־טען בעשלוס, איז קיין איין ווארט ניט געזאגט געווארען ניט צווישען מיר און איהם, ניט צווישען מיר און איהר. איך אבער האָב איהם גוט געקאנט. עס איז ניט געווען נויטיג פאר מיר זיך צו דערוויסען זיינע געדאנקען אום זיי צו קענען".

איך גיב איבער דימיטרי סערגעאיטשעס ווערטער מיט בוכשטעבליכער פּינקט־ליכקייט, ווי איך האָב שוין געזאגט.

איך בין א מענש וואס איז אייך אין גאנצען פרעמד: אבער די קארעספּאנ־דענץ אין וועלכער איך טרעט אריין מיט אייך, ערפילענדיג דעם וואונש פון דעם אומגעקומענעם דימיטרי סערגעאיטש, טראגט אזא אינטימען כאראקטער, אז אייך וועט, וואהרשיינליך, זיין אינטערעסאנט זיך צו דערוויסען, ווער איז עס אט דער פאר אייך פרעמדער, קארעספּאנדענט, וואס איז אזוי גוט בעהאוועגט אין דעם אינערליכען לעבען פון דעם אומגעקומענעם דימיטרי סערגעאיטשען. איך בין א געוועזענער מעדיצין סטודענט — מעהר קען איך אייך גאר ניט זאגען וועגען זיך. די לעצטע יאהרען האָב איך געלעבט אין פּעטערבורג, מיט איניגע טעג צוריק האָב איך זיך אוועקגעלאזען אויף דער רייזע צו זוכען פאר זיך א נייע קאריערע אין

אויסלאנד. איך בין אבגעפאהרען פון פעטערבורג אויפ'ן צווייטען טאג, נאכדעם ווי איהר האָט זיך דערוואוסט, אז דימיטרי סערגעאיטש איז אומגעקומען. דורך א בעזונדערן פאל האָב איך ניט געהאט די נויטיגע דאקומענטען, און מיר איז אויסגעקומען צו נעהמען פרעמדע פאפירען, מיט וועלכע עס האָט מיך באזארגט איינער פון מיינע און אייערע געמיינזאמע בעקאנטע. ער האָט עס מיר געגעבען נאָר מיט דעם באדינגונג, אז איך זאל אויפ'ן וועג ערפילען איינינע פון זיינע שליחות'ן. ווען אייך וועט אויסקומען צו זעהן הערר'ן ראכמעטאוו, זייט זיך מטריח און זאגט איהם, אז אלץ וואס ער האָט מיר איבערגעגעבען איז ערפילט געווארען, ווי עס דארף צו זיין. איצט וועל איך דערווייל זיך ארומשלעפען, וואהרשיינליך איבער דייטשלאנד, זיך צוקוקענדיג צו די זיטען. איך האָב עטליכע הונדערט רובעל און מיר ווילט זיך טהאָן אלעב. ווען עס וועט דערעסען ארומצוגעהן לײדיג, וועל איך זיך זוכען א בעשעפטיגונג; וואס פאר א זארט? דאס איז גאנץ גלייך. — וואו? וואו עס וועט זיך מאכען. איך בין פריי ווי א פויגעל, איך קען זיין זארגלאז ווי א פויגעל. אזא לאגע ענטציקט מיך.

עס איז זעהר מעגליך, אז איהר וועט וועלן מיך באעהר'ן מיט איין ענטפער. איך ווייס אבער ניט, וואו איך וועל זיין אין א וואך ארום — עס קען זיין אין איטאליען, עס קען זיין אין ענגלאנד, און אפשר גאר אין פראג. דערפאר שרייבט אויף אייער בריעף נאר דעם אדרעס:

Berlin Friedrich Strasse 20, Agentur Von H. Schneidler

אונטער דעם קאנווערט וועט אייער בריעף ליעגען אין אן אנדער קאנווערט, אויף וועלכען אנשטאט אן אדרעס, וועט איהר אוועקשטעלען דעם ציפער 12345 : דאס וועט בעדייטען פאר די קאנטאר פון שמיידלערס אגענטור, אז דער בריעף דארף איבערגעשיקט ווערן צו מיר.

נעהמט אן, ווערטהע פרוי, די פארזיכערונג און דער פולער אכטונג מצד פון א מענשען, וואס איז אייך אין גאנצען פרעמד, נאָר וואס איז אהן א גרעניץ אייך איבערגעבען, א מענש וואס וועט זיך רופען אויסגעדיענטער מעדיצין־סטודענט.

געעהרטער הערר, אלעקסאנדר מאטווייאיטש, לויט דעם פערלאנג פון דעם אומגעקומענעם דימיטרי סערגעאיטש דארף איך אייך איבערגעבען די פארזיכערונג,

אז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַם בעסטען פאַר איהם דוקא דאָס, אַז ער זאָל אייך אבטרעטען זיין פּלאַטץ. ביי יענע באַציהונגען, וואָס האָבען ביסלעכווייז זיך אוועקגעשטעלט אין פאַרלויף פון דריי יאָהר, ווען איהר זייט כמעט אין גאַנצען ניט געווען זיין גאַסט, דאָס הייסט אלזא וואָס זיינען אויפגעקומען אָהן אייער אנטהייל, איינפאַך נאָר פון דעם, וואָס די כאַראַקטערן האָבען ניט געשטימט ביי צוויי מענשען, וועמען איהר האָט נאָכהער אָהן נוצען געזוכט נעהענטער צוזאַמענברייינגען — ביי יענער בעציהונג איז געוועזן אונפערמיידליך אזא שלום, וועלכער האָט טאַקי פּאַסירט. עס איז קלאָהר, אַז דימיטרי סערגעאיטש האָט עס ניט געקאָנט צושרייבען צו אייך. געוויס איז דיזע ערקלעהרונג איבעריג, דאָך האָט ער מיר געבעטען די ערקלעהרונג אייך צו מאַכען נאָר פון פאָרמע וועגען. אַזוי צו אַנדערש, דער, צו יענער האָט געמוזט פאַרנעהמען דעם פּלאַטץ, וואָס ער האָט ניט געקאָנט פאַר־נעהמען, אויף וועלכען עס האָט זיך נאָר געקאָנט בעווייזען אַן אַנדערער, ווייל דימיטרי סערגעאיטש האָט מעהר איהם ניט געקאָנט פאַרנעהמען. דאָס וואָס דוקא איהר האָט דעם פּלאַטץ פאַרנומען, מאַכט דעם שלום, לויט דימיטרי סער־געאיטש'ס מיינונג, דעם בעסטען וואָס איז נאָר מעגליך געווען. איך דריק אייער האַנד, אויסגעדיענטער מעדיצין־סטודענט.

---

וואָס איז דאָס? א בעקאַנטע שטים... איך קוק זיך אַרום — געוויס, ער! ער! ער, דער קלוגער לעזער, וועמען איך האָב אַקאַרשט ניט לאַנג פאַרטריבען מיט שאַנד פאַר זיין ניט וויסען אַן אלף אין הלכות קונסט; ער איז שוין ווידער דאָ מיט זיין פריהערדיגען שאַרפזין, ער ווייס שוין ווידער עפּעס וואָס!

— איך ווייס ווער עס האָט דאָס געשריעבען...

איך כאַפּ אָבער די ערשטע פּאַסיגע זאַך, וואָס איז מיר אַריינגעפאַלען אין האַנד — אַריינגעפאַלען איז מיר א טישטאַכל, ווייל איבערשרייבענדיג דעם בריעף פון אויסגעדיענטען סטודענט האָב איך זיך געזוצט עסען פריהשטיק — אלזא באַפּענדיג דעם טישטאַכל, פאַרשטאָפּ איך איהם דעם מויל: „און אַז דו ווייסט, טו וויים, צו וואָס שרייסטו נאָך, אַז די גאַנצע שטאָדט זאָל הערן“?

## 2

### פעטערבורג, דעם 25־טען אוגוסט, 1856

געעהרטער הערר.

איהר פארשטעהט ווי שטארק איך האָב זיך דערפרעהט מיט אייער בריעף. פון טיעפען הארצען דאנק איך אייך פאר איהם. אייער נאהענטקייט צום אומגע־קומענעם דימיטרי סערגעאיטש גיט מיר א רעכט אייך צו האלטען פאר א פריינד — ערלויבט מיר צו געברויכען דיזען נאמען. דימיטרי סערגעאיטשעס כאראקטער זעהט מען פון יעדען ווארט זיינעם, וואס איהר האָט איבערגעגעבען. ער זוכט שטענ־דיג אויס די בעהאלטענסטע אורזאכען פון זיינע האנדלונגען, און איהם פארשאפט פארגניגען זיי ארונטערצופיהרען אונטער דער טעאריע פון עגאיזם. מיין אלעק־סאנדר האָט אויך האלט זיך צו אונטערזוכען אין דעם גייסט. אויב איהר וואלט געהערט, ווי ער ערקלעהרט זיינע האנדלונגען געגען איבער דימיטריען אין פער־לויף פון די דריי יאהר! לויט זיינע ווערטער קומט אויס, אז ער האָט דאס אליץ געטהאָן נאָר פון עגאיסטישער אויסרעכנונג, פאר דעם אייגענעם פארגניגען. און איך האָב שוין אויך לאנג באקומען די געוואהנהייט, נאָר דאס באשעפטיגט מיר און אלעקסאנדרן אביסעל ווייניגער, ווי דימיטרי סערגעאיטשען; מיר זיינען מיט איהם אין גאנצען מסכים, ווען ער זאגט, אז ער האט א געוויסע תשוקה דערצו, יא. אויב מען זאָל הערן, וואס מיר ריידען, זיינען מיר אלע דריי אזוינע עגאיסטען, וועלכע די וועלט האָט ביז איצט נאָך ניט פארמאגט, און טאמער איז עס אמת? טאמער זיינען פריהער אזוינע עגאיסטען טאקי ניט געווען?

אבער אויסער דעם שטריך, וואס מיר אלע דריי האָבען, איז אין דימיטרי סערגעאיטשעס ווערטער פארהאן נאָך א זאך, וואס קומט שוין דירעקט פון זיין לאגע: דער ציעל פון זיינע ערקלעהרונגען איז, מיר צו בערוהיגען. ניט דאס מיין איך, אז זיינע ווערטער זיינען ניט אין גאנצען ריכטיגע — ניין, ער וועט קיינ־מאָל ניט זאגען דאס וואס ער טראכט ניט — אבער ער שטעלט צו שטארק ארויס נאָר די זייט פון אמת, וואס קען מיר בארוהיגען. מיין פריינד, איך בין זעהר דאנקבאר דאפיר, אבער איך בין דאך אויך אן עגאיסטקע — און איך זאג: אומ־זיסט זארגט ער אליץ וועגען מיין בארוהיגונג; איך אליין געפין פאר זיך פיעל לייכטער זכות'ן, איידער עס קענען עס טהאן אנדערע; און איך, אויב איך זאָל זאגען דעם אמת, פיהל זיך אין קיין זאך ניט שולדיג געגען איהם. איך וועל זאגען

נאָך מעהר: איך פיהל זיך זאגאר ניט פארפּפליכטעט צו זיין איהם דאנקבאר. איך שאַץ הויך זיין גרויסמוטה, און ווי הויך שאַץ איך עס! איך ווייס דאָך אבער, אז ער איז געווען גרויסמוטהיג ניט פאר מיר, נאָר פאר זיך. אויך איך, אויב איך האָב איהם ניט גענארט, האָב איך עס געטהאָן ניט צוליעב איהם, נאָר צוליעב זיך, ווארום איהם אבנארען, וואלט געווען אן אונרעכט געגען איהם און דאס וואלט מיר אליין געווען צואווידער.

איך האָב געזאגט, אז איך באשולדיג זיך ניט — פּונקט ווי ער. אבער, פּונקט ווי ער, פיהל איך א נייגונג זיך צו פארענטפערן; לויט זיינע זעהר ריכטיגע ווערטער הייסט עס: איך האָב א געפיהל, אז אנדערע וועלן ניט אזוי לייכט, ווי איך אליין מיך בעפרייען פון פארוואורף פאר געוויסע זייטען פון מיינע האנד־לונגען. איך פיהל גאר ניט קיין פערלאנג זיך צו פארענטפערן מכח יענע פּאסירונ־גען, פאר וועלכע ער פארענטפערט זיך; איך וויל, פארקעהרט, זיך פארענטפערן, פאר יענעם טהייל, פאר וועלכען ער דארף זיך ניט פארענטפערן. אין דעם, וואס עס איז פארגעקומען ביז מיין חלום, וועט קיינער מיר ניט רופען די שולדיגע, דאס ווייס איך, אבער נאכהער, צו בין איך ניט געווען די אורזאך, וואס די זאך האט אנגענומען אזא מעלאדראמאטישען כאראקטער, און האט געבראכט צו אזא קנאַ־קעדיגען סוף? צו האָב איך ניט געדארפט פיעל איינפאכער קוקען אויף די ענ־דערונג פון די בעציהונגען, וועלכע איז געווארען אונפערמיידליך שוין דאמאלט, ווען מיין חלום האט צום ערשטען מאָל ענדעקט פאר מיר און פאר דימיטרי סערגעאיטשען מיין לאַגע און זיינע? אין אבענד פון יענעם טאג, ווען דימיטרי סערגעאיטש איז אומגעקומען, האָב איך געהאט א לאנגען געשפּרעך מיט דעם ווילדען ראכמעטאוו'ן — וואס פאר א צערטליכער און גוטער מענש ער איז דאס; ער האט מיר אנגערעדט גאט ווייס וועלכע שרעקליכע זאכען וועגען דימיטרי סער־געאיטשען. אבער אויב מען זאל עס איבערדערצעהלען אין א פריינדליכען טאָן צו דימיטרי סערגעאיטשען, אנשטאט דעם הארטען, בלומרשט פיינדליכען טאָן, מיט וועלכען ראכמעטאוו האט גערעדט — וועלען זיי פיליכט אויך זיין ריכטיג. איך האָב א חשד, אז דימיטרי סערגעאיטש האט זעהר גוט פארשטאַנען, וואס ראכ־מעטאוו וועט פאר מיר ריידען און אז דאס איז אריין ביי איהם אין חשבון. יא, דאמאלט איז פאר מיר געווען גוט אויסצוהערען, דאס האט מיך בארוהיגט, און ווער עס זאל ניט וואס האט יענעם געשפּרעך צוזאמענגעבראכט, בין איך פאר דעם

זעהר דאנקבאר איך, מיין פריינד. אבער אפילו דער ווילדער ראכמעטאוו האָט געמוזט צוגעבען, אז אין דער צווייטער העלפט פון דער זאך האָט דימיטרי סערגעאיטש געהאנדעלט אויסגעצייכענט. ראכמעטאוו האָט איהם נאָר באשולדיגט פאר די ערשטע העלפט, פאר וועלכע ער אליין זוכט זיך צו פארענטפערן. איך וועל זיך פארענטפערן פאר די צווייטע העלפט, כאטש קיינער האָט מיר ניט געזאגט, אז איך בין אין דעם שולדיג. אבער ביי יעדען איינעם פון אונז — איך רייד וועגען אונז און אונזערע פריינד, וועגען אונזער גאנצען קרייז — איז פארהאן א קטגר נאָך א שטרענגערער ווי ראכמעטאוו: דאס איז אונזער אייגענער שכל.

יא, איך פארשטעה, מיין פריינד, אז עס וואלט געווען פיעל גרינגער פאר אלעמען, אויב איך וואלט געקוקט אויף דער זאך איינפאכער און וואלט ניט צוגעגעבען קיין צו טראגישע בעדייטונג. לויט דימיטרי סערגעאיטשעס קוק אויף דער זאך, דארף מען זאגען נאָך מעהר: דאמאלט וואלט ער גאר ניט געדארפט זיך כאפען פאר דעם קנאקידיגען, און זעהר שווערען פאר איהם שלום; ער איז דערצו געטריבען געווארען דורך דעם צו שטארקען ברען פון מיין אונרוהיגקייט. איך פארשטעה, אז אזוי דארף איהם זיך אויסווייזען, כאטש ער האָט איך ניט געהייסען מיר איבערגעבען. דערפאר טאקי שאַץ איך אַלץ העכער אפּ זיין צובונד צו מיר, וואס איז אפילו ניט אבגעשוואכט געווארען פון אזא מיינונג. אבער הערט זיך איין, מיין פריינד, דאס איז ניט אין גאנצען גערעכט, עס איז זאגאר גאר ניט גערעכט: ניט דורך מיין פעהלער, ניט דורך די צו גרויסע אונרוהע איז ארויסגעקומען פאר דימיטרי סערגעאיטשען די נויטווענדיגקייט דורכצופיהרען דאס, וואס ער רופט אן אלס זעהר שווער. אמת איז, אז ווען איך וואלט ניט צוגעגעבען צופיעל בעדייטונג צו די בעציהונגען וואלט מען זיך געקאנט באגעהן אהן דער רייזע אין ריאזאן; ער זאגט אבער, אז די רייזע איז ניט געווען שווער פאר איהם; אלזא איז אין דעם נאָך ניט געווען קיין גרויסער אונגליק פון מיין אויפגערעגטען בליק אויף דער זאך. שווער איז נאָר געווען פאר דימיטרי סערגעאיטשען די נויטוועדיגקייט אומצוקומען. ער ערקלעהרט די אונפערמיידליכקייט פון דעם באשלוס זיינעם דורך צוויי אורזאכען: איך האָב געליטען דורך די צו גרויסע דאנקבארקייט צו איהם, און איך האָב געליטען פון דעם וואס איך האָב ניט געקאנט זיך שטעלען אין אזוינע בעציהונגען צו אלעקסאנדרן, וועלכע ווערן געפאדערט פון די געזעלשאפטליכע באדינגונגען. אין אמת'ן בין איך ניט געווען אין גאנצען רוהיג, מיין לאגע איז

מיר געווען שווער, כל זמן ער איז ניט אומגעקומען, אבער ער פארשטעהט ניט די אמת'ע אורזאך. ער דיינקט, אז זיין אנוועזענהייט האָט מיך געדריקט דורך דער גרויסער לאסט פון דאנקבארקייט צו איהם — דאס איז ניט אין גאנצען אזוי. א מענש איז זעהר געניינט אויסצוזוכען געדאנקען, מיט וועלכע ער קען זיך דער־לייכטערן: אין יענער צייט, ווען דימיטרי סערגעאיטש האָט געזעהן די נויטווענ־דיגקייט אונטערצוגעהן, האָט די אורזאך שוין לאנג ניט עקזיסטירט: מיין דאנק־בארקייט צו איהם האָט שוין לאנג געהאט בעקומען די איינגעהאלטענקייט, ביי וועלכער זי בילדעט שוין אן אנגענעהמען געפיהל. און נאר אט די אורזאך האָט דאך געהאט א שייכות מיט מיין פריהערדיגען אויפגערעגטען בליק אויף דער זאך. די צווייטע אורזאך, וועלכע דימיטרי סערגעאיטש בריינגט — דער פערלאנג צו־צוגעבען מיינע בעציהונגען צו אלעקסאנדרן דעם כאראקטער, וואס איז אנערקענט פון דער געזעלשאפט — איז די זאך אין גאנצען ניט געווען אבהייניג פון מיין בליק אויף דער זאך, זי איז אויסגעקומען פון דער בליק פון דער געזעלשאפט. איך וואלט אין דעם געווען אהנמעכטיג. אבער דימיטרי סערגעאיטש האָט אין גאנצען א טעות, מיינענדיג אז זיין אנוועזענהייט איז געווען שווער פאר מיר צוליעב דער אורזאך. ניין, אויך אהן זיין אונטערגאנג וואלט מען געקאנט לייכט עס אבשאפען, אויב דאס וואלט געווען נויטיג און אויב דאס וואלט געווען גענוג פאר מיר. אויב א מאן וואהנט צוזאמען מיט דער פרוי, איז עס גענוג, אז די געזעלשאפט זאל ניט מאכען קיין סקאנדאל דער פרוי, גאנץ גלייך אין וועלכע בעציהונגען זי זאל ניט זיין צו איין אנדערן. דאס איז שוין א גרויסער ערפאלג, מיר זעהען א סך ביישפיעלען ווי אזוי א דאנק די גרוימוטהיגקייט פון מאן, ווערט די זאך אזוי איינגעאורדענט; און אין די אלע פעלע לאזט די געזעלשאפט די פרוי צורוה. איצט געפין איך אז דאס איז דער בעסטער און פאר אלעמען גרינגסטער אופן, ווי אזוי איינצוארדנען אזוינע זאכען, וויאזוי. דימיטרי סערגעאיטש האָט פריהער מיר פארגעלייגט דעם מיטעל. איך האָב דאמאלט עס צוריקגעוויזען, אויב איך וואלט געקאנט זיין צופריעדען דערמיט, וואס די געזעלשאפט זאל מיר צורוה לאזען און זאל מיר קיין סקאנדאל ניט מאכען און זאל ניט וועלן זעהן מיינע בעציהונגען צו אלעקסאנדרן — דאמאלט וואלט געווים דער מיטעל, וואס דימיטרי סערגעאיטש האָט מיר פאר־געשלאגען געווען גענוג, און ער וואלט ניט געדארפט זיך באשליסען אומצוקומען. דאמאלט וואלט ביי מיר גאנץ געווים ניט געווען קיין אורזאך צו ווינשען אז מיינע

בעציהונגען צו אלעקסאנדר'ן זאל'ן ווערען באשטימט פארמאל. מיר ווייזט אבער אויס, אז אט די זארט איינארדנען די זאך, וואס איז באפרידיגענד אין דעם גרעסטען טהייל פון די פעלע, ווי אונזערע, וואלט ניט געווען באפרידיגענד אין אונזער פאל, אונזער לאגע האט געהאט דעם זעלטענעם צופאל, וואס אלע דריי פערזאנען, וועמען דאס האט אנגעריהרט, זיינען אלע געווען גלייכע מענשען. וואלט דימיטרי סערגעאיטש געפיהלט, אז אלעקסאנדר שטעהט העכער פאר איהם אין שכל, ענטוויקלונג, אדער כאראקטער; אויב אבטרעטענדיג דעם ארט אלעקסאנדר'ן, וואלט ער אבגעטראטען דער גרעסערער מאראלישער קראפט; אויב זיין ענטזאגען זיך וואלט ניט געווען מיט'ן גוטען ווילען, נאר דאס וואלט געהייסען, אז דער שוואכערער ציהט אפ פאר'ן שטארקערן; א, דאמאלט, וואלט איך, געוויס, ניט געהאט מיט וואס זיך צו פיהלען געקריינקט. דאס זעלבע וואלט געווען, אויב איך וואלט געווען פיעל שטארקער פון דימיטרי סערגעאיטש'ן לויט'ן שכל און כאראקטער, אויב ער וואלט פאר דער ענטוויקלונג פון מיינע בעציהונגען צו אלעקסאנדר'ן געווען דאס וואס ווערט אזוי גוט כאראקטעריזירט אין יענעם אנעקדאט. איבער וועלכען, דו געדיינקסט מיין פריינד, מיר האבען אזוי פיעל געלאכט מיט דיר. דער אנעקדאט דערצעהלט ווי אזוי זאל פון דער אפערא האבען זיך געטראפען צוויי העררן, זיך פארנאנדערגערעדט, געפעלען געווארען איינער דעם אנדערן — „איך בין אפיציר דער און דער", האט איינער געזאגט זיך פארשטעלענדיג, — „איך בין דער מאן פון פרוי טעדעסקא", האט דער צווייטער זיך פארגעשטעלט. אויב דימיטרי סערגעאיטש וואלט געווען „דער מאן פון פרוי טעדעסקא", א, דאמאלט וואלט ניט געווען קיין נויטווענדיגקייט פאר איהם אומצוקומען, ער וואלט זיך אונטערגעגעבען, וואלט זיך איינגעהאלטען, און, אויב ער איז א מענש אן איידעלער, וואלט ער אין דער אנגעלעגענהייט ניט געזעהן פאר זיך קיין בעליידיגונג, און אלץ וואלט געווען שעהן. אבער זיין בעציהונג צו מיר און צו אלעקסאנדר'ן איז גאר ניט געווען אזא. ער איז אויף א האר ניט געווען שוואכער אדער ניעדעריגער פאר קיינעם פון אונז — און מיר האבען עס געוואוסט, זיין אבטרעטען איז ניט געווען קיין רעזולטאט פון שוואכקייט — א בשום אופן ניט! זי איז געווען איינפאך א רעזולטאט פון זיין גוטען ווילען, איז עס אזוי, מיין פריינד? איהר קענט עס ניט אבלייקענען, דערפאר אין וואס פאר א לאגע האב איך זיך געזעהן? אט אין דעם ליעגט, פריינד מיינער, דער תוך פון דער גאנצער זאך.

איך האָב זיך געזעהן אין דער לאַגע פון זיין אבהייניג פון זיין גוטען ווילען; אט פאר וואס די לאגע איז געווען שווער פאר מיר; אט פאר וואס ער האָט דערזעהן די נויטוועגדיגקייט פון זיין גרויסמוטיגען בעשלום — אומצוקומען. יא, מיין פריינד, די אורזאך פון מיין געפיהל, וואס איהם האָט געצוואונגען דערצו, איז געלעגען פיעל טיעפער, איידער ער ערקלעהרט עס אין אייער בריעף. דער דריקענדער ביישפיעל פון דאנקבארקייט האָט שוין מעהר ניט עקזיסטירט, צו ערפילען די פרעטענזיעס פון דער געזעלשאפט וואלט געווען לייכט דורך יענעם מיטעל, וואס דימיטרי סער־געאיטש אליין האָט פארגעשלאגען: יא, די פרעטענזיעס פון דער געזעלשאפט זיינען גאר ניט דערגאנגען צו מיר, וואס לעבט אין דעם קליינעם קרייז, וועלכער האָט גאַר אזוינע פרעטענזיעס ניט. איך אבער בין געבליבען אבהייניג פון דימיטרי סערגעאיטש'ן, מיין לאגע איז געווען באגרינדעט דורכאויס אויף זיין גוטען ווילען. זי וואלט ניט געווען זעלבסטשטענדיג — אט דאס איז די אורזאך פאר וואס זי איז געווען שווער. איצט אורטהיילט אליין: צו האָט די אורזאך געקאנט זיין אויס־געמיטען דורך דעם, וואס איך וואלט אזוי אדער אנדערש געקוקט אויף די ענדערונג פון אונזערע בעציהונגען, די וויכטיגקייט איז דא געווען ניט אין מיין בליק, נאָר אין דעם, וואס דימיטרי סערגעאיטש איז א זעלבסטשטענדיגער מענש, וואס האנ־דעלט אזוי אדער אנדערש נאָר דורך זיין גוטען ווילען, נאָר דורכ'ן גוטען ווילען! יא, מיין פריינד, איהר קענט און רעכטפערטיגט דעם געפיהל מיינעם, איך וויל ניט זיין אבהייניג פון קיינעם'ס גוטען ווילען, אפילו פון דעם איבערגעגעבענסטען מענשען, אפילו פון דעם געאכטעסטען מענשען, אין וועמען איך בין ניט ווייניגער זיכער ווי אין זיך אליין, וועגען וועמען איך וויים גאנץ גענוי אז ער וועט שטענדיג טהאָן מיט פרייד, וואס איז נויטיג פאר מיר און פאר וועמען מיין גליק איז ניט ווייניגער טהייער ווי ביי מיר אליין. יא, מיין פריינד, איך וויל עס ניט, און איך ווייס, אז איהר האלט עס פאר ריכטיג.

און דאך, צו וואס ווערט דאס אלץ געזאגט? צו וואס, אט דער גאנצער אנ־אליז, וואס דעקט אויף די געהיימסטע מאטיווען פון געפיהלען, צו וועלכע קיינער וואלט ניט געקאנט זיך דערקלייבען? דאס אלץ ווערט דאך, סאי ביי מיר, סאי ביי דימיטרי סערגעאיטש'ן געמאכט צוליעב איינענע נוצען, כדי מען זאל קענען זאגען: איך בין אין דעם ניט שולדיג, די זאך איז געווען אבהייניג פון אזא פאקט, וואס איז ניט געלעגען אין מיין רשות. איך מאך די באמערקונג, ווייל דימיטרי

סערגעאיטש האָט ליעב געהאט אזוינע באמערקונגען. איך וויל זיך צו חנפ'נען צו אייך, פריינד מיינער.

דאָך גענוג וועגען דעם, איהר האָט געהאט אזוי פיעל סימפאטיע צו מיר, דאס איהר האָט ניט געזשאלעוועט עטליכע שעה אויף אייער לאנגען (און אָך ווי טייער פאר מיר) בריעף. פון דעם זעה איך, — ווי דיפּלאָמאַטיש איך שרייב. פּונקט אזוינע ווענדונגען, ווי ביי דימיטרי סערגעאיטש'ן, אדער ביי אייך — יא, פון דעם, נאָך פון דעם זעה איך, אז אייך וואלט געווען אינטערעסאנט צו וויסען, וואס איז געווען מיט מיר, נאָך דעם ווי דימיטרי סערגעאיטש האָט זיך געזעגענט מיט מיר, אבפאהרענדיג קיין מאסקווע, כדי זיך אומצוקעהרען און אומצוקומען. קומענדיג צוריק פון ריאזאן, האָט ער געזעהן, אז איך פיהל זיך ניט בעקוועם, דאס האָט זיך ארויסגעוויזען ביי מיר ווען ער איז צוריקגעקומען. כל זמן ער האָט געוואהנט אין ריאזאן, האָב איך, זאגענדיג דעם אמת, ניט אזוי פיעל געטראכט וועגען איהם, ניט אזוי פיעל, ווי איהר מיינט אורטהיילענדיג פון דעם, וואס ער האָט געזעהן, בעת ער איז געקומען צוריק. אבער ווען ער איז אוועקגעפאהרען אין מאסקווע, האָב איך געזעהן, אז ער האָט עפּעס וואס אויסגעפּלאנעוועט. מען האָט געקאנט מערקען, אז ער גיט אויף זיינע געשעפטען אין פּעטערבורג; מען האָט געזעהן, אז שוין א וואָך, ווי ער ווארט נאָר, דאס זיי זאלן זיך ענדיגען, כדי צו קענען אוועקפאהרען, — ווי אזוי וואלט עס ניט געקאנט פארקומען? אין די לעצטע טעג האָב איך אפּט באמערקט טרויער אויף זיין געזיכט, אויף דעם געזיכט, וואס האָט אזוי גוט געקאנט בעהאלטען סודות. איך האָב געפיהלט, אז עס גרייט זיך פאָר עפּעס ענטשיעדענעס, עפּעס א שארפע ווענדונג, און ווען ער האָט זיך ארייגגעזעצט אין וואגאן איז מיר געווען אזוי אומעטיג, אזוי אומעטיג. אויפ'ן צווייטען טאג בין איך אומעטיג געווען, און אויפ'ן דריטען טאג בין איך אויפגעשטאנען נאָך אומעטיגער און מיט אמאָל. מאשא האָט מיר דערלאנגט א בריעף — וואס פאר א שמערצליכע מינוט, וואס פאר א שמערצליכער טאג דאס איז געווען — איהר ווייסט עס. דערפאר, מיין פריינד, ווייס איך איצט בעסער ווי פריהער די קראפט פון מיין צובונד צו דימיטרי סערגעאיטש'ן. איך האָב אליין ניט גערעכענט אז עס איז אזוי גרויס. יא, מיין פריינד, איך קען די קראפט פון דעם צובונד, און איהר ווייסט עס אויך, געוויס, ווארום איהר ווייסט דאָך, אז איך האָב געהאַט זיך באשלאָסען זיך פארנאנדערצוגעהן מיט אלעקסאנדר'ן. יענעם גאנצען טאג האָב איך געפיהלט,

אז מיין לעבען איז צובראכען און פארגיפטעט אויף אייביג; איהר ווייסט אויך מיט וואס פאר א קינדערשער שמחה איך האב דערזעהן דעם צעטל פון מיין גוטען, גוטען פריינד, יענעם צעטל, וואס האט אין גאנצען געענדערט מיינע געדאנקען (איהר זעהט ווי פארזיכטיג מיינע אויסדריקע זיינען, איהר דארפט זיין צופריעדען מיט מיר, מיין פריינד), איהר ווייסט דאס אלץ, ווארום ראכמעטאוו איז אוועק אייך באגלייטען, נאך דעם ווי ער האט מיך ארייגגעזעצט אין וואגאן; דימיטרי סער־געאיטש און ער זיינען געווען גערעכט, ווען זיי האבען געזאגט, אז מען דארף פארט אבפאהרען פון פעטערבורג, כדי דורכצופיהרען יענעם עפעקט, צוליעב וועלכען די־מיטרי סערגעאיטש האט ניט געהאט קיין רחמנות מיר צו לאזען א גאנצען טאג האבען אזוינע שרעקליכע קריינקונגען — ווי דאנקבאר בין איך איהם פאר זיין אונבארמהערציגקייט! ער און ראכמעטאוו זיינען אויך געווען גערעכט געבענדיג אלעקסאנדר'ן אז עצה זיך ניט צו בעווייזען ביי מיר, און מיר ניט צו באגלייטען. עס איז אבער פאר מיר שוין געווען ניט נויטיג צו פארפאהרען אזש אין מאסקווע, עס איז נאר געווען נויטיג אבצוציהען פון פעטערבורג, און איך האב זיך אבגע־שטעלט אין נאוואגאראד. אין איניגע טעג ארום איז אלעקסאנדר אהין געקומען און האט געבראכט די דאקומענטען וועגען דימיטרי סערגעאיטשעס אומקומען. מיר האבען חתונה געהאט אין א וואך ארום נאך דעם אונגליק און האבען ביי א חודש צייט פארבראכט ביי דער סטאנציע טשודאווא, כדי אלעקסאנדר זאל קענען בעקוועם פאהרען דריי־פיער מאל א וואך צו זיך אין האספיטאל. נעכטען זיינען מיר געקומען צוריק אין פעטערבורג — דאס איז די אורזאך, פאר וואס איך האב אזוי לאנג ניט געענטפערט אויף אייער בריעף; עס איז געלעגען ביי מאשא'ן אין קעסטל און זי האט אין גאנצען אן איהם פארגעסען. און איהר האט שוין גאט ווייס וואס איבערגעטראכט, ניט באקומענדיג קיין ענפער.

איך נעהם אייך ארום, מיין פריינד, אייער

ווערא קירסאנאווא.

איך דריק דיין האנד, מיין ליעבער. אבער, איך בעט דיר, מיר שרייב כאטש קיין קאמפלימענטען ניט; אז ניט וועל איך אויסגיסען פאר דיר מיין הארץ מיט א גאנצען שטראם פון ליבגעזאנג צו דיין גרויסמוטה, פון וואס עס וועט דיר גע־ווים, עקלען מעהר ווי אלץ. און ווייסטו וואס? צו בעווייזט עס ניט, אז סאי

איך, סאי דו האָבען א רעכטע פּארציע פון קלײנליכקייט, וואס מיר שרייבען איינע די אנדערע נאָר צו עטליכע שורות; דאס ווייזט, דאכט זיך, אז מיר שעהמען זיך עפּעס איינער פאר׳ן צווייטען. איבריגענס קען מען מיר פאר דעם נאָך מוחל זיין. אבער דו, פאר וואס האסטו זיך צו שעהמען? אבער דעם צווייטען מאָל האָף איך מיט דיר זיך שוין דורכצורײדען פריי און וועל דיר דערצעהלען א בארג היגע נייעס.

דיין אלעקסאנדר קירסאנאוו.

.3

די בריעף כאטש פון טיעפען הארצען געשריעבען, זיינען באמת געווען אביסעל איינזייטיג, ווי ווערא פאוולאוונא האָט באמערקט. ביידע קארעספּאנדענטען האָבען זיך באמיהט צו פארקלענערן איינער פאר דעם אנדערן די קראפט פון די שווערע ערשיטערונגען, וואס זיי האָבען דורכגעלעבט — אָ, ווי כיטרע זיינען די מענשען! איך האב אפּט געהערט פון זיי, ד. ה. פון זיי און זייער גלייכען אזוינע זאכען, פון וועלכע איך האָב זיך געקייקעלט לאכענדיג בעת זיי האבען מיט התלהבות געהאלטען אין פארזיכערן, אז דאס איז כלומרשט, גאָר ניט, דאס איז לייכט: עס פארשטעהט זיך אז געלאכט האָב איך, און די פארזיכערונגען פלעגען געמאכט ווערען פאר מיר, א זייטיגען מענשען, און נאר זאלבעצווייט, ווען אבער דאס זעלבע פלעגט געזאגט ווערען פאר דעם וואס האָט עס געדארפט הערן, האָב איך צוגעבאמ־קעט, אז דאס איז כלומרשט באמת א קטנות. א קאמיש באשעפעניש איז אן אנשטענדיגער מענש; איך האָב שטענדיג חוזק געמאכט פון יעדען אנשטענדיגען מענשען, מיט וועמען איך בין בעקאנט געווען.

א קאמישע בעשעפעניש, זאגאר ביז לעכערליכקייט, נעהמט כאטש אט די בריעף. איך בין שוין אביסעל צוגעוואהנט צו די קונצען, פיהרענדיג בעקאנטשאפט מיט אזוינע מענער און פרויען. אבער ווי דארפען זיי ווירקען אויף א פרישען מענ־שען, ווי דארפען זיי ווירקען, צ. ב. אויף דעם קלוגען לעזער?

דער קלוגער לעזער האָט שוין געקאנט בעפרייען זיין מויל פון טישטאכל און רופט ארויס, שאקלענדיג מיט׳ן קאָפּ:

— דאס איז אונמאראליש!

— א כוואט א יונג! געטראפען! לויב איך איהם, נו, דערפרעה מיך מיט נאָך א ווערטל.

— יא, דער פּערפאסער אליין, איז אויך אן אונמאראלישער מענש — רעדט ארוים דער קלוגער לעזער — זעהסטו, צו וואס פאר'ע זאכען ער באמקעט צו.

— ניין, מיין ליעבינקער, דו האסט א טעות. עס געפעלט מיר אין דעם א סך זאכען ניט, עס געפעלט מיר זאגאר אין גאנצען ניט, זאגענדיג דעם אמת, דאס איז צופיעל אויסגעחכמ'עט, ערהויבען, דאס לעבען איז פיעל איינפאכער.

— הייסט עס, אז דו ביזט נאך מעהר אונמאראליש,—פרעגט מיך דער קלוגער לעזער אויסשטעלענדיג די אויגען פון פארוואונדערונג, ווי ביעדעריג די מענשהייט איז געפאלען אין פערדארבענהייט דורך מיין פערזאן.

— יא, פיעל אונמאראלישער, זאג איך, און טרעפט צו אין ערנסט אדער אין א שפאס, איבער דעם קלוגען לעזער.

די קארעספאנדענץ האט אנגעהאלטען נאך דריי פיער חדשים — טהעטיג מצד פון די קירסאנאוו'ס, פויל מצד פון צווייטען. נאכהער האט מען אין גאנצען אויפגעהערט צו ענטפערן אויף זייערע בריעף; פון אלץ איז געוועזן קענטיג, אז ער האט נאר געוואלט איבערגעבען ווערא פאוולאוונא און איהר מאן יענע געדאנקען לאפוכאוו'ס, פון וועלכע עס האט זיך צוזאמענגעשטעלט דער ערשטער לאנגער בריעף, און ערפילענדיג די פפליכט, האט ער געפונען די וויטערדיגע קארעספאנדענץ פאר איבעריג. בלייבענדיג צוויי, דריי מאל אהן אן ענטפער האבען די קירסאנאוס עס אזוי פערשטאנען און האבען אויפגעהערט צו שרייבען.

4

ווערא פאוולאוונא רוהט אויף איהר ווייכער קושעטקע, ווארטענדיג אויפ'ן מאן, וואס דארף קומען פון האספיטאל צום מיטאג עסען. היינט האט זי ווייניג זיך מתעסק געווען אין קיך איבער די זיסע צוגאבען צום מיטאג עסען; איהר האט זיך געוואלט וואס גיכער זיך צולייגען אברוהען, ווארום זי האט זיך גענוג אנגעהארעוועט אין פריהמארגען; און דאס, איז שוין לאנג אזוי, און דאס וועט נאך לאנג אנהאלטען אזוי, אז זי וועט אין פריהמארגען זיך גענוג אנהארעוועו; זי עפענט דאך א צווייטען ווארקשטאט. ווערא פאוולאוונא לאפוכאווא האט געוויינט אויף וואסילעווסקי, ווערא פאוולאוונא קירסאנאווא וואהנט אויף דער סערגיי גאס, ווארום דער מאן דארף א וואהנונג נאהענטער צו וויבארגער זייט. מערצאלאווא

האַט זיך גאַנץ גוט איינגעפּאַסט פאַר יענעם וואַרקשטאַט, וואָס איז געווען אויף וואַסילעווסקי און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך: זי און דער וואַרקשטאַט זיינען דאָך שוין געווען גוט בעקאַנט צווישען זיך. קומענדיג צוריק אין פּעטערבורג האָט ווערא פּאַוולאַוונא דערזעהן, אַז אויב זי דאַרף זיין אין יענעם וואַרקשטאַט, איז עס נאָר זעלטען און ניט אויף לאַנג; און אויב זי קומט דאָרט כמעט יעדען טאָג, איז עס איינפאַך נאָר דערפאַר, ווייל איהר ציהט אַהין דער צובונד און ווייל עס באַגעגענט איהר דאָרט דער צובונד; עס קען זיין, אַז אויף אַ געוויסע צייט זיינען איהרע באַזוכען ניט אין גאַנצען אָהן נוצען, מערצאַלאָווא געפינט פאַרט פאַר נויטיג צייטענווייז מיט איהר זיך מישב זיין: נאָר דאָס פאַרנעהמט אַזוי ווייניג צייט און עס קומט פאַר אַלץ זעלטענער; באַלד אָבער וועט מערצאַלאָווא שוין האָבען אַזוי פיעל ווייניגער פאַדעניש, איידער מיט דעם ערשטען, פינף מיידלאַך, וואָס האָבען לאַוונא זיין אין וואַרקשטאַט אויף וואַסילעווסקי מעהר אַלס געליעבטע גאַסט, איידער אַלס נויטיגע פּערזאָן. מיט וואָס זאָל זי זיך פאַרנעהמען? — עס איז קלאָהר מיט וואָס: מען דאַרף גרינדען אַ צווייטען וואַרקשטאַט, אין דער נייער שכנות, אין צווייטען עק פון שטאָדט.

און אַט ווערט געגרינדעט אַ נייער וואַרקשטאַט אין איינעם פון די קליינע געסלאַך, וואָס פיהרען צווישען באַסיין גאַס און דער סערגיי גאַס. מיט דער איז פיעל ערפאַהרונג, אַז זי וועט אין גאַנצען אויפהערען זיך נויטיגען אין ווערא פּאַוו־געבילדעט דעם יסוד, זיינען אַריבער אַדער פון אַלטען וואַרקשטאַט, וואו זייערע ערטער זיינען פאַרנומען געוואָרען פון נייע; די איבריגע אַנגעשטעלטע זיינען אויפ־גענומען געוואָרען צווישען די גוטע בעקאַנטע פון די נייטערקעס, וואָס האָבען געאַרבייט אין פריהערדיגען וואַרקשטאַט, און דאָס הייסט, אַז אַלץ איז שוין געווען פאַרבערייט מעהר ווי אויף אַ העלפט: דער ציעל און די אָרדנונג פון וואַרקשטאַט זיינען געווען גוט בעקאַנט אַלע מיטגליעדער פון דער חברותא; די נייע מיידלאַך זיינען אַנגעקומען מיט דעם פערלאַנג, אַז גלייך פון אַנפאַנג זאָל איינגעפיהרט ווערן די אָרדנונג, צו וועלכע עס איז אַזוי לאַנגזאַם דערגאַנגען דער ערשטער וואַרקשטאַט. אַ, איצט געהט די איינאָרדנונג צעהן מאָל אַזוי גיך ווי דאַמאָלט און פאַדענען קומט אוים דריי מאָל אַזוי ווייניג. דאָך איז דאַ גענוג אַרבייט און ווערא פּאַוולאַוונא איז הייַנט פערמאַטערט געוואָרען, ווי זי איז פאַרמאַטערט געוואָרען נעכטען און אייערנעכטען און ווי זי ווערט פאַרמאַטערט אין די לעצטע צוויי חדשים, מעהר

ניט ווי צוויי חדשים, כאטש עס איז שוין אוועק א האלב יאהר נאך דער צווייטער חתונה. מען האָט דאך גערארפט זיך מאכען א חתונה יום טוב און זי האָט לאנג גע־פייערט. איצט אבער האָט זי שוין זיך גענומען פאר דער ארבייט.

יא, היינט האָט זי זיך אנגעארבייט, רוהט און טראכט פון פיעל, פיעל זאכען, און מעהר ווי אלע וועגען דער איצטיגער לאגע: זי איז אזוי גוט, אזוי פול! זי אזוי פול פון לעבען אז זעלטען ווען עס בלייבט צייט פאר עראינערונגען: די ער־אינערונגען וועלן קומען שפעטער, א, פיעל שפעטער, זאגאר ניט אין צעהן און ניט אין צוואנציג יאהר ארום, נאָר נאָך שפּעטער: איצט אבער איז ניט די צייט פאר זיי און לאנג נאך וועט ניט זיין די צייט פאר זיי, דאך קומען זיי אויך איצט פאָר, זעלטען, אט צום ביישפּיעל, האָט זי היינט זיך אויף דערמאָנט אן דאס, אן וואס זי דערמאָנט זיך עפּטער ווי אלע אין די ביט אפּטע עראינערונגען. אט וואס זי האָט זיך דערמאָנט.

5

— „מיין ליעבינקער, איך פאָהר מיט דיר"! — „אבער דו האָסט דאך ניט קיין זאכען". — „מיין ליעבינקער, איך וועל גלייך מארגען נאכפאהרען נאך דיר, אויב דו האָסט ניט געוואלט היינט מיר נעהמען מיט זיך" — טראכט איבער. קוק זיך צו. ווארט אפּ אויף מיין בריעף. שוין מארגען וועט ער אנקומען".

אט קומט זי אהיים: וואס האָט זי געפיהלט ווען זי איז געפאהרען מיט מאשא'ן אהיים, וואס האָט זי געפיהלט און געטראכט אויף דעם גאנצען לאנגען וועג צווישען מאסקווער סטאנציע און מיטעלסטען פּראספּעקט? זי ווייס אליין ניט, ווי אויפ־גערודערט זי איז געווען פון אט דער שנעלער ווענדונג, וואס די זאך האָט גענומען. עס איז דאך נאך ניט אוועק קיין מעת לעת, ערשט אין צוויי שעה ארום וועט ווערן א מעת לעת זינט ער האָט געפונען איהר בריעף ביי זיך אין צימער, און ער האָט זיך שוין צוריקגעצויגען — ווי שנעל דאס איז, ווי פּלוצלונג! צוויי אזייגער ביינאכט האָט זי נאָך גאָר ניט פאראויסגעזעהן, ער האָט אבגעווארט ביז זי, אן אויסגע־מאטערטע דורך די אונרוהע פון פריהמארגען, האָט שוין ניט געקאנט בייקומען דעם שלאף, איז אריין, האָט געזאגט עטליכע ווערטער, און אין די אייניגע ווערטער איז אלע געווען כמעט אן אונפערשטענדליכע פאררערע צו דעם וואס ער האָט גע־וואלט זאגען, און דאס וואס ער האָט געוואלט זאגען, האָט ער אין אזוינע קורצע ווערטער ארויסגעזאָגט: — „איך האָב שוין לאנג ניט געזעהן מיינע אלטעטשקע,

איך וועל צו זיי אריבערפאהרען, זיי וועלען זיין צופריעדען" — נאר דאס האט ער געזאגט, און איז באלד אוועק. זי האט זיך געוואָרפען נאך איהם, כאטש ער, אריינגעהענדיג, האט גענומען ביי איהר א ווארט עס ניט צו טהאָן, זי האט זיך גע־וואָרפען נאך איהם — וואו איז ער? — מאשא, וואו איז ער, וואו איז ער? מאשא, וואס האט נאך געהאלטען אין צוזאמענקלייבען די טאג געשיר נאך די געסט, ענט־פערט: — „דימיטרי סערגעאיטש איז אוועק; ווען ער איז פארביי האט ער גע־זאגט, אז ער געהט שפאצירען" — זי האט געמוזט זיך לייגען שלאפען, אבער, זאנדערבאר, ווי האט זי דאס געקאנט איינשלאפען? זי האט אבער דאך ניט גע־וואוסט, אז דאס וועט זיין שוין אין יענעם פריה־מארגען, וואס האט שוין געהאלטען אין ליכטיג ווערן; ער האט געזאגט, אז זיי וועלן נאך האבען צייט זיך דורכצוריידען וועגען אלץ. און קוים האט זי באוויזען זיך אויפצוכאפען, איז שוין צייט צו פאהרען צום באהן. יא, דאס אלץ איז שנעל פארביי פאר איהרע אויגען, אזוי ווי דאס וואלט גאר ניט פאסירט מיט איהר, אזוי ווי ווער עס איז וואלט שנעל דער־צעהלען, ווי דאס האט מיט אייגעם פאסירט. נאר איצט, קומענדיג צוריק אהיים פון באהן, האט זי זיך אבגעטשוכעט און אנגעהויבען צו טראכטען: וואס זשע איז איצט מיט איהר? וואס וועט זיין מיט איהר?

יא, זי וועט פאהרען אין ריאזאן. אנדערש קען זי ניט. אבער דער בריעף? וואס וועט זיין מיט דעם בריעף? ניין, צו וואס ווארטען אויף דעם בריעף אום זיך צו באשליסען? זי וויים דאך, וואס דארט וועט זיין געשריעבען. דאך דארף מען אבלייגען דעם בעשלוס ביז מען וועט קריגען דעם בריעף. צו וואס אבלייגען? זי וועט פאהרען. יא זי וועט פאהרען. אט אזוי טראכט זי א שעה, צוויי, דריי, פיער שעה. אבער מאשא האט זיך אויסגעהונגערט און רופט איהר שוין דעם דריטען מאל עסען מיטאג, און דעם מאל באפעלט זי מעהר, איידער זי רופט. מילא, דאס איז אויך א צושטרייאונג — „ארימע מאשא, ווי האב איך דאס איהר געלאזען אזוי הונגערן" — „צו וואס האט איהר געווארט אויף מיר, מאשא — איהר וואלט גע־דארפט שוין לאנג עסען, ניט ווארטענדיג אויף מיר" — „ווי אזוי קען מען עס, ווערא פאוולאוונא" — און ווידער טראכט זי א שעה, צוויי: „איך וועל פאהרען. יא, שוין מארגען פאהר איך, איך וועל זיך נאר דערווארטען אויפ'ן בריעף, ווייל ער האט עס געבעטען. אבער וואס עס זאל ניט זיין געשריעבען אין בריעף — איך ווייסדאך, איבעריגענס, וואס דארט וועט זיין געשריעבען — נאר וואס דארט זאל

ניט זיין געשריעבען — פאהרען וועל איך סאי ווי סאי". אט דאס טראכט זי א שעה און צוויי — יא א שעה טראכט זי אזוי, אבער א צווייטע שעה, צו טראכט זי עס נאך? ניין, כאטש זי טראכט נאך אלץ דאס זעלבע, אבער עס טראכט זיך שוין אויך וועגען נאך אנדערע פיער ווערטער, אזוינע קליינע פיער ווערטער: „ער וויל עס ניט", און אלץ מעהר און מעהר טראכט זי וועגען די פיער ווערטער. און אט געהט שוין די זון אונטער, און עס טראכט זיך נאך אלץ וועגען דאס פריהערדיגע און וועגען די פיער קלייניגקע ווערטער: און מיט אמאל, אין סאמע רעכטע מינוט איידער מאשא איז ווידער אריין און צוגעשטאנען, אז ווערא פאוולאוונא זאל טרינקען טיי — אט פאר דער מינוט, זיינען פון די פיער קליינע ווערטער אויפגע־וואקסען פינף אנדערע קליינע ווערטער: „איך וויל עס אויך ניט", ווי גוט האט גע־טהאן מאשא, וואס זי איז אריין! זי האט פארטריבען די נייע פינף ווערטער.

אבער אויך די בעל מצות'ניטצע, מאשא האט ניט אויף לאנג פארטריעבען די פינף קליינע ווערטער. אין אנפאנג האבען זיי אליין ניט געהאט די חוצפה זיך צו בעוויזען. אנשטאט זיך פלעגען זיי שיקען א הכחשה געגען זיך: „איך דארף פאהרען". נאר זיי האבען עס געשיקט כדי אליין צוריק צו קומען אונטער דעם צודעק פון דער הכחשה — אין זעלבען אויגענבליק געקומען מיט דער הכחשה זיינען ווידער אויך די פיער קליינע ווערטער „ער וויל עס ניט" און זיי האבען זיך פערוואנדעלט אין די פינף קליינע ווערטער „איך וויל עס אויך ניט" און דאס טראכט זי ביז א האלבע שעה און אין א האלבע שעה ארום הייבען די פיער קליינע ווערטער, די פינף קליינע ווערטער אן איבערצומאכען לויט זייער ווילען זאגאר די פריהערדיגע ווערטער, די וויכטיגסטע פריהערדיגע ווערטער, און פון די צוויי וויכטיגסטע ווערטער „איך פאהר" — וואקסען אוים דריי ווערטער: זיי זיינען שוין גאר ניט אזוינע, כאטש די זעלבע: „צו פאהר איך"? אט ווי עס וואקסען און בייטען זיך איבער די ווערטער! אבער אט איז מאשא ווידער: „איך האב איהם שוין אבגעגעבען, ווערא פאוולאוונא, א גאנצען רובעל, דא איז אנגעשריעבען: אויב ער וועט ברייגנען ביז 9 אזייגער אין אבענד, גיב איהם א רובעל, אויב שפעטער א האלבען רובעל. דאס האט, ווערא פאוולאוונא, געבראכט דער קאנדוקטאר, אנגעקומען מיט'ן אבענד־צוג: ער זאגט, „איך האב געטהאן, ווי איך האב פאר־שפראכען, צוליעב שנעלקייט גענומען א דראזשקע", א בריעף פון איהם! — זיא, זי ווייס, אז אין דעם בריעף שטעהט: „פאהר ניט". זי וועט אבער פארט פאהרען.

זי וויל ניט פאָלגען דעם בריעף, זי וועט ניט פאָלגען, זי וועט פאָהרען, פאָהרען. נייז, אין בריעף שטעהט ניט דאס — אט וואס עס שטעהט דארט און וואס מען קען ניט ניט פאָלגען: „איך פאהר אין ריאזאן, אבער ניט דירעקט אין ריאזאן, איך האָב א סך פאבריק געשעפטען אויפ'ן וועג, אויסער מאסקווע, וואו איך וועל מוזען פארברייננגען א גאנצע וואך צוליעב די פיעל געשעפטען, דארף איך זיין אין צוויי שטעדט פאר מאסקווע און אין דריי ערטער נאָך מאסקווע, איידער איך וועל אנקומען אין ריאזאן. ווי לאנג איך וועל וואו פארברייננגען, ווען איך וועל וואו זיין, דאס קען מען פאראויס ניט באשטימען שוין דערפאר אליין וואס צווישען אנדערע זאכען האָב איך צו בעקומען געלד פון אונזערע האנדעלס קארעספאָנדענטען; און דו ווייסט דאָך, מיין ליעבער פריינד", — יא, אזוי איז געשטאנען אין בריעף „מיין ליעבער פריינד", עטליכע מאָל איז עס געשטאנען, כדי איך זאל זעהן, אז ער איז, ווי פריהער, צוגעבונדען צו מיר, אז ער פיהלט קיין אונצופריעדענהייט ניט געגען מיר, דערמאנט זיך ווערא פאוולאוונא: איך האָב דאמאלט געקושט די ווערטער „מיין ליעבער פריינד" — יא, אזוי איז געווען געשריעבען, — „מיין ליעבער פריינד, דו ווייסט דאָך אז בעת מען דארף קריגען געלד, קומט אפט אויס צו ווארטען עטליכע טעג דארט, וואו דו דענקסט נאָר צו פארברייננגען עטליכע שעה. דערפאר וויים איך בשום אופן ניט, ווען איך וועל זיך דערקלייבען צו ריאזאן, געוויס אבער ניט זעהר גיך". זי געדיינקט כמעט ווארט אין ווארט אט דעם בריעף, איז וואס? ער האָט ביי איהר כמעט אוועקגענומען די מעגליכקייט זיך אנצוכאפען אן איהם אום זיך האלטען לעבען איהם. וואס זאל זי איצט טהאָן? און די פריהערדיגע ווערטער: „איך דארף זיך דאָך זעהן מיט איהם" פערוואנדלען זיך אין ווערטער „איך דארף זיך דאָך זעהן מיט איהם" און אט דער ער איז שוין ניט יענער וועגען וועלכען זי האָט פריהער געטראכט. די ווערטער פארבייטען אלץ די פריהערדיגע. עס טראכט זיך א שעה, און עס טראכט זיך צוויי: „איך דארף ניט זיך זעהן מיט איהם"; אבער ווי און ווען האָבען זיי באוויזען זיך צו ענדערען: זיי האָבען זיך שוין אבער געענדערט אין די ווערטער: „צו דען וויל איך מיט איהם זיך זעהן?" אבער וואו איז דער ענטפער? ווען איז ער פארשוואונ־דען? און זיי זיינען שוין כמעט אויסגעוואקסען, יא, זיי זיינען שוין אויסגעוואקסען אין די ווערטער: „צו דען וועל איך איהם ניט זעהן"? און ווען זי שלאפט איין,

פארטאג, שלאפט זי שוין איין מיט די ווערטער: „צו דען וועל איך איהם ניט זעהן?“

און ווען זי כאפט זיך אויף שפעט אין פריהמארגען איז אנשטאט אלע פריהערדיגע ווערטער קעמפפען שוין צווישען זיך צוויי ווערטער מיט איינעם: „ניט זעהן“ — „זעהן“ — און אזוי געהט אוועק דער גאנצער פריהמארגען: פארגעסען איז אלץ אין דעם קאמפף און יענער ווארט וואס וויל אלץ מעהר אנהאלטען ביי זיך דאס קליינע ווארט, כאפט איהם אלץ און האלט איהם אלץ פעסט: „ניט זעהן“ און דאס קליינע ווארט אנטלויפט אלץ און ווערט פארפאלען: „זעהן“: פארגעסען איז אלץ. פארגעסען איז אלץ אין די אנשטרענגונגען פון גרויסען ווארט אנצוהאלטען ביי זיך דעם קליינעם ווארט; ער האלט איהם איין און רופט אויף הילף א צווייטען קליינעם ווארט, כדי אט דער פריהערדיגער קליינער ווארט זאל ניט האבען וואו צו אנטלויפען: „ניין, ניט זעהן“... „ניין, ניט זעהן“ — דאך וואס טראכט זי אזוינס? די הוט איז שוין אנגעטהאן און אינסטינקטיוו האט זי א קוק געטהאן אין שפיעגעל: צו זיינען די האר פארקאמט. און אין שפיעגעל האט זי דערזעהן, אז זי האט שוין די הוט אויפ'ן קאפ, און פון די דריי ווערטער, וואס זיינען זיך אזוי פעסט צוזאמענגעוואקסען, איז געבליבען איינער, און צו איהם איז צוגעקומען א נייער ווארט: „קיין צוריק“. ניטא קיין צוריק, ניטא קיין צוריק... „מאשא ווארט היינט ניט אויף מיר צו מיטאג: איך וועל ניט עסען אין דער היים“.

— אלעקסאנדר מאטווייאיטש האט נאך ניט באוויליגט צו קומען צוריק פון האספיטאל, זאגט רוהיג סטעפאן. און ווי זאל ער ניט ריידען רוהיג, גלייכגילטיג? אין איהר באזוך איז ניטא קיין באזונדערעס; פריהער, נאך גאר ניט לאנג צוריק, פלעגט זי אפט דא זיין. „איך האב געטראכט אזוי; גאנץ גלייך, איך וועל דא זיצען. זאגט איהם ניט, אז איך בין דא“. זי נעהמט עפעס א זשורנאל — יא זי קאן לעזען; ווי נאר עס איז „ניטא קיין צוריק“, ווי נאר דער בעשלוס איז אנגענומען געווארען, פיהלט זי זיך זעהר רוהיג. געוויס האט זי ווייניג געלייענט, זי האט גאר ניט געלייענט; זי האט ארומגעקוקט דעם צימער, זי האט עס גענומען צוקלייבען, ווי א בעל־הביתטע; געוויס האט זי ווייניג וואס צוגעקליבען, האט גאר ניט צוגעקליבען, אבער ווי רוהיג זי איז. זי קען לייענען, קען זיין בעשעפטיגט, זי האט באמערקט, אז פון אש־שיסעל איז די אש ניט אויסגערייניגט, און דעם טוכענעם טישטוך אויפ'ן טיש דארף מען פאררייכטען, און דער שטול

איז אבגערוקט פון ארט. זי זיצט און טראכט: „ניטא קיין צוריק, ניטא קיין אויסוואהל, עס הויבט זיך אָן א נייער לעבען“, — זי טראכט א שעה, טראכט צוויי: „עס הויבט זיך אָן א נייער לעבען.

ווי פערוואונדערט וועט ער זיין, ווי גליקליך וועט ער זיין. עס הייבט זיך אָן א נייער לעבען. ווי גליקליך זיינען מיר. א קלונג: זי איז אביסעל רויט געווארען און א שמייכעל געטהאָן: טריט, די טהיר עפענט זיך — „ווערא פאוולאווגא“. ער האָט זיך א שאקעל געטהאָן, יא, ער האָט זיך א שאקעל געטהאָן, ער האָט זיך אנגעכאַפּט פאר׳ן הענטעל פון טהיר: זי איז שוין אבער צו געלאפען צו איהם, האָט איהם ארומגענומען: „מיין ליעבער, מיין ליעבער! ווי גרויסמוטהיג איז ער! ווי ליעב איך דיך! איך האָב ניט געקאנט לעבען אָהן דיר“! — און דערנאָך: וואס איז געוועזן דערנאָך? ווי זיינען זיי דורך דעם צימער? זי געדיינקט ניט, זי געדיינקט נאָר, אז זי איז צוגעלאפען צו איהם, האָט איהם א קוש געטהאָן: אבער ווי זיי זיינען דורך דעם צימער, דאס געדיינקט זי ניט, און ער געדיינקט אויך ניט: זיי געדיינקען נאָר, ווי זיי זיינען שוין פארביי פאר די שטולען, ביים טיש, אבער ווי זיינען זיי אוועק פון טהיר... יא, אויף עטליכע סעקונדען האָט בייביידען זיך פארדרייט די קאָפּ, און עס איז פינסטער געווארען אין די אויגען פון דעם קוש... — „וועראטשקא, מלאך מיינער“, — פריינד מיינער איך האָב ניט געקאנט לעבען אהן דיר. ווי לאנג דו האסט מיר געליעבט און געשוויגען! ווי אײדעל דו ביזט! ווי אײדעל ער איז דאס, סאשא“! — „דערצעהל זשע, וועראטשקא, ווי דאס האָט פאסירט“? — „איך האָב איהם געזאגט, אז איך קען אהן דיר ניט לעבען: אויף מארגען, נעכטען, איז ער אוועקגעפאהרען: איך האָב געוואלט נאכפאהרען נאָך איהם, א גאנצען טאג נעכטען האָב איך געטראכט, אז איך וועל נאכפאהרען נאָך איהם, און איצט, זעהסטו, זיץ איך שוין לאנג דא“. — „אבער ווי אויסגעמאטערט דו ביזט געווארען אין די צוויי וואכען, וועראטשקא, ווי בלאס עס זיינען דיינע הענד“! ער קושט איהרע הענד — „יא, מיין ליעבער, דאס איז געוועזן א שווערער קאמפּף! איצט קען איך אבשאצען פיעל דו האסט געליטען, אום ניט צו שטערען מיין רוהע! ווי האסטו עס געקאנט זיך אזוי גובר זיין, אז איך זאל גאר ניט זעהן? ווי פיעל דו האסט עס געמוזט ליידען“! — יא, וועראטשקא, עס איז ניט לייכט געוועזן“ — ער קושט אלץ איהר האנד, קוקט אלץ אויף איהרע הענד און מיט אמאל לאכט זי זיך פארנאנדער:

„אך ווי ניט אויפמערקזאם איך בין דאס צו דיר! דו ביזט דאך פארמאטערט סאשא, דו ביזט דאך הונגעריג"! זי רייסט זיך ארויס פון איהם און לויפט, — „וואוהין לויפסטו, וועראטשקא"? זי ענטפערט אבער גאר ניט, זי איז שוין אין קיך און זיך איילענדיג, זאגט זי פרעהלאך צו סטעפאנען: — „גיט גיכער עסען, פאר צוויי מענשען — גיכער! וואו זיינען די טעלער און אלץ, גיט אהער, איך וועל אליין נעהמען און דעקען דעם טיש, און איהר טראגט די שפייזען. אלעקסאנדר איז אזוי פארמאטערט געווארען אין האספיטאל ביי זיך, מען דארף איהם געבען גיכער עסען". זי געהט מיט די טעלער, אויף די טעלער קלינגען די מעסערס, גאפלען לעפעל, — „כא, כא, כא, מיין ליעבער! די ערשטע זארג פון פארליעבטע ביי דער ערשטער באגעגעניש — גיכער עסען! כא, כא, כא"! — און ער לאכט אויך, העלפט איהר דעקען דעם טיש, העלפט פיעל, אבער שטערט מעהר, ווארום ער קושט אלץ איהרע הענד. — „אך, וועראטשקא, ווי בלאס עס זיינען אט די הענד"! און ער קושט זיי אלץ. זיי קושען זיך און לאכען, — „אבער, סאשא, ביים טיש זיי ארטיג"! סטעפאן דערלאנגט די זופ, ביים עסען דערצעהלט זי, ווי דאס אלץ האט פאסירט, — „כא, כא, כא, מיין ליעבער, ווי מיר עסען דאס אריין, מיר, די פערליעבטע! אמת, איך האב נעכטען גארניט געגעסען", — עס געהט אריין סטעפאן מיט'ן לעצטען געריכט, — „סטעפאן, דאכט זיך, דו ווייסט בלייבען אהן מיטאג צוליעב מיר"? — יא, ווערא פאוולאוונא, מען וועט דארפען פאר זיך וואס עס איז צוקויפען אין קרעמל" — „ניש קשה, סטעפאן! ווייטער וועט איהר שוין וויסען אז איהר דארפט קאכען פאר צווייען, אויסער זיך. סאשא, וואו איז דיין ציגאר קעסטעל? גיב אהער"! זי שניידט אליין ארום א ציגאר פאר איהם, פאררייכערט עס, — „רויכער, מיין ליעבער, איך וועל דערווייל געהן מאכען קאווע, אדער טאמער ווילסטו גאר טיי? ניין, מיין ליעבער, אונזער מיטאג עסען דארף זיין בעסער, דו און סטעפאן האבען צו ווייניג געזארגט וועגען דעם". זי קומט צוריק אין פינף מינוט ארום, סטעפאן טראגט נאך די טיי געשיר, און קומענדיג צוריק, זעהט זי אז אלעקסאנדרס ציגאר איז פארלאשען געווארען. — „כא, כא, כא, מיין ליעבער, דו האסט פאנטאזירט אהן מיר" און ער לאכט — „רויכער" — זי פאר־רויכערט פאר איהם ווידער א ציגאר.

און דערמאנענדיג זיך דאס אלץ, לאכט ווערא פאוולאוונא אויך איצט: „ווי פראזאיש אונזער ראמאן איז! די ערשטע באגעגעניש — און שוין זופ און די

קאפּ האָט זיך פאַרדרייט פון ערשטען קוש, און א גוטער אפּעטיט, אַט דאס הייסט א ליעבעס סצענע ! דאס איז קאמיש ! און ווי האָבען זיינע אויגען געגלאַנצט, איבריגענס גלאַנצען זיי איצט אויך, און וויפיעל פון זיינע טרעהרען זיינען געפאַלען אויף מיינע הענד, וואס זיינען דאמאלט אזוי בלאס געווען — איצט איז שוין ניט אזוי ; אין אמת'ן, מיינע הענד זיינען איצט שעהן, ער זאָגט דעם אמת". און ווערא פּאַוולאַוונא דערלאַנגט א קוק אויף איהרע הענד און לאָזט זיי אראפּ אויף איהרע קניה וואס זעהן זיך דורך דורך דעם לייכטען מאַרגענראָק און זי טראַכט ווייטער : „ער זאגט דעם אמת" און זי שמייכעלט, איהר האנד גליצט זיך לאנגזאם צו דער ברוסט, דריקט זיך צו דער ברוסט און ווערא פּאַוולאַוונא טראַכט : „עס איז אמת".

„אַך, וואס דערמאָן איך זיך דא, טראַכט ווייטער ווערא פּאַוולאַוונא און לאַכט — וואס טהו איך דא ? אזוי ווי דאס וואלט געווען פאַרבונדען מיט מיינע ערינערונגען ? א, ניין, אַט די ערשטע בעגעגעניש, וואס איז בעשטאַנען פון מיטאג עסען, קושען די הענד, פון מיין געלעכטער און פון זיינעם, טרעהרען וועגען מיינע בלאַסע הענד, דאס איז געווען גאנץ אריגינעל. איך זעץ זיך פאַרנאַנדערגיסען טיי : „סטעפּאַן, איהר האָט ניט קיין סמאַנט ? קען מען וואו עס איז בעקומען גוטע סמאַנט ? אבער ניין, עס איז ניטא קיין צייט, און מען קען געוויס ניט קריגען. זאל זיין אזוי, מאָרגען וועלען מיר עס איינאָרדנען, רויכער זשע, מיין ליעבער : דו פאַרגעסט אלץ צו רויכערן".

מען האָט נאָך ניט באַוויזען ענדיגען טיי טרינקען, דערהערט זיך א שרעקליכער קלונג, און אין צימער פליהען אריין צוויי סטודענטען, און פון איילעניש זעהען זיי אפילו איהר ניט, — „אלעקסאַנדר מאַטווייאיטש, זאגען זיי קוים אַפּ־ כאַפּענדיג דעם אָטהעם, אַן אינטערעסאַנטער נפש. אקאַרשט געבראַכט, זעהר א זעלטענער פאַל". גאָט ווייס וואס פאַר א לאַטיינישער נאמען פון דער קראַנקהייט פון דעם אינטערעסאַנטען נפש. „אלעקסאנדר מאַטווייעוויטש, עס איז זעהר אינטערעסאַנט און עס איז נויטיג אויגענבליקליכע הילף, יעדער האַלבע שעה איז טייער, מיר זיינען זאָגאַר געפאָהרען אויף א דראָזשקע". — „גיבער זשע, מיין ליעבער, הייל זיך", זאָגט זי. ערשט איצט באַמערקען איהר די סטודענטען, פאַר־ נייגען זיך און אין דעם אויגענבליק פיהרען זיי'אַוועק זייער פּראָפעסאר. געקליבען האָט ער זיך גאָר ניט לאנג, ער איז נאָך אלץ געווען אין זיין מיליטערישען

ראַק, און זי טרייבט איהם, — „פון דאָרט וועסטו פאַרפאָהרען צו מיר"? זאָגט זי, זיך געזעגענדיג, — „יאָ" — זי וואַרט אַבענדס לאַנג: עס איז שוין צעהן אַזייגער, ער איז נאָך אַלץ ניטאָ, און עס איז שוין עלף. איצט איז שוין ניטאָ וואָס צו וואַרטען, אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס? זי איז, געוויס, ניט אוּנרוהיג: זי ווייס, אַז מיט איהם האָט גאָר ניט געקאָנט טרעפען, אָבער דאָס הייסט, אַזוי לאַנג איז ער פערהאַלטען געוואָרען דורך דעם אינטערעסאַנטען נפש! און אָט דער אינ־טערעסאַנטער נפש, צו לעבט ער נאָך? צו האָט סאַשאַ'ן זיך איינגעגעבען איהם צו ראַטעווען? יאָ, מען האָט סאַשאַ'ן לאַנג פערהאַלטען. ער איז געקומען אויף מאָרגען ניין אַזייגער אין דער פריה, ביז פיער אַזייגער פאַרבליבען אין האָספּיטאַל: „דער פאַל איז געווען זעהר אַ שווערער און אינטערעסאַנטער, ווראַטשקאָ" — „געראַטעוועט איהם"? — יאָ — „ווי אַזוי זשע ביזטו אויפגעשטאַנען אַזוי פריה"? — „האָב זיך נאָך גאָר ניט געלייגט" — „זיך ניט געלייגט? אום ניט צו פערזאַמען אהער, האָסטו אַ נאַכט ניט געשלאָפען? אַפּיקורס איינער! שוין געה אַהיים און שלאָף ביז מיטאָג אַריין, דורך אויס, און איך זאָל דיר געפינען נאָך ניט אויפגע־כאַפּט?" אין צוויי מינוט אַרום איז ער שוין געווען אויף יענער זייט טהיר.

אָט דאָס זיינען געווען די ערשטע צוויי באַגעגענישען. ביי דעם צווייטען מיטאָג עסען געהט שוין אַלץ כשורה; זיי דערצעהלען שוי איצט איינער דעם אַנ־דערן מיט אַ סדר זייערע געשיכטען: נעכטען אָבער ווייס גאָט וואָס זיי האָבען גערעדט: דאָ האָבען זיי געלאַכט, דאָ זיך פאַרטראַכט, דאָ באַדויערט איינער דעם דעם צווייטען: יעדען פון זיי האָט זיך אויסגעוויזען אַז דער צווייטער האָט מעהר געליטען... אין אַנדערהאַלבען וואָכען אַרום איז געדונגען געוואָרען די קליינע דאַטשע אויף דעם שטיין אינזעל און זיי האָבען זיך דאָרט באַזעצט.

6

ניט זעהר אָפט דערמאָנט זיך ווערא פּאַוולאָוונאַ די פערגאַנגענהייט פון זייער איצטיגער ליעבע: אין דער געגענוואַרט איז דאָ אַזוי פיעל לעבען, אַז עס בלייבט ווייניג צייט פאַר עראינערונגען. אָבער ווען זי דערמאָנט די פערגאַנגענ־הייט, איז אָפט — אין אַנפאַנג נאָר אַמאָל, נאָכהער אַלץ שטענדיגער — פיהלט זי ביי יעדער עראינערונג אַן אונצופרידענהייט, אין אַנפאַנג אַ שוואַכע, אַ פערביי־געהענדע, אונבעשטימטע. מיט וואָס? מיט וועמען? — זי הויבט שוין אַן איינ־צוזעהן מיט וועמען: זי איז ניט צופריעדען מיט זיך; וואָס איז די מעשה?

אט זעהט זי שוין, פון וועלכער זייט פון איהר כאראקטער די אונצופריעדענהייט קומט — יא, זי איז זעהר שטאלץ. אבער צו איז זי אונצופריעדען מיט זיך נאָר אין דער פערגאנגענהייט אליין? — אין אנפאנג, יא; אבער אט באמערקט זי שוין, אז די אונצופריעדענהייט מיט זיך האָט א שייכות צו דער געגענווארט אויך. און וואס פאר א זאנדערבארער כאראקטער האָט עס זיך גענומען ארויסווייזען אין דעם געפיהל, ווען אט דער כאראקטער האָט גענומען ווערען באשטימט: אזוי ווי ניט זי, ווערא פאוולאָוונא קירסאנאווא, פערזענליך וואלט פיהלען די אונצופריעדענהייט, נאָר אין איהר שפּיעגעלט זיך אָפּ די אונצופריעדענהייט פון טויזענדער און מיליאָנען; און אזוי ווי ניט מיט זיך אליין וואלט זי אונצופריעדען געווען, נאָר אין איהר זיינען אונצופריעדען אט די טויזענדער און מיליאנען. ווער זיינען זשע אט די טויזענדער און מיליאנען? פאר וואס זיינען זיי אונצופריעדען מיט זיך? אויב זי וואלט געלעבט, ווי פריהער מעהר פאר זיך אליין, וואלט געטראכט אליין, וואלט, וואהרשיינליך, איהר ניט אזוי גיך דאס קלאהר געווארען; איצט אבער איז זי שטענדיג צוזאמען מיט'ן מאן, זיי טראכטען אלץ צוזאמען, און דער געדאנק וועגען איהם איז צוגעמישט צו אלע איהרע געדאנקען. דאס האָט איהר פיעל געהאלפען צו פארשטעהן איהר געפיהל. דירעקט האָט ער אליין אויך ניט געקאנט ערקלעהרען דעם געפיהל: כל זמן דער געפיהל איז געווען טונקעל פאר איהר, איז עס פאר איהם געווען גאר חושך; איהם איז זאגאר שווער געווען צו פארשטעהן, ווי קען מען דאס האָבען א ניט־צופריעדענהייט, וואס האָט קיין שייכות ניט פערזענליך צו זיך. עס האָט אבער איהר פארט געהאלפען דאס, וואס זי האָט שטענדיג געטראכט וועגען מאן, איז שטענדיג געווען מיט איהם, האָט שטענדיג געקוקט אויף איהם, געטראכט מיט איהם. זי האָט גענומען באמערקען, אז ווען די אונצופריעדענהייט קומט צו איהר, איז זי שטענדיג באגלייט פון פערגלייכונג; די אונצופריעדענהייט באשטעהט טאקי אין דעם, וואס זי פארגלייכט זיך און דעם מאן — און עס האָט איהר א בלישץ געטהאָן אין קאפּ דער ריכטיגער ווארט: „אַן אונטערשייד — א בעליידיגענדער אונטערשייד“. איצט פארשטעהט זי.

7

— סאשא, ווי ליעב איז נ. נ. (ווערא פאוולאוונא האָט אנגערופען דעם נאמען פון יענעם אפיציר, דורך וועלכען זי האָט זיך געוואלט באקאנען מיט טאמבערליקען

אין איהר שרעקליכען חלום) ער האט מיר געבראכט א נייע פאעמע, וועלכע וועט נאך ניט אזוי גיך זיין אבגעדרוקט, האט ווערא פאוולאוונא געזאגט ביים מיטאג־עסען. — מיר וועלען באלד נאך'ן עסען זיך נעהמען זי לייענען — יא? איך האב געוואַרט אויף דיר — אלץ מיט דיר צוזאמען, סאשא. און עס האט זיך זעהר געוואלט דורכלייענען.

— וואס איז דאס פאר א פאעמע?

— דו וועסט הערען. מיר וועלען זעהען, צו האט איהם די זאך זיך איינ־גענעבען, נ. נ. זאגט, אז ער אליין — איך רייד וועגען פערפאסער — איז מיט איהר צום טהייל צופריעדען. אט זעצען זיי זיך פארנאנדער ביי איהר אין צימער און זי הויבט אן צו לייענען:

אי, פול, פול איז דאס קערבעלע,
עס זיינען דא דארט ציץ און גאלד געגייה,
האב רחמנות, מיין ליעבינקע,
אויף דער געזונטער פלייצע...

— איצט זעה איך, האט קירסאנאוו געזאגט, אויסהערענדיג עטליכע צעהנד־ליג פערזען — דאס איז ביי איהם פון נייעם מין. אבער מען זעהט אז דאס איז זיינע, נעקראסאוו'ס. וואס? איך בין דיר זעהר דאנקבאר, וואס דו האסט געוואַרט אויף מיר.

—א פראגע נאך! זיי האבען צוויי מאל איבערגעלייענט א קליינע פאעמע, וועלכע איז, א דאנק זייער בעקאנטשאפט מיט איינעם פון דעם פערפאסערס בע־קאנטע, אריינגעפאלען אין זייערע הענד מיט דריי יאהר פריהער איידער זי איז געווען אבגעדרוקט.

— ווייסטו אבער, וועלכע פערזען עס האבען אויפ'ן שטארקסטען אופן גע־ווירקט אויף מיר? האט ווערא פאוולאוונא געזאגט, ווען זי האט מיט'ן מאן עט־ליכע מאהל געהאט דורכגעלעזען אייניגע פון די הויפט שטעלען פון דער פאעמע — אט די פערזען זיינען ניט פון די וויכטיגסטע שטעלען אין דער פאעמע גופא, אבער זיי ציהען זעהר שטארק צו מיינע געדאנקען. ווען קאטיא האט געוואַרט אז דער חתן זאל צוריקקומען, האט זי זעהר שטארק געבייענקט.

איך וואלט זיך אויפגעגעסען, די ניט געטרייסטע,
ווען איך וואלט צייט געהאט צו טרויערן;

עס איז אבער שניט צייט, אייליגע צייט —
מען דארף צעהן ארבייטען ענדיגען.
ווי אפט עס איז ניט אויסגעקומען
דער יונגער ניט אריבערצוטראָגען.
אונטער דער קאסע די גראז פאלט,
אונטערן סערפּ ברענט דער קארן.
מיט'ן גאנצען אימפּעט און כח
האב איך געדראשען אין דער פריה,
פלאקס אויסגעצויגען ביז שפּעט ביי נאכט
איבער די טויאיגע לאנקעס ...

די פערזען זיינען ניט די וויכטיגסטע אין דער פאסירונג. זיי זיינען נאָר א פאָ־רעדע דערצו, איבער וואס די אויפגעצארנטע קאטיא חלומט וועגען איהר לעבען מיט וואניא'ן, אבער מיינע געדאָנקען האָבען זיך צוגעבונדען דוקא צו זיי.

יא, אָט דאָס גאנצע בילד איז איינס פון די בעסטע אין דער פּאָעמא, אבער עס פארנעהמט דאָרט ווייט ניט דעם אנגעזעהנסטען פּלאטץ. דאָס הייסט, אלץ קומט דערפון, ווייל דאס איז אם נאהענסטען צו די געדאנקען, וואס באשעפטיגען דיר. וואס פאר'ע געדאנקען זיינען עס?

— אט וועלכע, סאשא. מיר האָבען אפט גערעדט, אז די פרוי איז לויט איהר געבוי כמעט זאגאר העכער, ווי דער מאנסביל און אז די פרוי וועט פיליכט אפּ־שטופען דעם מאנסביל אויפ'ן צווייטען פּלאטץ, ווען עס וועט פארביי די הערשאפט פון גראבען עגאיזם; מיר האָבען די וואהרשיינליכקייט ארויסגענומען פון בעאבאכ־טונגען פון לעבען: אין לעבען געפינען זיך מעהר פרויען ווי מענער, קלוגע פון נאטור; אזוי האָט אונז ביידען אויסגעוויזען. דו האָסט עס באשטעטיגט מיט פער־שיעדענע איינצעלהייטען פון אנאטאמיע און פיזיאלאגיע.

— וואָס פאר'ע בעליידיגענדע זאכען דו רעדסט וועגען די מאנסביל'ן. דאָס זאגסטו אבער, ווערטשקא, מעהר ווי איך: דאס איז פאר מיר א בעליידיגונג. עס איז גוט וואס די צייט וועלכע מיר זאגען מיט דיר פאראוים איז נאך אזוי ווייט. ווען ניט וואלט איך אין גאנצען זיך ענטזאגט פון דיין מיינונג, כדי ניט פארשטופּט צו ווערען אויפ'ן צווייטען פּלאטץ. איבריגענס, ווערטשקא, איז דאס דאָך נאָר א וואהרשיינליכקייט, די וויסענשאפט האָט נאך ניט צונויפגעקליבען

גענוג ידיעות אום, אז מען זאל קענען פארענטפערען די פראגע אויף א בעשטימטען אופן.

— געוויס, מיין ליעבער. מיר האבען גערעדט פאר וואס די פאקטען פון דער היסטאריע ווידערשפרעכען אזוי דעם שלום, וועלכער איז צו וואהרשיינליך לויט די בעאבאכטונגען איבער דאס פריוואטע לעבען און איבער דעם געבוי פון ארגאניזם, די פרוי האט ביז איצט געשפיעלט אזא ניט בעדייטענדע ראליע אין גייסטיגען לעבען, ווייל די ערשאפט פון געוואלד האט ביי איהר אוועקגענומען די מיטלען פאר ענטוויקלונג און די מאטיוען צו שטרעבען צו ענטוויקלונג. די ערקלערונג איז גענוג, אבער אט איז נאך אזא פאל. לויט דער גרויס פון דער פיזישער קראפט איז דער ארגאניזם פון דער פרוי פיעל שוואכער; אבער איהר ארגאניזם איז דאך באמת פארט שטארקער — יא?

— דאס איז שוין פיעל זיכערער איידער די פראגע וועגען דער נאטירליכער גרויס פון די גייסטיגע פעהיגקייטען, יא, דער ארגאניזם פון דער פרוי קען בעסער אריבערטראגען מאטעריעלע, צושטערענדע כחות: פון קלימאט, וועטער, און ניט באפרידיגטע שפייז. די מעדיצין און די פילאלאגיע האבען זיך נאך ווייניג באשעפטיגט גענוי דאס צו אונטערזוכען; די סטאטיסטיק האט אבער שוין געגעבען דעם אלגעמיינעם ענטפער, וואס איז אויסער צווייפעל: דורכשניטליך לעבען די פרויען לענגער ווי די מענער. דערפון קען מען זעהן, אז דער ארגאניזם פון די פרויען איז שטארקער.

— דאס קען מען בולט'ער זעהן דערפון, וואס דער זארט לעבען פון די פרויען איז פיעל ווייניגער געזונד ווי ביי די מענער.

— עס איז דא נאך א בעוויז, וואס פארשטארקט נאך די קלאהרקייט פון דעם שלום — איהם שטעלט צו די פיזיאלאגיע. די פולע בגרות ווערט דערגרייכט ביי א פרוי אביסעל פריהער ווי ביים מאן, זאל'ן מיר אננעהמען אז דער וואוקס פון דער פרוי ענדיגט זיך ביים 20־טען יאהר, פון מאן ביי 25־טען — אונגעפעהר אזוי ביי אונזער קלימאט און ביי אונזער פאלק. זאלן מיר אויך אננעהמען אז אונגעפעהר ביז 70 יאהר דערלעבט אזא צאהל פרויען, ווי פיעל מענער דערלעבען ביז 65 יאהר; אויב מיר זאלן נעהמען אין אנבעטראכט די פערשיעדענהייט פון די פעריאדען פון ענטוויקלונג וועט דער איבערגעוויכט פון פרויען ארגאניזם זיך ארויסשטעלען פיעל שטארקער ווי דאס זעהט דער סטאטיסטיקער, וועלכער האט ניט

געגומען אין אנבעטראכט דעם אונטערשייד אין די יאהרען פון בגרות. 70 יאהר איז 3 און א האלב מאָל 20. 65 דארף מען טהיילען אויף 25, ווי פיעל עס וועט אויס־קומען? — ניט פיעל מעהר ווי 2 און א האלב מאָל — ארום 2 מיט 6 צעהנטעל. הייסט עס, אז די פרוי לעבט דורך 3 און א האלב מאל יאהרען פון איהר בגרות, דער מאן נאָר 2 און א האלב און מיט דער פראפארציע מעסט זיך די שטארקייט פון ארגאניזם.

— אין אמת'ן, קומט דער אונטערשייד אויס גרעסער, ווי איך האָב דאריבער געלייענט.

— אבער איך האָב דאך נור גערעדט פאר א ביישפיעל, איך האָב גענומען רונדע ציפערען נור פון זכרון, דאך דער כאראקטער פון די שלוסען איז דער זעלבער ווי איך האָב געזאגט, די סטאטיסטיק האָט שוין געוויזען, אז דער ארגאניזם פון דער פרוי איז שטארקער — דו האסט געלייענט נאר די אויספיהרונגען פון די טאבעלען מכח דער לענג פון לעבען, אויב אבער מען זאל צו די סטאטיסטישע פאקטען צוגעבען פיזיאלאגישע, וועט דער אונטערשייד אויסקומען נאך גרעסער.

— אזוי איז עס, סאשא, הער זשע זיך איין, וואס איך האָב געטראכט, און איצט ווייזט עס זיך ארויס נאָך בולט'ער, איך האָב געטראכט: אויב דער ארגא־ניזם פון דער פרוי האלט בעסער אויס די צושטערענדע מאטעריעלע איינדריקע, וואלט דאך געדארפט זיין מעהר ווי וואהרשיינליך, אז די פרוי וואלט געדארפט לייכטער, פעסטער אריבערטראגען אויך די מאטעריעלע ערשיטערונגען. אין אמת'ן אבער זעהען מיר ניט דאס.

— יא, דאס איז גאנץ גלויבליך. געוויס, דערווייל וועט עס זיין נאָר א השערה; דערמיט האָט מען זיך נאך ניט בעשעפטיגט; קיין ספּעציעלע פאקטען האָט מען ניט צוזאמענגעקליבען. אבער אין אמת'ן, דיין שלום קומט אזוי קלאהר ארויס פון א פאקט א זיכערן, אז עס איז שווער צו צווייפלען. די שטארקייט פון ארגאניזם איז צו ענג פארבונדען מיט די שטארקייט פון די נערוועז. וואהרשיינליך, זיינען ביי די פרוי די נערוועז מעהר עלאסטיש, האָבען א קרעפטיגערן געבוי, און אויב אזוי, וואלטען זיי גרינגער און פעסטער געדארפט אריבערטראגען ערשיטערונגגען און שווערע געפיהלען. אין אמת'ן אבער זעהען מיר צופיעל פארקעהרטע פאקטען. די פרוי מאטערט זיך צו אפט דערמיט, וואס א מאן טראגט אריבער לייכט. מען האָט זיך נאך ניט באשעפטיגט גרינדליך צו אונטערזוכען די אורזאכען, לויט וועל־

כע מיר זעהען ביי דער איצטיגער היסטארישער לאגע, אזוינע ערשיינונגען וואס ווידערשפּרעכען דאָס וואָס מען דאַרף ערוואַרטען פון דעם געבוי פון אָרגאַניזם. אבער איינע פון די אורזאכען קען מען זעהען, זי געהט דורך דורך אלע היסטארישע ערשיינונגען און דורך אלע זייטען פון אונזער איצטיגען זארט לעבען, דאס איז די מאכט פון פאראורטהיילען, א שלעכטע געוואהנהייט, א פאלשע ערוואַרטונג, א פאלשע שרעק. אויב א מענש דענקט „איך קען ניט" — קען ער באמת ניט. דער פּרוי האָט מען אריינגעקלאפּט אין קאָפּ: „איהר זייט שוואך", נו פּיהלען זיי שוואך, און ווערען טאקי שוואך. דו ווייסט ביישפּיעלען, ווי מענשען, אין גאנצען געזונדע, זיינען אבגעשוואכט געווארען ביז צום טוידט און זיינען טאקי געשטארבען ביי דעם איין געדאנק אז זיי דארפען אבגעשוואכט ווערען און שטארבען. אבער עס זיינען דאָ ביישפּיעלען, וואָס זיינען שייך גאנצע מאסען, פעלקער, די גאנצע מענש־הייט. איינעם פון די מערקווירדיגסטע ביישפּיעלען שטעלט מיט זיך פאר די מיליטער געשיכטע. אין מיטעל־אלטער האָבען די סאָלדאטען־פוסגעהער געגלויבט, אז זיי קענען ניט ווידערשטעהן געגען רייטער — און זיי האָבען באמת ניט געקאנט זיך וועהרען. גאנצע ארמייען פלעגען, ווי סטאַדעס שעפּסען, צוטריעבען ווערן פון עטליכע הונדערט רייטער; ביז יענער צייט, ווען אין אייראָפּא האָבען זיך באוויזען די ענגלישע פוס־סאלדאטען פון די רייהען פון די שטאָלצע, זעלבסשטענדיגע, קליינע גוטבעזיצער, וואָס האָבען ניט געליטען פון אט דער קראנקהייט, און וואס זיינען ניט געוועזען געוואהנט אבצוטרעטען ווען עס איז אהן א קאמפּף. ווי נאָר עס זיינען געקומען אין פראנקרייך אט די מענשען, וואס האָבען ניט געהאט אט דעם פאראורטהייל, אז זיי דארפען לויפען פאר די רייטער, פלעגען די רייטער, ווען זיי פלעגען אפילו זיין גרעסער אין צאהל צוקלאפּט ווערען ביי יעדער בעגעגעניש; דו ווייסט וועגען באריהמטע מפּלות פון די פראנצויזישע רייטער־ארמעען דורך די קליינע צאהל ענגלישע פוס־סאלדאטען ביי קרעסי, ביי פּואטיע און ביי אזענקור. די זעלבע געשיכטע האָט זיך ווידערהאָלט, ווען די שווייצערשע פוס־סאלדאטען האָבען זיך מישב געווען, אז זיי האָבען גאר ניט פאר וואס זיך צוהאלטען שוואכער איידער די פעאדאלע רייטער. די עסטרייכישע און נאכהער די בורגונדישע רייטער, גרעסער אין צאהל, האָבען גענומען ליידען פון זיי מפּלות ביי יעדער בעגעגעניש; נאָכהער האָבען אלע אנדערע רייטער גע־פּרובירט זיך שלאָגען מיט זיי און זיי אלע זיינען שטענדיג געווען צושלאָגען. דאַ־

מאַלט האָבען אַלע דערזעהן: „די פוסגעהער זיינען דאָך שטאַרקער פאַר די רייטער" — געווים שטאַרקער: אבער עס זיינען דאָך אוועק גאַנצע דורות, און די פוסגעהער זיינען, לפי ערך געווען זעהר שוואַך אין פערגלייך מיט די רייטער, איינפאַך נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבען זיך געהאַלטען שוואַכער.

— יאָ, סאַשאַ, דאָס איז אַזוי. מיר זיינען שוואַך. מיר דאַכט זיך אָבער, אַז עס איז דאָ נאָך אַ צווייטע אורזאַך. איך וועל ריידען וועגען זיך און וועגען דיר. זאָג מיר, מיין ליעבער: איך האָב דעמאַלט זיך שטאַרק איבערגעביטען אין די צוויי וואָכען, וואָס דו האָסט מיר ניט געזעהען? דו ביזט דאַמאַלט געווען צופיעל אויפגערעגט, דיר האָט געקאָנט זיך אויסווייזען מעהר, ווי אין אמת'ן, אדער צו איז טאַקי אין אמת'ן די ענדערונג געווען אַזוי גרוים? ווי דערמאָנסטו זיך איצט?

— יאָ, דו ביזט אין אמת'ן דאַמאַלט שטאַרק אויסגעמאָגערט געוואָרען און ביזט געוואָרען בלאַס.

— אָט זעהסטו מיין ליעבער, איך האָב איצט פערשטאַנען, אַז דאָס ריהרט אָן מיין שטאָלץ. דו האָסט מיך דאָך זעהר שטאַרק געליעבט, פאַר וואָס האָט דער קאַמפף אויף דיר זיך ניט אויסגעדריקט דורך אַזוינע שטאַרקע סמנים? קיינער האָט דאָך ניט געזעהן, אַז דו זאָלסט ווערען בלאַס און מאָגער אין יענע חדשים, ווען דו ביזט מיט מיר זיך פאַרנאַנדערגעגאַנגען. פאַר וואָס האָסטו עס אַריבער־געטראָגען אַזוי לייכט?

— אָט פאַר וואָס דיר האָבען אַזוי פיעל פאַראינטערעסירט די פערזען וועגען דעם, ווי קאַטיא בעפרייט זיך פון ביינקשאַפט דורך ארבייט: דו ווילסט וויסען, צו האָב איך אויף זיך אויסגעפּרובירט די ריכטיגקייט פון דער בעמערקונג? יאָ, דאָס איז גאַנץ ריכטיג. איך האָב גאַנץ לייכט אויסגעהאַלטען דעם קאַמפף, ווייל איך האָב דאַמאַלט ניט פיעל צייט געהאַט דערמיט זיך צו באַשעפטיגען. די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געשאָנקען אויפמערקזאַמקייט צום קאַמפף, האָב איך זעהר שטאַרק געליטען: אבער די טעגליכע נויטוועגדיגקייט האָט מיך געצוואונ־גען דעם גרעסטען טהייל פון דער צייט צו פאַרגעסען וועגען דעם. מען האָט גע־דאַרפט זיך באַשעפטיגען מיט די קראַנקע, זיך פאַרבערייטען צו די פאַרלעזונגען אין יענער צייט פלעג איך ניט ווילענדיג אַברוהען פון מיינע געדאַנקען. אין יענע זעלטענע טעג ווען ביי מיר פלעגט בלייבען אַ סך פרייע שטונדען, האָב איך געפיהלט.

אז די כחות פארלאזען מיר. מיר דאכט זיך אז ווען איך וואלט געבליבען א וואך אליין מיט מיינע געדאנקען, וואלט איך פון זינען אראפ.

—אזוי איז עס מיין ליעבער, און איך האב די לעצטע צייט אויך פערשטאנען. אז אין דעם איז געלעגען דער גאנצער סוד פון דעם אונטערשייד צווישען דיר און מיר. מען דארף האבען אזא בעשעפטיגונג, פון וועלכער דו קענסט זיך ניט ענטזאגען, וועלכע דו קענסט ניט אבלייגען — דאמאלט איז דער מענש פיעל פעסטער.

— אבער דו האסט דאך דאמאלט געהאט א סך בעשעפטיגונגען און איצט אויך.

— אך, סאשא, צו דען זיינען עס זאכען וועלכע מען קען ניט אבלייגען? איך באשעפטיג זיך מיט זיי, ווען מיר ווילט זיך; איך קען ענטוועדער זיי פארקירצען, אדער אין גאנצען אבלייגען. אום זיך צו באשעפטיגען מיט זיי ווען די געדאנקען זענען צורודערט, איז נויטיג א שטארקע אנשטרענגונג פון ווילען, נאר אזו קען איך מיט זיי זיך פארנעהמען. עס איז ניטא דער אנשפאר אן דער נויטווענדיגקייט. איך באשעפטיג זיך צ. ב. מיט דער בעל־הביתישקייט; און גיב אויף דעם אוועק א סך צייט; אבער ניין צעהנטעל פון דער צייט גיב איך אפ אויף דעם נאר ווייל מיר געלוסט זיך אזוי. האבענדיג א גוטע דיענסט, צו דען וואלט עס ניט געגאנגען כמעט אזוי, ווען איך וואלט אפילו פיעל וויניגער זיך באשעפטיגט דערמיט? און פאר וועמען איז עס נויטיג, אז מען זאל פארלירען אזוי פיעל צייט, כדי עס זאל געהען אביסעל, ניט פיעל, בעסער, איידער עס וואלט געגאנגען, ווען איך וואלט ניט פארלארען אזוי פיעל צייט אויף דעם? די נויטווענדיגקייט ליעגט נאר אין דעם, וואס מיר ווילט זיך דאס. ווען די געדאנקען זיינען רוהיג, באשעפטיגסט דו זיך מיט די זאכען; ווען די געדאנקען זיינען צושטערט,ווארפסטו זיי אוועק, ווייל מען קען אהן זיי זיך אויך באגעהן. צוליעב דאס וויכטיגסטע ווארפסטו שטענדיג אוועק דאס וויניגער וויכטיגע. ווי נאר די געפיהלען צושפיעלען זיך שטארק, שטופען זיי ארויס די געדאנקען וועגען אזוינע זאכען. איך האב אויך שטונדען: דאס איז שוין אביסעל וויכטיגער: זיי קען איך ניט אוועקווארפען ווען מיר פארגלוסט זיך — אבער עס איז אלץ ניט דאס. איך בין אויפמערקזאם צו זיי, נאר ווען איך וויל; אויב איך ווען ועל אין :ער צייט פון דער שטונדע וויניג וואס טראכטען וועגען דעם , וועט דער אונטעררי‍כט זיין נאר אביסעל ערגער, ווייל עס איז גאנץ לייכט, ער האט ניט קיין קראפט צו פארכאפען דעם גע־

ראנקען. און דערצו: צו קען איך טאקע מאכען באמת א לעבען פון די שטונדען? צו דען הייננט פון זיי אפ מיין לאגע, צו דען גיבען זיי מיר די הויפט מיטלען צו דעם זארט לעבען, וואס איך פיהר? די מיטלען האט מיר געגעבען דימיטרי׳ס ארבייט, איצט — דיין ארבייט. די שטונדען זיינען אנגענעהם פאר מיין גע־פיהל פון אונאבהייניגקייט, און זיי זיינען אין אמת׳ן אויך ניט נוצלאז. אבער אין זיי ליעגט פארט ניט פאר מיר קיין לעבענס־נויטווענדיגקייט. איך האב דאר־מאלט געפרובירט פארטרייבען די פייניגענדע געדאנקען דערמיט, וואס איך האב מעהר ווי געוועהנליך זיך אבגעגעבען מיט׳ן ווארקשטאט, אבער ווידער האב איך עס געטהאן נאר דורך די אונטערנעהמונג פון מיין ווילען. איך האב דאך פערשטאַ־נען, אז מיין אנוועזענהייט אין ווארקשטאט איז נויטיג נאר אויף א שעה, אויף אנדערהאלבען, און אז אויב איך בלייב דארטען לענגער, נעהם איך אויף זיך שוין א קינסטליכע בעשעפטיגונג, אז דאס איז נוצליך, אבער גאר ניט נויטיג פאר׳ן גע־שעפט. און דערצו אט דאס געשעפט אליין — צו דען קען עס דיענען אלס וויכ־טיגער אנשפאר פאר געוויינליכע מענשען ווי איך בין? די ראכמעטאוו׳ס, דאס איז א גאנץ אנדער מין; זיי גיסען זיך צוזאמען מיט דער אלגעמיינער זאך אזוי, אז עס ווערט פאר זיי א נויטווענדיגקייט, וואס פילט אן זייער לעבען; ביי זיי פארבייט עס זאגאר דאס פערזענליכע לעבען. אונז אבער, סאשא, איז דאס ניט צוגענגליך. מיר זיינען ניט קיין אדלערס, ווי ער, פאר אונז איז נאר נויטיג דאס פערזענליכע לעבען. דער ווארקשטאט — צו דען איז עס דאס פערזענליכע לעבען? עס איז א געשעפט, ניט מיינער, א פרעמדער, איך פארנעהם זיך דערמיט ניט פאר זיך, נאר פאר אנדערע; עס קען זיין — פאר מיינע איבערצייגונגען. אבער צו דען קימערן א מענשען — אזוינע ווי מיר זיינען, ניט קיין אדלערס — די אנדערע, ווען איהם אליין איז שווער? צו דען באשעפטיגען איהם איבערצייגונגען, ווען איהם פייניגען געפיהלען? ניין, עס איז נויטיג א פערזענליכע זאך, א נויטיגע זאך, פאר וועלכער דאס אייגענע לעבען זאל זיין אבהייניג, אזא זאך, וועלכע זאל זיין וויכטיגער פערזענליך פאר מיר, פאר מיין זארט לעבען, פאר מיינע מיטלען צום לעבען, פאר מיין גאנצער לאגע אין לעבען, פאר מיין גאנצען שיקזאל, ווי אלע מיינע ליידענשאפט־איבערלעבונגען: נאר אזא זאך קען דיענען אלס שטיצע אין קאמפף מיט דער ליידענשאפט; נאר זי וועט ניט ארויסגעשטופט ווערן פון

לעבען דורך די ליידענשאפט, נאר וועט אליין פארטרייבען די ליידענשאפט: נאר זי גיט כח און רוה. איך וויל אזא זאך.

אזוי האט קירסאנאוו ווארים געזאגט, קושענדיג די פרוי, ביי וועמען די באקען האבען געברענט פון בעגייסטערונג. אזוי, ביז איצט האב איך גאר ניט געטראכט וועגען דעם, כאטש עס איז דאך אזוי איינפאך; איך האב עס ניט באמערקט! יא, ווערא[ט]שקא, קיין אנדערער קען ניט טראכטען פאר א מענשען, ווער עס וויל, אז איהם זאל גוט זיין, זאל ער פאר זיך אליין טראכטען, זיך אליין באזארגען — קיין אנדערער קען קיין מאל זיין פלאטץ ניט פארנעהמען, אזוי ליעבען, ווי איך און ניט פארשטעהן, כל זמן דו האסט אליין ניט ערקלערט! אבער, — האט ער ווייטער גערעדט, שוין לאכענדיג און קושענדיג די ווייב, — פאר וואס זעהסטו עפעס איצט אין דעם אזא בעדערפעניש? צו קלייבסטו זיך אין ווענען עס איז צו פערליעבען, ווערא[ט]שקא? יא?

ווערא פאוולאוונא האט זיך פארנאנדערגעלאכט און לאנג האבען זיי ביידע ניט געקאנט ארויסריידען א ווארט פון געלעכטער.

— יא, איצטער קענען מיר ביידע עס פיהלען — האט זי ענדליך געזאגט, איך קען איצט, ווי דו, מיט זיכערהייט וויסען, אז ניט מיט מיר, ניט מיט דיר וועט אזוינס פאסירען. אבער ערנסט גערעדט, ווייסטו, מיין ליעבער, וואס מיר דאכט זי איצט: אויב מיין ליעבע צו דימיטרי'ן איז ניט געווען קיין ליעבע פון א פרוי, שוין אז ענטוויקעלטע, האט ער אויך מיך ניט געליעבט אין דעם זינען, ווי מיר מיט דיר פארשטעהן עס. זיין געפיהל צו מיר איז געווען א פאראייניגונג פון זעהר א שטארקען צובונד צו מיר, ווי צו א פריינד. מיט מינוטען ווייזע אויסברוכען פון ליידענשאפט צו מיר, ווי צו א פרוי; אט די אויסברוכען האבען נאר געזוכט א פרוי; צו מיר פערזענליך האבען זיי ניט געהאט קיין שייכות. ניין, דאס איז ניט געווען קיין ליעבע צו דען האט ער פיעל זיך באשעפטיגט מיט די געדאנקען וועגען מיר? ניין, זיי זיינען ניט געווען אינטערעסאנט פאר איהם. יא, פון זיין זייט, ווי פון מיינע איז ניט געווען קיין אמת'ע ליעבע.

— דו ביזט אונגערעכט צו איהם, ווערא[ט]שקא.

— ניין, סאשא, עס איז אזוי. אין געשפרעך צווישען מיר און דיר איז איבעריג איהם צו לויבען. מיר ווייסען ביידע, ווי הויך מיר שעצען איהם; מיר ווייסען אויך, אז וויפיעל ער זאל ניט זאגען אז איהם איז לייכט, איז, באמת, איהם

גאָר ניט לייכט; דו זאגסט דאָך אויך, אז דיר איז געווען לייכט צו קעמפּפען מיט דיין ליידענשאפט — דאס איז אלץ אומזיסט, און נאָר א פערשטעלעניש, אבער דאך ניט אין בוכשטעבליכען זינען דארף מען פארשטעהען אזוינע שארפע פארזיכער־רונגען? א, מיין פריינד, איך וויים, ווי פיעל דו האָסט געליטען... אט ווי שטארק איך פארשטעה עס...

— ווערא־טשקא, דו ווערסט מיך דערשטיקען; און זיי מסכים, אז אויסער דער קראפט פון געפיהל, האָט דיר זיך געוואלט ווייזען אויך פשוט'ע כח? יא, דו ביזט זעהר א שטארקע, און ווי קען מען ניט זיין שטארק מיט אזא ברוסט...

—מיין ליעבער סאשא! —

8.

סאשא דו האסט דאך מיר ניט געלאזט פארענדיגען ווענען דער זאך, האָט ווערא פאוולאָוונא אנגעהויבען, ווען זיי זיינען אין צוויי שעה ארום געזעסען ביי טיי.

— איך האָב דיר ניט געלאזט דעררייִדען? איך בין גאָר שולדיג?

— געוויס דו.

— ווער האָט אנגעהויבען זיך נאריש מאכען?

און דו שעהמסט זיך גאר ניט דערמיט?

— מיט וואס?

— וואָס איך האָב אָנגעהויבען זיך נאריש מאכען. פי, אזוי צו קאמפּראמעטי־רען א בעשיידענע פרוי מיט דיין קאלטבלוטיגקייט!

— טאקי אזוי? און איך האָב געגלויבט אין דעם וואס דו רעדסט ווענען גלייכהייט; אויב גלייכהייט, טו זאָל שוין זיין גלייכהייט פון איניציאטיווע אויך.

— כא, כא, כא, וואס פאר א געלעהרטער ווארט. אבער צו דען ווערסטו מיר באשולדיגען אז איך בין ניט אויסגעהאלטען? צו דען באמיה איך זיך ניט צו האָבען גלייכהייט אויך אין דער איניציאטיווע? אבער, סאשא, איך נעהם איצט די איניציאטיווע פארטצווזעצען דעם ערנסטען געשפּרעך, ווענען וועלכען מיר האָבען פארגעסען.

— נעהם, אבער איך ענטזאג זיך נאכצופאָלגען נאך דיר. איך וועל איצט נעהמען די איניציאטיווע פארצוזעצען פארגעסן. גיב די האנד.

סאשא, מען דארף דאך אבער דעררייִדען.

— מארגען וועלען מיר בעווייזען. איצט, זעהסטו, האָט מיך צו שטארק פאראינטערעסירט די אונטערזוכונג פון אט דער האנד. —

9.

— סאשא, זאלן מיר פארט פארענדיגען ריידען וועגען דעם, וואס מיר האָבען נעכטען ניט דערדעט, דאס איז נויטיג, ווארום איך קלייב זיך פאהרען מיט דיר: דו דארפסט דאך וויסען צו וואס? האָט ווערא פאוולאוונא געזאגט אין דער פריה.

— מיט מיר? דו פאהרסט מיט מיר?

— געוויס, דו האסט מיר געפערעגט, סאשא, צו וואס איך דארף א בעשעפטיגונג, פון וועלכען עס זאל ערנסט אבהייגגען מיין לעבען, וועלכע איך זאל האלטען אזוי טייער, ווי דו האלסט טייער דיין בעשעפטיגונג, וועלכען מען זאל אויך אזוי ניט קענען אבלייגען און וועלכער זאל אויך פאדערען מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט, ווי דיין באשעפטיגונג פאדערט דיין אויפמערקזאמקייט. מיין ליעבער, איך דארף אזא באשעפטיגונג, ווייל איך בין זעהר שטאלץ. מיר איז זעהר שווער און עס מאכט מיר זיך צו שעמען, וואס דער קאמפף מיט דעם געפיהל האָט זיך דאמאלט אזוי שטארק אויף מיר, און איז געוועזען אזוי אונערטרעגליך פאר מיר. דו ווייסט, איך רייד ניט וועגען דעם, וואס עס איז געוועזען שווער — דיין קאמפף איז דאָך אויך געוועזען פאר דיר ניט גערינג — דאָס הייגגט אפּ פון דעם ווי שטארק דער געפיהל איז, און ניט איך דארף איצט בעדויערן וואָס דער געפיהל איז געוועזען אַ שווערער, ווארום דאָס וואלט געהייסען בעדויערן, וואָס דער געפיהל איז געוועזען אַ שטארקער — ניין! אבער פאר וואס איז ביי מיר ניט געוועזען אזא שטארקער אנשפאר גענען די קראפט, ווי ביי דיר? איך וויל האָבען אזא אנשפאר. נאָר דאָס האָט מיר נאָר געבראכט אויפ'ן געדאנקען, דער אמת'ער בעדערפניש אבער ליעגט אין דער געגענווארט. און דאס איז אט וואס: איך וויל זיין גלייך מיט דיר — דאָס איז די הויפּט זאך. איך האָב געפונען א בעשעפטיגונג. ווען מיר האָבען נעכטען מיט דיר זיך געזעגענט, האָב איך לאנג געטראכט וועגען דעם, און דערטראכט האָב איך זיך נעכטען פאטראָג, אהן דיר: איך האָב געוואָלט מיט דיר זיך מישב זיין ווי מיט א גוטען מענשען, דו אבער האסט אבגענארט מיינע ערוואַרטונגען אויף דיין געזעצטקייט. איצט איז שוין שפּעט זיך מישב צו זיין; איך האָב זיך בעשלאָסען. יא, סאשא, דו וועסט האָבען א סך ארום צו פאדערען

ארום מיר; מיין ליעבער, ווי גליקליך וועל איך זיין, אויב איך וועל זעהען, אז
איך בין פעהיג דערצו!

יא, איצט האט ווערא פאוולאוונא געפונען פאר זיך א בעשעפטיגונג, וועגען
וועלכע זי האט אפילו ניט געקאנט חלום'ען פריהער: די האנד פון איהר אלעק־
סאנדער איז געווען שטענדיג אין איהר האנד, און דערפאר איז געווען לייכט צו
געהן. לאפוכאוו האט אין קיין זאך איהר ניט געשטערט, ווי זי איהם ניט, און
דאס אלץ. ניין, עס איז געווים געווען מעהר, פיעל מעהר. זי איז שטענדיג
געווען זיכער אז ביי וועלכען פאל זי זאל ניט דארפען זיך אנשפארען אן זיין
האנד, וועט זיין האנד, צוזאמען מיט זיין קאפ, זיין צו איהר דיענסט. אבער
נאר צוזאמען מיט'ן קאפ און פונקט אזוי וואלט ער זיך ניט געפוילט אויסצוציהען די
האנד: ד. ה. אין וויכטיגע פעלע, אין קריטישע מאמענטען איז זיין האנד געווען
פונקט אזוי גערייט און צופערלעסיג ווי קירסאנאוום — און ער האט עס צו גוט באַ־
וויזען נאך זיין חתונה, ווען ער האט פאר איהר דאמאלט געאפפערט מיט זיינע דא־
מאלט געליעבטע געדאנקען וועגען א וויסענשאפטליכע קאריערע און האט ניט מורא
געהאט זיך צו שטעלען אין ריזיקע פון הונגער. יא, ווען עס איז געווען א וויכטיגע
זאך, פלעגט זיין האנד זיך אויסציהען. אבער, בכלל, איז זיין האנד געווען ווייט פון
איהר. ווערא פאוולאוונא האט איינגעארדעט דעם ווארקשטאט; אויב עס וואלט
אין וואס עס איז נויטיג געווען זיין הילף, וואלט ער מיט פרייד געהאלפען. אבער
פאר וואס האט ער כמעט קיין איין זאך ניט געטהאן? ער האט נאר ניט גע־
שטערט ,. גוט געהייסען, זיך געפרייט. ביי איהם איז געווען זיין לעבען, ביי איהר,
— איהר לעבען. איצט איז ניט דאס. קירסאנאוו האט ניט געווארט ביז זי
וועט פאדערן, כדי איינטהייל צו נעהמען אין אלץ, וואס זי האט געטהאן; ער
איז געווען פונקט אזוי פיעל פאראינטערעסירט ווי זי אליין אין איהר וואכעדיגען
לעבען און זי אין זיינעם. דאס איז געווען שוין גאר ניט די בעציהונג ווי מיט'ן
ערשטען מאן, און דערפאר האט זי געפיהלט ביי זיך נייע מיטלען פאר טהעטיג־
קייט, און דערפאר האבען ערנסט גענומען זיך בעווייזען און אננעהמען פראק־
טישע פאדערונגען אזוינע געדאנקען, וועלכע זיינען פריהער איהר געווען בעקאנט
נאר טהעארעטיש און האבען אין תוך גענומען וויינעיג באריהרט איהר אינערליכען
לעבען: דאס וואס מען קען ניט טהאן, וועגען דעם טראכט מען ניט ערנסט.
אט וואס פאר א זארט געדאנקען דאס זיינען געווען, וועלכע ווערא פאוו־

לאוונא האָט איצט לעבעדיג גענומען פיהלען און וואס זיינען געווען די מאָטיווען פאר איהר טהעטיגקייט.

10.

„פאר אונז זיינען פאָרמעל פאַרמאַכט כמעט אַלע וועגען פון בירגערליכען לעבען. פאַקטיש זיינען פאר אונז פאַרמאַכט זעהר פיעלע — כמעט אַלע — זאָגאר פון יענע וועגען פון געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט, וואָס זיינען פאַר אונז ניט אָבגעצאָמט דורך פאָרמעלע שטערונגען. פון זאַלע ספערען פון לעבען איז אונז פאַר־בליבען זיך צוזאַמען־צושפּארען אין איין ספערע פון פאמיליען לעבען — מיר קענען זיין מיטגלידער פון דער פאמיליע און דאס איז גאַר. אויסער דעם וועלכע בעשעפ־טיגונגען זיינען אָפען פאר אונז? כמעט נאָר איינע — צו זיין גובערנאַנטקעס; און פיליייכט נאָך געבען שטונדען, וועלכע די מאַנסבילען ווילען ביי אונז ניט אָוועקנעהמען. אונז איז איינג אויף דעם איינציגען וועג; מיר שטערען איינע די אנדערע, ווייל מיר האָבען צופיעל זיך צוזאַמענגעשפּאַרט דאָרט; דאס קען אונז כמעט ניט געבען קיין זעלבסשטענדיגקייט, ווייל עס זיינען דא צופיעל אַזוינע, וואס לייגען פאר זייערע דיענסטע. קיין איינע פון אונז דאַרף מען קיין מאָל ניט, ווייל מיר זיינען דא צופיעל. ווער וועט געהן האַלטען טייער א גובערנאַנטקע, זאָגט נאָר א וואָרט, אז איהר ווילט האָבען א גובערנאַנטקע, וועלען צוזאַמען לויפען צעהנדליגע און הונדערטע און וועלען אַבשלאָגען איינע ביי די אנדערע די שטעל.

„ניין, אַזוי לאַנג ווידי פּרויען וועלען זיך ניט באַמיהען זיך פאַרנאַנדערצו־געהן אויף פיעל וועגען, וועלען זיי קיין זעלבסטשטענדיגקייט ניט האָבען. געוויס איז שווער צו פּראָבירען א נייעם לעבען. אָבער מיין לאַגע אין דער זאַך איז א בעזונדערס גוטע. עס וואָלט געווען א שאַנד דערמיט זיך ניט צו באַנוצען. מיר זיינען ניט פאַרבערייטעט צו ערנסטע בעשעפטיגונגען, איך וויים ניט אויף ווי וויים מען דאַרף האָבען א פיהרער כדי זיך פאַרבערייטען דערצו, איך וויים אָבער, אז וויפיעל איך זאל ניט דאַרפען זיין טעגליכע הילף — איז ער דא, מיט מיר. און דאָס וועט פאַר איהם ניט זיין קיין לאַסט, דאָס וועט איהם זיין אַזוי אַנגענעהם ווי מיר.

„פאר אונז זיינען פאַרמאַכט דורך די אַנגענומענע זיטען די וועגען פון אונ־אַבהייענגיגער טהעטיגקייט, זאָגאַר אַזוינע וואָס זיינען דורכ'ן געזעץ ניט פאר מאַכט. אָבער פון די וועגען, וואס זיינען פאַרמאַכט נאָר ווייל עס איז אַזוי אַנגענומען,

קען איך אויסקלייבען וועלכען איך וויל, אויף איהם געהן, אויב איך וועל זיך גאר בעשליסען אויסצוהאלטען דעם ערשטען ווידערשטאנד פון דעם מנהג. איינער פון זיי איז פיעל נאָהענטער פאר מיר ווי פאר אנדערע. מיין מאן איז א דאקטאר. ער גיט מיר אפּ די גאנצע צייט וואס בלייבט איהם פריי. מיט אזא מאן, איז מיר אויך לייכט צו פּרובירען, טאמער וועל איך קענען ווערען א דאקטאר.

„דאס וואלט געווען זעהר וויכטיג, אויב עס וואלטען ענדליך זיך באוויזען פרויען — דאקטוירים. זיי וואָלטען געווען נוצליך פאר אלע פרויען. פאר א פרוי איז פיעל לייכטער צו ריידען מיט א פרוי, איידער מיט א מאנסביל. ווי פיעל לײדען וואלטען דאמאלט אויסגעמיטען געווארען, וויפיעל טוידטפעלע, ווי פיעל אונגליקען! מען דארף פּרובירען".

11.

ווערא פּאוולאוונא האָט געענדיגט דעם געשפּרעך מיט'ן מאן דערמיט, וואס זי האָט אנגעטהאָן די הוט און איז מיט איהם געפאהרען אין האספיטאל אויס־פּרובירען די נערוועז — צו קען זי זעהן בלוט, און צו וועט זי קענען זיך באשעפ־טיגען מיט אנאטאמיע. ביי קירסאנאווס לאגע אין האספיטאל איז געוויס ניט געווען קיין שטערונגען פאר דער פּראבע.

---

זיך גאר ניט שטערענדיג, האָב איך שוין פיעל קאָמפּראמעטירט ווערא פּאוו־לאוונא מצד פון פּאעטישקייט; צום ביישפּיעל, איך האָב ניט בעהאלטען, אז זי האָט יעדען טאג געגעסען מיטאג און זאגאר מיט אפּעטיט, און, אויסערדעם, צוויי מאָל א טאג געטרונקען טיי. איצט אבער בין איך דערגאנגען צו אזא אומשטאנד, דאס ביי דער גאנצער גראבקייט פון מיינע מיינונגען, פאלט אויף מיר ארויף א שרעק, און איך טראכט: צו וואלט ניט בעסער געווען צו בעהאלטען די זאך? וואס וועט מען טראכטען וועגען א פרוי, וואָס קען זיך באשעפטיגען מיט מעדיצין? וואס פאר'ע גראבע נערוועז מוז זי האָבען, וואס פאר א הארטע נשמה! דאס איז ניט קיין פרוי, דאס איז א קצב! אבער איבערטראכטענדיג, אז איך שטעל דאך ניט ארויס מיינע העלדען פאר אידעאלען פון פאלקאמענהייט, בארוהיג איך זיך; זאל מען אורטהיילען, ווי מען וויל וועגען דער גראבהייט פון ווערא פּאוולאוונאס נאטור, וואס ארט עס מיר? אז גראב, איז גראב.

דערפאר זאג איך קאלטבלוטיג, אז זי האָט געפונען זעהר א גרויסען אונטער־

שייד צווישען דעם בליק אויף זאכען פון א לײדיג געהער און ענערגישער טהע־טיגקייט צום נוצען פאר זיך און פר אנדערע.

איך דערמאן זיך, ווי אזוי איך, א צוועלפיאהריגער איננעל, האב זיך דער־שראקען, ווען איך, וואס האב נאך קיין מאל קיין שרפה ניט געזעהן, בין אויפ־געוועקט געווארען דורך דעם שטארקען גערויש פון א שרפה ־ מהומה. דער גאנצער הימעל האט געפלאקערט רויט; איבער דער גאנצער פראווינצעלער גרויסער שטאדט זיינען געפלויגען אלאוועשקעס, איבערן גאנצען שטאדט האט זיך גע־הערט א שרעקליכער געוואלט, א לויפעניש, א געשריי. איך האב געציטערט ווי אין פיבער, צום גליק האב איך בעוויזען צו אנטלויפען צו דער שרפה, זיך בא־נוצענדיג דערמיט וואס אלע הויזיגע זיינען געווען צורודערט. דער פייער איז געווען ביים ברעג טייך. דער ברעג איז געווען פארשטעלט מיט האלץ און מיט הילצערנע סחורות, אזוינע אינגלאך, ווי איך, האבען דאס אלץ אבגעשלעפט וואס ווייטער פון די ברענענדיגע הייזער; איך האב זיך אליין גענומען פאר דער ארבייט — וואו האט זיך אהין געטהאן מיין גאנצער שרעק! איך האב געארבייט זעהר פלייסיג, ביז מען האט אונז א זאג געטהאן: גענוג, די געפאר איז פארביי". פון יענער צייט אן האב איך שוין געוואוסט, אז אויב עס איז שרעקליך פון א גרויסער שרפה, דארף מען לויפען אהין און ארבייטען, און דאמאלט וועט גאר ניט זיין שרעקליך.

ווער עס ארבייט, דער האט קיין צייט ניט זיך צו שרעקען, ניט צו פיהלען קיין עקעל און ניט ברידזשען זיך.

און אזוי האט ווערא פאוולאוונא זיך גענומען פאר מעדיצין. און אין דער נייער זאך איז זי געווען איינע פון די ערשטע פרויען, וואס איך האב געקאנט. נאכדעם האט זי באמת גענומען זיך פיהלען ווי אן אנדער מענש. זי האט געהאט א גערדאנק: „אין עטליכע יאהר ארום וועל איך שוין באמת שטעהען אויף מיינע אייגענע פיס". דאס איז א גוטער גערדאנק. קיין פולער גליק איז ניטא אהן פולער אונאבהענגיגקייט. ארימע פרויען, ווי ווייניג צווישען אייך האבען דעם גליק.

## 12.

און אט געהט פארביי א יאהר נאך קירסאנאווס חתונה און די טעג וועלן אלץ אזוי געהן פאר ווערא פאוולאוונא, ווי זיי געהען איצט, א יאהר נאך דער חתונה, ווי זיי זיינען געגאנגען פון דער חתונה אן; און פיעל יאהרען וועלען פארביי־

און זיי וועלען אלץ אזוי געהן, אויב עס וועט ניט געשעהן וואס עס איז זאנדערבארעס. ווער ווייס וואס די צוקונפט וועט ברייגגען? אבער ביז דער צייט, ווען איך שרייב דאס, האט נאך אזוינס קיין זאך ניט פאסירט אין ווערא פאוולאוונאס טעג געהען אלץ אזוי, ווי זיי זיינען געגאנגען דאמאלט, אין א יאהר, צוויי ארום נאך זייער חתונה.

נאך יענער שרעקליך קאמפראמעטירענדער פאסירונג, וואס ווערא פאוולאוונא האט געפונען זיך פעהיג צו פארנעהמען זיך מיט מעדיצין, איז מיר שוין לייכט צו ריידען וועגען אלץ: אלעם איבעריגע קען איהר שוין אזוי ניט שאדען און דער מיינונג פון פובליקום און איך מוז זאגען, אז אויך איצט אויף דער סערגיי גאס, ווי פריהער אויף וואסילעווסקי זיינען די דריי גרענצען פון טאג פאר ווערא פאוולאוונא: טיי אין פריהמארגען, מיטאג־עסען און טיי אבענדס; יא, זי האלט אן אט דעם ניט פאעטישען מנהג יעדען טאג און געפינט עס פאר אנגענעהם און בכלל, האלט זי אן אלע איהרע ניט פאעטישע, און ניט עלעגאנטע און ניט פון קיין גוטען טאן מנהגים.

און פיעלעס אנדערע איז געבליבען ווי געוועזן און אט דער נייער רוהיגער צייט, ווי עס איז געוועזן אין די פריהערדיגער רוהיגער צייט. עס איז געבליבען די צוטיילונג פון די צימערן אויף נייטראלע און ניט־נייטראלע; עס איז געבליבען דער כלל ניט ארייגצוגעהן אין די ניט נייטראלע צימערן איינער ביים צווייטען אהן ערלויבעניש; עס איז געבליבען דער כלל ניט איבערצוחזרן קיין פראגע, אויב מען ענטפערט אויפ׳ן ערשטען מאל פרעגען: „פרעג ניט“; עס איז געבליבען אויך דאס, וואס אזא ענטפער איז גענוג מעהר ניט צו טראכטען וועגען דער פראגע, איהר פארגעסען: דאס איז פארבליבען, ווייל עס איז פארבליבען די זיכערהייט, אז אויב עס וואלט ווערטה געוועזן צו ענטפערן, וואלט מען ניט געדארפט פרעגען, עס וואלט אלץ ארויסגעזאגט געווארען אהן יעדער פראגע, און אז וועגען וואס מען שווייגט איז, געוויס, ניט וויכטיג צו וויסען. דאס אלץ איז געבליבען ווי פריהער אין דער היינטיגער רוהיגער צייט, ווי עס איז געוועזן פריהער אין דער רוהיגער צייט; גאר אין איצטיגער נייער רוהיגער צייט, האט דאס אלץ זיך געענדערט, אדער זאגאר זיך ניט געענדערט, אבער עס קומט פאר עפעס וואס אנדערש, איידער פריהער, און דער לעבען איז עפעס אוועק ניט דער.

צום ביישפיעל די נייטראלע און ניט נייטראלע צימערן ווערען שטרייגג

אונטערשיידען: אבער אז ערלויבעניש ארייןצוגעהן אין די ניט נייטראלע צימערן איז פעסט געשטעלט איינמאל פאר אלע מאל פאר געוויסע צייטען פון טאג; דאס איז דערפאר ווייל צוויי פון די דריי גרענצען פון טאג זיינען אריבערגעטראגען אין די ניט נייטראלע צימערן: עס איז פעסטגעשטעלט דער מנהג צו טרינקען טיי אין דער פריה אין איהר צימער און אבענדס — אין זיין צימער; דער אבענד-טיי ווערט געמאכט אהן בעזונדערע צערעמאניעס; דער דיענער, אלץ דער זעלבער סטע-פאן, טראגט אריין אין אלעקסאנדרס צימער דעם סאמאוואר און כלים און דאס אלץ: אבער מיט'ן פריהמארגענדיגען טיי איז אן אנדער מנהג: סטעפאן שטעלט אוועק דעם סאמאוואר און די די כלים אין דעם נייטראלען צימער, וואס איז אם נאהענסטען צו ווערא פאוולאוונאס צימער און זאגט אלעקסאנדר מאטוויי-איטשען אז דער סאמאוואר איז שוין אויפ'ן טיש, דאס הייסט, ער זאגט עס אויב ער געפינט אלעקסאנדער מאטווייאיטשען נאך אין קאבינעט; און אז ניט ? דאמאלט דארף שוין סטעפאן ניט אנזאגען, זאלן זיי אליין זיך דערמאנען, אז עס צייט צו טרינקען טיי. און עס איז שוין אויך שוין פעסט געשטעלט, אז אין דערפריה ערוואַרט ווערא פאוולאוונא דעם מאן אהן א דאקלאד, צו ער מעג ארייןגעהן: אהן סאשא'ן קען זי זיך דא ניט באגעהן, דאס ווערט יעדער זאגען, ווען ער ווערט הערן ווי זי שטעהט אויף.

זיך אויפכאפענדיג, צערטעלט זי זיך אין איהר ווארימער בעטעל; זי פוילט זיך אויפצושטעהן, זי טראכט-און טראכט ניט, איז האלב שלעפעריג און נימ שלע פעריג. טראכטען— הייסט, זי טראכט וועגען אזוינס, וואס האט א שייכות טאקי צו דעם טאג, צו די טעג, צו דער בעל'הבית'ישקייט, צו בעקאנטע, צו די פלענער וועלכע זיינען בעשטימט פאר דעם טאג, דאס הייסט געווים ניט דרעמלען; אבער אויסער דעם זיינען דא נאך צוויי זאכען און א יאהר נאך דער חתונה האט זיך באוויזען א דריטער, וואס איז בייאיהר אויף די הענד, מיטיא: ער, „מיטיא“ האט געקראגען דעם נאמען לכבוד דעם פריינד דימיטרי; די אנדערע צוויי זאכען זיינען: איינע דער זיסער געדאנק וועגען דער בעשעפטיגונג, וואס גיט איהר אפולע זעלבסשטענדיגקייט, דער צווייטער געדאנק איז ער — סאשא. דאס קען מען זאגאר ניט רופען קיין בעזאנדערען געדאנק, דאס ווערט צוגעגעבען צו אלץ, וועגען וואס עס טראכט זיך, ווארום ער האט א חלק אין איהר גאנצען לעבען: און ווען דער געדאנק, אט דער ניט באזונדערער געדאנק, נאר דער שטענדיגער

געדאנק בלייבט אליין אין איהר טראכטען — זי פארברייננגט זעהר, זעהר פיעל צייט אין טראכטען פאר זיך — דאמאלט, ווי זאל מען עס אנרופען? טראכטען אדער דרעמלען, צו שלאפט זי נאך, אדער שלאפט ניט? די אויגען זיינען האלב געשלאסען, אויף די באקען איז א רויטקייט, אזוי ווי די רויטקייט פון שלאף.... יא, דאס הייסט געדרעמעלט. איצט זעהט איהר אליין, אז אפט מוז פאסירען אז די צייט לויפט פארביי אזוי דאס ווערא פאוולאוונא בעווייזט נאך ניט זיך אויפ־צוהויבען אום צונעהמען א וואנע. דאס איז בעקוועם איינגעארדעט: עס האט געקאסט א סך מיה: מען האט געמוזט אריינפיהרען אין איהר צימער א קראן פון קראן און פון קעסעל אין קיך (און, דעם אמת זאגענדיג, געהט א סך האלץ אוועק אויף דעם לוקסוס, אבער איצט קען דאס זיך ערלויבען), יא, גאנץ אפט בע־ווייזט ווערא פאוולאוונא צו נעהמען א וואנע און זיך צוצולייגען אברוהען, זיך צערטלען ביז סאשא קומט, און אפט, כמעט נאך עפטער, פארטראכט זי זיך אזוי אין האלב דרעמעל איז איידער זי קלייבט זיך נאך אויס צו נעהמען א וואנע, קומט שוין סאשא.

אבער ווי גוט עס איז יעדען פריהמארגען צו נעהמען א וואנע: אין אנפאנג געהט די ווארימע וואסער, נאכהער פארדרעהט מען דעם ווארימען קראן, עס ווערט געעפענט דער קראן פון וועלכען די וואסער רינט ארויס און דער קראן מיט די קאלטע וואסער בלייבט אפען און דאס וואסער אין וואנע ווערט אלץ פרישער, פרישער, ווי גוט דאס איז! א האלבע שעה, אפט מעהר, א גאנצע שעה ווילט זיך ניט שיידען מיט דער וואנע.

און אלץ אליין, אהן א דיענסט, זי טהוט זיך אן אויך אליין — דאס איז פיעל בעסער. אליין, דאמאלט ווען זי פארשלאפט ניט די צייט, און אז זי פאר־שפעטיגט? דאמאלט קען מען שוין זיך ניט בעפרייען — און צו וואס זיך בע־פרייען? — פון דעם — אז סאשא זאל ניט שפילען די פליכטען פון הויז־מיידעל. סאשא איז שרעקליך לעבערליך! און עס קען זיין, אז זאגאר אויב די האנד פון דעם גאסט דער זינגערן וועט ניט מאכען צו בעווייזען זיך אין דעם פאנטאסטישען טאגעבוך די ווערטער: „אבער דאס איז דאך באליידיגענד“!

יעדענפאלס האט זיך דער ליעבער געמאכט פאר אן אונפערמיידליכע פליכט צו באדיענען ביים פריהמארגען טיי.

און מען האט אנדערש אויך ניט געקאנט, סאשא איז גאנץ גערעכט, אז

אזוי האָט עס געדאַרפט זיין, ווארום צו טרינקען דעם פריהמאָרגען טיי, ד. ה. כמעט דורך אוים שמאנט, אנגעוואָרמט דורך דעם צוגאב פון זעהר שטאַרקע טיי, אין בעט איז זעהר אנגענעהם. סאשא ברייננט די כלים — יא, דאס פּאסירט עפטער, ווי ער זאָל אריין מיט די כלים — און בעל־בית׳עוועט און זי צערטעלט זיך אלץ, און זיך אנטריקענדיג מיט טיי, בלייבט זי נאָך אלץ האלב ליעגענדיג שוין ניט אויפ׳ן בעטעל, נאָר אויף דער סאפקע, אזא ברייטער, אבער, הויפּטזעכליך, אזא ווייכער, ווי א פערענע, ביז א זייגער 10־11, ווען סאשא דאַרף אוועק אין האספיטאל, אדער אין קליניק, אדער אין אקאדעמיע; אבער צוזאמען מיט דער לעצטער טאס, האָט סאשא שוין גענומען א ציגאר און איינער פון זיי דערמאָנט דעם צווייטען: „מיר נעהמען זיך פאר דער ארבייט"; אדער: גענוג, איצט פאר דער ארבייט. פאר וועלכער ארבייט? וואָס הייסט, ענטוועדער ער גיט איהר א שטונד, אדער ער חזר׳ט מיט איהר איבער, וואס זי האָט צו לערנען אלס סטודענטקע. סאשא איז איהר הויז לעהרער אין איהר שטודיום פון מעדיצין, אָבער נאָך מעהר איז זיין הילף נויטיג זיך צוצוגרייטען פאר׳ן עקזאמען אויף דעם קורס פון גימנאַזיע אין יענע לעהרען, מיט וועלכע עס איז איהר געווען צו לאַנגוויי־ליג זיך צו בעשעפטיגען; בעזונדערס שרעקליך איז מאַטעמאַטיק; די לאַטיינישע שפּראך איז אפשר נאָך לאנגווייליגער; אבער מען קען אַנדערש ניט, מען דאַרף נודענען איבער זיי, איבריגענס ניט לאנג: פאר דעם עקזאמען, וואָס זאָל פארביי־טען אן אטעסטאַט פון גימנאַזיע, פאַדערט זיך אין אקאדעמיע זעהר ניט פיעל; צום ביישפּיעל, איך וועל ניט גאראנטירען, אז ווערא פּאוולאָוונא וועט ווען עס איז דערגרייכען אזא פּאַלקאָמענהייט אין דער לאַטיינישער שפּראַך, דאָס זי זאָל קענען איבערזעצען כאָטש צוויי שורות פון קארנעליוס נעפאָט, אבער זי קען שוין פארשטעהן א לאַטיינישע פראזע, וואָס טרעפט זיך אין מעדיצינישע ביכער, וואָ־רום נור דאָס איז דאָס וויסען וואָס איז איהר נויטיג, און דאָס איז ניט זעהר שווער. דאָ, גענוג וועגען דעם, איך זעה שוין אז איך קאָמפּראָמיטיר ווערא פּאוו־לאָוונא אויפ׳ן העכסטען אופן: געווים, קלוג...

## 13.

### א קעהר צוריק מכח דעם בלויען זאַק.

— בלויער זאַק! זאָגאר בלויסטער זאַק! איך קען ניט פערטראָגען קיין

בלויע זאק! נאריש און לאנגווייליג איז די בלויע זאק! — רעדט ארויס דער קלו־
גער לעזער מיט היץ, אבער ניט אונגערעכט.

דאך, ווי צוגעבונדען איך און דער קלוגער לעזער זיינען דאס איינע צו
־־י אנדערע. איין מאל האט ער מיר אויסגעזידעלט, צוויי מאל האב איך איהם
ארויסגעטריבען, און דאך קענען מיר זיך ניט באגעהן אהן דעם אז מיר זאלען זיך
דורכריידען הארציג; א געהיימע שוואכקייט פון איינעם צום צווייטען!

— א, קלוגער לעזער, — זאג איך צו איהם — דו ביזט גע־עכט, א בלויער
זאק איז באמת נאריש און לאנגווייליג, און עס איז ניטא קיין מעגליכקייט איהם
אריבערצוטראגען. דו האסט עס געטראפען. דו האסט אבער ניט געטראפען וו ע ר
איז א בלויער זאק. דו וועסט עס באלד דערזעהן, ווי אין א שפיעגעל. א בלויער
זאק רעדט מיט זינלאזע התפעלות גאנץ צופריעדען וועגען ליטעראַרישע און ווי־
סענשאפטליכע זאכען, אין וועלכע זי פערשטעהט קיין אות ניט; און ריידען
רעדט זי ניט דערפאר, ווייל זי איז פעראינטערעסירט אין דעם, נאר אום צו גלאנצען
מיט איהר שכל (וועלכען זי האט גאר פון דער נאטור ניט בעקומען), מיט איהרע ער־
הויבענע שטרעבונגען (וועלכע זי באזיצט אזוי פיעל, ווי דער שטוהל אויף וועל־
כען זי זיצט) און מיט איהר געבילדעטקייט (וואס זי האט אזוי פיעל, ווי א פא־
פוגאי). זעהסטו, וועמעס גראבער פרצוף אדער גלאט־פארקאמטע פיגור איז עס אין
שפיעגעל? דיינע, פריינד מיינער. יא, וואס פאר א לאנגען בארד דו זאלסט ניט
פארלאזען, ביזטו דאך אלץ די ריכטיגע בלויע זאק; דערפאר טאקע האב איך
צוויי מאל דיר געגעבען אין האלז און אקען, איינציג דערפאר, ווייל איך קען ניט
פארטראגען קיין בלויע זאקען, וועלכע זיינען פאראן צווישען אונזערע ברידער־
מאנסבילען צעהן מאל אזוי פיעל, איידער צווישען פרויען.

דער אבער, וואס באשעפטיגט זיך צוליעב א נוצליכען צוועק מיט א נוצלי־
כער זאך, דער איז פשוט א מענש, גאנץ גלייך אין וואס די באשעפטיגונג זאל ניט
באשטעהן, גאנץ גלייך אין וואס פאר א בגד ער זאל ניט געהן, אין א מענערשען
אדער א ווייבערשען, ער איז א מענש וואס באשעפטיגט זיך מיט זיין זאך און
מעהר ניט.

14.

דער געשפרעך וועגען בלויען זאק, וואס איז געוועזען אזוי נוצליך פאר דעם

קלוגען לעזער, האָט מיך אָבגעריסען פון דער ערצעהלונג וועגען דעם, ווי עס געהט איצט פארביי דער טאָג ביי ווערא פאוולאָוונא. „איצט" — דאָס הייסט ווען? יא, ווען איהר ווילט, פון דער צייט, וואָס זי האָט זיך באַזעצט אויף דער סערגיי גאָס ביז איצט. איבריגענס, צו וואָס פארטזעצען די בעשרייבונג. אפשר זאָגען בכלל, דאָס יענע ענדערונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין כאראַקטער פון די אָבענדען ביי ווערא פאוולאָוונא, ווען זי האָט בעגייט איהר בענקשאפט מיט קירסאנאָוו'ן אויף וואסילעווסקי, האָט זיך איצט אין גאנצען ענטוויקעלט, אז איצט זיינען די קירסאנאָוס שוין א מיטעלפונקט פון א גאנץ גרויסער צאָהל פאמיליעס. אַלץ יונגע פאַמיליעס, וואָס לעבען אויך אזוי צופריעדען און גליקליך, ווי זיי, און וואָס זיינען אויך גלייך צו זיי לויט זייערע בעגריעפען; און אז מוזיק און געזאנג, אפערא און פאָעזיע, אלערליי שפאצירען און טאַנצען פילען אָן די פרייע אָבענדען פון יעדער פון די פאמיליעס, ווארום יעדען אָבענד איז דאָ ווערלבע עס איז א צוזאַמענקונפט ביי דער אָדער יענער פאמיליע, אָדער אן אנדער פארברייננגונג פון אָבענד פאר די וואָס ווילען עס. בכלל קומען זיך צוזאמען אויף די צוזאמענקונפטען און אלערליי אַנדערע פארברייננגונגען אין די אבענדען ארום א העלפט פון קרייז, און די קירסאָנאָווס ווי די אנדערע פארברייננגען א העלפט פון די אבענדען אין דעם הויזא. נור וועגען דעם איז ניטאָ וואָס צו ריידען, דאָס פארשטעהט זיך פון זיך אליין. עס איז אָבער דאָ איין זאַך, וועגען וועלכער עס קומט אוים צום אונגליק זעהר פיעל צו ריידען פאר זעהר פיעלע, כדי זיי זאָלען עס קענען פארשטעהן. יעדער איינער, אויב ער האָט אליין ניט אויסגעפּרובירט, האָט ער כאָטש געלעזען וואָס פאר אן אונטערשייד עס איז פאר א מיידעל אָדער א יונגען מאן צווישען דעם אבענד, וואָס איז פשוט אן אבענד, און יענעם אנדערן אבענד, ווען מיט איהר געפינט זיך איהר ליעבער, אָדער מיט איהם זיין ליעבע, צווישען דער אָפּערא, וועלכע דו הערסט נאָר און יענער אָפּערא, וועלכע דו הערסט, זיצענדיג צוזאמען מיט דער, אָדער דעם אין וועמען דו ביזט פארליעבט. עס איז גאָר א גרויסער אונטערשייד. דאָס איז באַוואוסט. אָבער אָט וואָס זעהר ניט פיעלע האבען איבערגעלעבט איז, אז די בעצויבערונג, וואָס די ליעבע גיט צו צו אַלץ דארף, אין אמת'ען, בשום אופן ניט זיין קיין שנעלפארבייגעהענדע ערשיינונג אין לעבען פון א מענשען; אז דער העלער ליכט פון לעבען דארף ניט בעלייכטען נאָר די צייט פון זוכען, שטרעבען, זאָלען מיר עס רופען: פון „אויסגעהן", זיך שדכנ'ען: ביין, די צייט וואָלט באמת

„ע, ארפט זיין נאר דער זונאויפגאנג, א ליעבער, א שעהנער, אבער דאך נאר דער פארגענגנער פון טאג, אין וועלכען עס איז אונפערגלייכליך מעהר אי ליכט, אי ווארימקייט, איידער אט ביי דעם פארגענגענער; די ליכט און ווארימקייט פון דעם טאג אליין דארף לאנג, זעהר לאנג, וואקסען, און באזונדערס דארף די ווארימקייט לאנג וואקסען, ווייט ביז נאך האלבען טאג נאך אלץ וואקסען. פריהער איז געווען ניט אזוי: ווען געליעבטע פלעגען זיך פאראייניגען, פלעגט שנעל פערשווינדען די פאעזיע פון ליעבע. איצט איז ביי די מענשען, וועלכע מען רופט היינטיגע מענשען, גאר ניט אזוי. ווען די ליעבע פאראייניגט זיי, איז וואס לענגער זיי לעבען צוזאמען, אלץ מעהר און מעהר ווערן זיי בעלייכטען און דערווארימט פון דער פאעזיע פון ליעבע, ביז אין שפעטען אבענד אריין, ווען די זארג פאר די דערוואקסענע קינדער פארנעהמט שוין צופיעל זייערע גדאנקען. דאמאלט קומט א זארג נאך א זיסערע, איידער פערזעהנליכער פארגניגען און ווערט אוועקגעשטעלט העכער, אבער ביז דאמאלט וואקסט עס אלץ. און דאס וואס די פריהערדיגע מענשען האבען געקאנט נאר אויף שנעל־פארבייפליהענדע חדשים, האלטען אן די היינטיגע מענשען אויף לאנגע, לאנגע יאהרען.

פון וואנען קומט עס? דאס איז שוין א סוד: איך וועל, אפשר, אייך דעם סוד דערצעהלען. עס איז א גוטער סוד; עס איז אנגענעהם מיט איהם זיך צו באנוצען, מען דארף אבער צו דעם האבען א ריינע הארץ און עהרליכע נשמה, און דעם איצטיגען בעגריעף וועגען די רעכטע פון א מענשען, און אכטונג צו דער פרייהייט פון דעם, מיט וועמען דו לעבסט. דאס גאר — מעהר איז גאר קיין סוד ניטא. קוק אויף דיין ווייב, ווי דו האסט געקוקט אויף דיין כלה, ווייס אז זי האט יעדען אויגענבליק א רעכט צו זאגען: „איך בין ניט צופריעדען מיט דיר, טראג זיך אפ פון מיר; קוק אויף איהר אזוי, און זי וועט אין ניין יאהר ארום נאך דיין חתונה ארויסרופען ביי דיר פונקט אזא פאעטישען געפיהל ווי אלס כלה, ניין, א מעהר פאעטישען, מעהר אידעאלען אין גוטען זינען פון ווארט. אנערקען איהר פרייהייט פונקט אזוי אפענהערציג און פארמעל גאר אהן אויסרייד, ווי דו אנערקענסט די פרייהייט פון דיין פריינד צו פיהלען אדער ניט צו פיהלען פריינדשאפט צו דיר; דאמאלט וועסטו אויך אין צעהן יאהר ארום, אין צוואנציג יאהר ארום נאך דער חתונה, איהר זיין פונקט אזוי ליעב, ווי דו ביזט געווען חתן'ווייז. אט אזוי לעבען די מענער מיט ווייבער פון די היינטיגע מענשען. עס ווילט זיך זיי

מקנה זיין. דערפאר זיינען זיי דאך עהרליך איינער צו דעם אנדערן; זיי ליעבען זיך איינע די אנדערע צעהן יאהר נאך דער חתונה שטארקער און פּאַטעטישער איידער אין דעם טאג פון דער חתונה, אבער אין די צעהן יאהר האבען זיי דאך איינער דעם אנדערן ניט געגעבען קיין קוש, וואס זאל זיי זיין צואווידער, האבען ניט געזאגט קיין ווארט, וואס זאל זיין ניט עהרליך געמיינט. „א ליגען איז ניט ארויס פון זיינע ליפּען“, איז געזאגט געווארען עפּעס וועגען איינעם אין עפּעס א בוך. „ניטא קיין פארשטעלטקייט אין הארצען ביי איהם“ איז געזאגט וועגען עפּעס איי־נעם אין עפּעס א בוך, עס קען זיין אין זעלבען בוך. מען לייענט דעם בוך און מען טראכט: „וואס פאר א וואונדערבארע מאראלישע קלאהרקייט ווערט עס איהם צוגעשריבען“. מען האט געשריבען דאס בוך און מען האט געטראכט: „מיר בעש־רייבען א מענשען, וועלכען אלע דארפען באוואונדערן“. די וואס האבען געשריבען דעם בוך האבען ניט פאראויסגעזעהען און ס'פארשטעהן ניט די וואס לייענען דעם בוך, אז היינטיגע מענשען נעהמען ניט אריין אין די צאהל פון זייערע בעקאנטע קיינעם, וואס האט ניט אזא נשמה; און עס פעהלט זיי קיין בעקאנטע ניט, און זיי האלטען זייערע בעקאנטע ניט מעהר ווי פאר פּשוטע, היינטיגע מענשען, גוטע, אבער גאנץ געוועהנליכע מענשען.

איין זאך איז אן עברה: אין היינטיגע צייטען קומט נאך אלץ אוים אויף יעדען היינטיגען מענשען א גאנצער צעהנדליג, אויב ניט מעהר, מענשען פון פאר'ן דור המבול. דאס איז, איבעריגענס, נאטירליך — די וועלט פון פאר'ן מבול דארף האבען א בעפעלקערונג פון פאר'ן מבול.

15.

— אט וועלען מיר מיט דיר אבלעבען דריי יאהר (פריהער פלעגט מען זאגען: א יאהר, נאכהער: צוויי, שפּעטער וועט מען זאגען: פיער, און אזוי ווייטער) און מיר וועלען נאך אלץ זיין ווי פארליעבטע, וואס זעהן איינע די אנדערע זעלטען, בעהאלטענערהייט. פון וואנען האט מען דאס גענומען, סאשא, אז די ליעבע ווערט אבגעשוואכט, ווען קיין זאך שטערט ניט די מענשען אין גאנצען צו געהערן איינע די אנדערע? יענע מענשען האבען ניט געוואוסט, וואס עס איז אזוינס אמת'ע ליע־בע. זיי האבען נאר געוואוסט פון געשלעכטליכע זעלבסטליעבע, אדער געשלעכט־ליכע פאנטאזיע. די אמת'ע ליעבע הויבט זיך באמת אן דוקא פון דער צייט אן, ווען די מענשען הויבען אן צו לעבען צוזאמען.

— צי בארמערקסטו עס אויף מיר?

— אויף דיר באמערק איך א פיעל אינטערעסאנטערע זאך: נאך אין א יאהר דריי ארום וועסטו פארגעסען דיין מעדיציז, און נאך אין א יאהר דריי ארום וועסטו פארגעסען ווי מען לייענט, און פון אלע פעהיגקייטען צום גייסטיגען לעבען וועט ביי דיר בלייבען נאר איינע: די רעיה, און אויך דא וועסטו פארלערנען צו זעהן וואס עס איז אויסער מיר.

אזוינע געשפרעכען זיינען ניט קיין לאנגע און זיי קומען פאר ניט אפט, אבער אזוינע געשפרעכען קומען דאך פאר.

— „יא, מיט יעדען יאהר שטארקער".

— „ווייסטו יענע מעשה'לאך וועגען די מענשען, וואס געברוויכען אפיום: מיט יעדען יאהר ווערט די ליידענשאפט דערצו שטארקער. ווער עס האט איין מאל דערפיהלט דעם פארגניגען וואס דאס גיט, ביי דעם ווערט עס שוין קיין מאל ניט שוואכער, נאר שטארקער".

— „איבערזעטיגונג! ליידענשאפט ווייס ניט פון איבערזעטיגונג, זי ווייס נאר פון אנזעטיגונג אויף עטליכע שעה".

פון איבערזעטיגונג ווייס נאר די פוסטע פאנטאזיע, אבער ניט דאס הארץ, ניט דער לעבעדיגער ווירקליכער מענש, נאר דער פערדארבענער בעל־חלום, וועלכער איז אוועק פון לעבען צו חלומות".

„צי דען ווערט דער אפעטיט שוואכער, צי ווערט מיין געשמאק טעמפ פון דעם, וואס איך הונגער ניט, נאר, וואס איך עס יעדען טאג אהן א שטערונג און גוט. פארקעהרט, מיין געשמאק ענטוויקעלט זיך פון דעם, וואס מען עסט גוט אפ ביי מיר. און דעם אפעטיט וועל איך פארלירען נאר צוזאמען מיט'ן לעבען, אהן אפעטיט קען מען ניט לעבען". (דאס איז שוין א גראבער מאטעריאליזם, באמערק איך, צוזאמען מיט'ן קלוגען לעזער).

„צי דען ליעגט עס אין דער מענשליכער נאטור אז א צובונד זאל שוואכער ווערן און עס זאל זיך ניט ענטוויקלען מיט דער צייט? ווען איז פריינדשאפט שטארקער און ליעבער, אין א וואך אדער אין א יאהר, אדער אין צוואנציג יאהר ארום, נאך דעם ווי זי האט זיך אנגעהויבען? עס איז נאר נויטיג, אז פריינד זאלען זיך צוזאמענקומען פאסינע, אז זיי זאלען באמת טויגען פאר פריינד צווישען זיך".

די געשפּרעכען זיינען שטענדיגע, אבער זיי קומען דוקא ניט פאַר אַפּט. קורץ און זעהר ניט אָפּט, אין אמת'ן, צו וואָס אָפּט און פיעל וועגען דעם ריידען?

---

די געשפּרעכען זיינען אָבער אָפּט און לענגער.

— סאשא, וויפיעל שטיצע גיט מיר דיין ליעבע. דורך איהר ווער איך זעלבשטענדיג, איך ווער אינגאנצען ניט אָבהענגיג, זאָגאר פון דיר — יא, זאָגאר פון דיר. וואָס האָט פאַר דיר געבראַכט מיין ליעבע?

— פאַר מיר! ניט ווייניגער ווי פאַר דיר. אָט די שטענדיגע, שטארקע, גע־זונדע אויפרעגונג פון די נערוועז, זי מוז ענטוויקלען די נערוועז־סיסטעם (גראבער מאטעריאליזם, באמערקען מיר ווידער, צוזאמען מיט'ן קלוגען לעזער); דערפאַר וואקסען ביי מיר די גייסטיגע און מאָראַלישע כחות פון דיין ליעבע.

— יא, סאשא, איך הער פון אלעמען — אליין בין איך זעהר א שלעכטער עדות, די אויגען זיינען אונטערגעקויפט — נאָר אלע זעהן דאסזעלבע: דיינע אויגען ווערן אלץ קלאָהרער, דיין בליק ווערט שטארקער און שאַרפער.

— ווערא'טשקא, צו וואָס זאָל איך זיך לויבען אָדער ניט לויבען פאַר דיר? מיר זיינען איין מענש, דאָס דאַרף אבער באמת זיך אָבשפּיגלען אויך אין די אויגען. מיין געדאנק איז געוואָרען פיעל שטארקער. ווען איך ציה שליסע פון בעאָבאכטונגען, גיב אַז אַלגעמיינעם איבערבליק איבער פאקטען, ענדיג איך איצט אין א שעה, איבער וואָס איך האָב פריהער געדאַרפט טראכטען עטליכע שעה. איך קען איצט מיט'ן געדאנק ארומנעהמען פיעל מעהר פאקטען ווי פריהער, און די שליסע קומען ארויס ברייטער און פולער. אויב, ווערא'טשקא, אין מיר וואָלט גע־לעגען וועלכער עס איז קערנדל פון געניאַליטעט, וואָלט איך מיט דעם געפיהל געוואָרען א זשעני. אויב פון דער נאַטור וואָלט אין מיר געוועזען דער כח צו שאַפען א קליין נייעס אין דער וויסענשאַפט, וואָלט איך דורך דעם געפיהל באקומען די קראַפט איבערצובויען די וויסענשאַפט. איך בין אָבער געבאָרען געוואָרען נאָר צו זיין א מענש וואָס טהוט די פּראָסטע, שווארצע ארבייט, א שווערער ארבייטער, וואָס קלויבט פאַרנאַנדער די איינצעלנע קליינע פראַגען. אזא בין איך געוועזען פאַר דיר. איצט, ווייסטו, בין איך שוין ניט דאָס: פון מיר הויבט מען אָן צו ערווארטען מעהר, מען דענקט, אז איך וועל איבערארבייטען א גאַנצע, גרויסע אָבטיילונג פון דער וויסענשאַפט, די גאַנצע לעהרע וועגען די טהעטיגקייט פון דער נערוועז סיס־

טעם און איך פיהל אז איך ערפיל די ערוואַרטונג. צו 24 יאַהר איז ביי אַ מענשען ברייטער און דרייסטער די נייקייט פון מיינונגען, איידער צו 29 יאַהר (נאָכהער זאָגט מען: צו 30, נאָכהער: צו 32 און אזוי ווייטער) אָבער דאַמאָלט האָב איך עס ניט געהאַט אין אַזאַ מדרגה ווי איצט. און איך פיהל, אז איך האַלט נאָך אַלץ אין וואַקסען, בעת אָהן דיר וואָלט איך שוין לאַנג אויפגעהערט צו וואַקסען. יאָ, איך בין שוין ניט געוואַקסען אין די לעצטע דריי יאָהר, איידער מיר האָבען אָנגע־הויבען לעבען צוזאַמען. דו האָסט מיר צוריקגעגעבען די פרישקייט פון דער ערש־טער יוגענד, די קראַפט צו געהן פיעל ווייטער ווי דאָרט, וואו איך וואָלט געבליבען שטעהן, וואו איך בין שוין געבליעבען שטעהן אָהן דיר.

— און די ענערגיע צו אַרבייטען, ווערּאָטשקאַ, צו דען בעדייט דאָס ווייניג? די ליידענשאַפטליכע אויפרעגונג פון די כחות טראָגט זיך אַריבער אויך אויף דער אַרבייט, ווען דער גאַנצער לעבען איז אזוי געשטימט. דו ווייסט, ווי עס ווירקט אויף די ענערגיע פון דער גייסטיגער אַרבייט קאַווע און אַ גלאָז וויין; דאָס וואָס זיי גיבען איינעם אויף אַ שעה, נאָך וועלכער עס קומט אַן אַבשוואַכונג לפי ערך פון דער אויסערליכער פאַריבערגעהענדער אויפרעגונג, דאָס האָב איך שטענדיג אין דיר. — מיינע נערוועו זיינען אזוי געשטימט, שטענדיג, קרעפטיג, לעבעדיג. (ווי־דער גראָבער מאַטעריאַליזם, באַמערקען מיר א. ז. וו.)

די געשפּרעכען זיינען עפּטער און לענגער.

„ווער עס האָט ניט איבערגעלעבט, ווי ליעבע רעגט אויף אַלע כחות פון מענ־שען, דער ווייס ניט פון קיין אמת'ע ליעבע".

„ליעבע באַשטעהט אין דעם אום צו העלפען זיך אויפהויבען און אַליין העכער זיך אויפהויבען".

„ווער עס וואָלט אָהן דער ליעבע ניט געהאַט קיין מיטלען פאַר טהעטיגקייט, דעם גיט זי די מיטלען. ווער עס האָט די מיטלען דעם גיט זי כח זיך דערמיט צו בענוצען."

„נאָר דער ליעבט, ווער עס העלפט אַ געליעבטער פרוי זיך דערהייבען ביז צו זעלבשטענדיגקייט".

„נאָר דער ליעבט, ביי וועמען דער געדאַנק ווערט ליכטיגער און די הענד ווערן שטאַרקער פון ליעבע".

און אַט די געשפּרעכען קומען פאַר גאַנץ אָפּט.

— מיין ליעבער, איך לייען אָפט באקאַטשיא (וואָס פאר אַן אויסגעלאַסענ־הייט! באמערקען מיר צוזאַמען מיט'ן קלוגען לעזער — אַ פרוי זאָל גאָר לייענען באקאַטשיא! דאָס קענען נור מיר מיט איהם לייענען. איך באמערק אָבער אויסער דעם אַט וואָס — אַ פרוי וועט אין פערלויף פון פינף מינוטען זיך אָנהערן מעהר ציניש̇ע רייד, אויסערליך גאַנץ אַנשטענדיגע, וויפיעל עס געפינט זיך אין גאַנצען באקאַטשיא און זיכער וועט זי שוין ניט הערן קיין איין ליכטיגען, פרישען, רייניגעם געדאַנק, וועלכע באקאַטשיא האָט אַזוי פיעל) דו האָסט געזאָגט אמת, מיין ליעבער, אַז ער האָט אַ גרויסען טאַלאַנט. איייניגע פון זיינע ערצעהלונגען דאַרף מען, לויט מיין מיינונג, אַוועקשטעלען אויף איין שורה מיט שעקספּיר'ס דראַמען לויט הער טיעפקייט און פיינקייט פון פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז.

— און ווי אַמוזירען דיר זיינע קאָמישע ערצעהלונגען, אין וועלכע ער צערעמאָנעוועט זיך אַזוי ווייניג?

— איייניגע זיינען אַמוזאַנט, אָבער, בכלל, זיינען זיי לאַנגווייליג, ווי יע־דער צו גראָבער פּאַרס.

— אָבער פאַר דאָס דאַרף מען איהם ענטשולדיגען — ער האָט דאָך געלעבט מיט 500 יאָהר פאַר אונז; דאָס וואָס אונז קומט אויס צו גראָב, צו מאַרקעדיג, האָט דאַמאָלט זיך ניט גערעכענט פאַר ניט פּאַסיג.

— אַזוי ווי אַ סך פון אונזערע זיטען און אונזער גאַנצער טאָן וועלען אויס־ווייזען גראָב און שמוציג ווייניגער ווי אין 500 יאָהר אַרום. דאָס איז אָבער ניט אינטערעסאַנט; איך רייד וועגען זיינע אויסגעצייכענטע ערצעהלונגען, אין וועלכע עס ווערט ערנסט באַשריבען די ליידענשאַפטליכע, הויכע ליעבע. אין זי זעהט זיך באַזונדערס בולט אַרויס זיין גרויסער טאַלאַנט. אָבער אַט וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען, סאַשאַ: ער שילדערט זעהר גוט און שטאַרק. אורטיילענדיג נאָך איהם, קען מען זאָגען, אַז מען האָט דאַן ניט געוואוסט די צערטליכקייט פון ליעבע ווי איצט; די ליעבע איז דאַמאָלט ניט געפיהלט געוואָרען אַזוי שטאַרק ווי איצט, כאָטש מען זאָגט, אַז דאָס איז געווען אַן עפּאָכע פון דער פולסטער דערקוויקונג מיט ליעבע. ניין, ווי קען עס זיין, זיי האָבען זאַגאַר אויף אַ העלפט אַזוי שטאַרק ניט געפיהלט ווי איצט. זייערע געפיהלען זיינען געווען צו אויבערפלעכליך, זייער געמוט צו שוואַך און פלעגט צו שנעל פאַרשווינדען.

„די קראפט פון עמפפינדונג איז לפי ערך אזוי שטארק, אויף ווי טיעף עס שטראָמט ארויס פון אָרגאַניזם. אויב עס ווערט אויפגערעגט נאָר דורך אן אויסערליכע זאך, און אויסערליכע אורזאך, געהט עס שנעל פארביי און עס פארכאפט נאָר איין טהייל זייט פון לעבען. ווער עס טרינקט נאָר דערפאר ווייל מען טראָגט איהם אונטער א גלאָז וויין, דער פארשטעהט ווייניג אין וויין, עס פארשאפט איהם צו ווייניג פערגניגען. דאָס פארגניגען איז שוין פיעל גרעסער, ווען זיין ווארצעל ליעגט אין דער פאנטאַזיע, ווען די פאנטאַזיע זוכט א געגענשטאַנד און אן אורזאך פאר פארגניגען. דאָ ווערט די בלוט שוין פיעל מעהר אויפגערעגט און עס פיהלט זיך שוין א געוויסע ווארימקייט אין איהר, וואָס גיט צו דעם איינדרוק פיעל מעהר צערטליכקייט. אבער אויך דאָס איז נאָך זעהר שוואך אין פערגלייך מיט דעם, ווען דער ווארצעל פון די בעציהונגען, וואָס זיינען פאראייניגט מיט פארגניגען, געפינט זיך אין דער טיעפקייט פון מאָראלישען לעבען. דאָ דרינגט די אויפרעגונג דורך די גאנצע נערוועןסיסטעם, רעגט איהר אויף לאנג און זעהר שטארק. דאָ נעהמט די ווארימקייט ארום די גאנצע ברוסט: דאָס איז שוין ניט נאָר דאָס קלאפען פון הארצען, וואָס איז אויפגערעגט דורך די פאנטאַזיען. דאָס איז עהנליך אויף דעם, ווי די גאנצע אטמאָספערע, מיט וועלכער דער מענש אטעמט וואָלט זיך ענדערן, ווי די לופט וואָלט ווערן פיעל ריינער און רייכער מיט זויערשטאָף. דאָס איז אן עמפפינדונג פון דעם מין, וואָס ווערט געשאפען דורך א וואַרימען זון־טאָג; דאָס איז עהנליך אויף דעם ווי דו פיהלסט ווען דו וואַרימסט זיך אויף דער זון; דער גרויסער אונטערשייד באשטעהט אָבער אין דעם, וואָס די פרישקייט און ווארימקייט ענטוויקלען זיך אין די נערווען אליין, ווערן דירעקט עמפפונדען פון די נערווען, אָהן וועלכע עס איז אבשוואַכונג פון איהר לאָשצענדער קראפט מצד פון די זייטיגע עלעמענטען.

---

איך בין זעהר צופריעדען, וואָס איך האָב דעם שלעכטען מנהג אוועקגעוואָרפען נאָך אין דער רעכטער צייט. דאָס איז אמת: מען דארף, אז די צירקולירונג פון בלוט זאָל זיך ניט פערהאלטען דורך קיינע שטערונגען. אָבער אויב אזוי, פון וואָס איז דאָ צו קומען אין התפעלות, וואָס די פארב פון הויט איז געוואָרען צערטליכער? אזוי דארף עס זיין. און פון וועלכע נארישקייטען! נארישקייטען, אבער ווי דאָס מאכט די פים אויסזעהן ניט שעהן! די זאָק דארף זיך האלטען פון זיך

אליין, אין גאנצען, לייכט; זי איז געוואָרען רעגעלמעסיג, דער שניט געהט אוועק.

„דאָס געהט ניט אזוי שנעל פארביי, און איך האָב דאָך נאָר דריי יאָהר גע־טראָגען א קאָרסעט, און האָב עס אוועקגעוואָרפען נאָך פאר אונזער איצטיגען לעבען. אמת איז אויך דאָס, אז אונזערע קליידער דריקען פאָרט די טאַליע אויך אָהן א קאָרסעט. אבער צו איז עס אמת, אז דאָס וועט פאַרביי, פונקט ווי די פוס האָט זיך איינגעגלייכט? יא, אמת, ביסלאכווייז געהט עס פאריבער, עס וועט פאריבערגעהן; ווי צופריעדען איך בין. וואס פאר אן אונערטרעגליכער צושניט פון קלייד! עס וואָלט שוין לאנג צייט געווען צו פארשטעהן, אז די גריכישע פרויען זיינען געווען קליגער, דאָס קלייד דארף זיין ברייט פון די פלייצעס אליין. ווי זיי האָבען זיך אָנגעטהאָן. ווי אונזער צושניט פון די קליידער פארדארבט אונ־זער געוואוקס! ביי מיר אבער ווערט די ליניע ווידער ריכטיג. ווי צופריעדען איך בין דערמיט!

---

— ווי שעהן דו ביזט, וועראטשקא!
— ווי גליקליך איך בין, סאשא!

---

און זיסע רייד,
ווי א שטראָם פון ווערטער;
זיין שמייכעל און קוש.

---

ליעבער פריינד! לעש אוים
דיינע קושען;
אויך אָהן זיי, ביי דיר
ברענט דאָס פייער אין ברוסט,
אויך אָהן זיי, ביי דיר
ברענט די רויטליכקייט פון געזיכט.
און די ברוסט הייבט זיך,
און די אויגען בלישצענען,
ווי ביינאכט א שטערן.

16.

## וועראַ פּאַוולאַוונאַס פּיערטער חלום.

און עס חלומט זיך וועראַ פּאַוולאַוונאַ אַ חלום: אַזוי ווי צו איהר וואָלט דערגעהן אַ בעקאַנטע — אַ, איצט וואָס פאַר אַ בעקאַנטע! שטים פון ווייטע, נעהענטער, נעעהנטער. —

ווי הערליך, לייכטעט
מיר די נאַטור!
ווי גלאַנצט די זון!
ווי לאַכט דאָס פעלד!

און וועראַ פּאַוולאַוונאַ זעהט, אַז דאָס איז אַזוי, אַלץ אַזוי...

מיט אַ גאָלדענעם שיין לייכט דאָס פעלד; מיט בלומען איז עס באַדעקט; עס וויקלען זיך פאַרנאַנדער הונדערטע, טויזענדער בלומען אין די בוימלאַך, וואָס רינגלען אַרום דאָס פעלד; עס גרינט און שושקעט זיך דער וואַלד, וואָס הויבט זיך אויף הינטער די בוימלאַך און ער איז אויך פול מיט פאַרבען; אַ זיסער רח טראָגט זיך פון פעלד, פון לאָנקע, פון די בלומען, וואָס פילען אָן דעם וואַלד; איבער די צווייגען פליהען אַרום פויגלאַך, און טויזענדער שטימען טראָגען זיך פון די צווייגען, צוזאַמען מיט'ן אַראָמאַט; און הינטער דעם פעלד, הינטער דער לאָנקע, הינטער די בלימלאַך אין וואַלד זעהן זיך ווידער אַזוינע גאָלדערנע פעלדער, לאָנקעס, וואָס זיינען באַדעקט מיט בלומען, בוימלאַך, באַדעקט מיט בלומען, ביז אין די ווייטע בערג, וואָס זיינען באַדעקט מיט וואַלד און בעלויכטען פון דער זון; און אויף די שפּיצען בערג דאָרט און דאָ, צוגיסען זיך זילבערנע, גאָלדענע, פּורפּורנע, דורכזיכטיגע וואָלקענס איבער'ן האָריזאָנט און וואַרפען אַ שאָטען אויף די העלע בלויקייט. די זון איז אויפגעגאַנגען, עס פרעהט זיך און עס מאַכט פרייען די נאַטור, זי גיסט אַריין אין ברוסט אַראָמאַט און געזאַנג, ליעבע און צערטליכקייט, עס גיסט זיך פון ברוסט דאָס ליעד פון פרייד און גליק, פון ליעבע און גוטס.

אַ, ערד! אַ זון!
אַ, גליק! אַ, לוסט!
אַ, ליעבע, אַ, ליעבע,
אַזוי גאָלדשעהן,
ווי דער מאָרגענוואָלקען
אויף יענעם באַרג!

— איצט קענסטו מיך? דו ווייסט, אז איך בין שעהן? אָבער דו קענסט מיך נאָך ניט, קיינער קען מיך נאָך ניט אין מיין גאַנצער שעהנקייט. קוק, וואָס איז געווען איצט, וואָס עס וועט זיין. הער און קוק.

גוט פּערלט אין גלאָז דער פּורפּור־וויין.

ביים פוס פון בארג, ביים ברעג וואלד צווישען די הויכע געדיכטע אלייעס פון בליהענדע בוימער איז אויפגעבויט א פּאַלאַץ.

— זאָלען מיר געהן אהין. —

זיי געהן, זיי לויפען.

א פּרעכטיגע סעודה. אין די גלעזער שוימט דער וויין; עס לויכטען די אויגען פון די בעלי שמחה. א גערויש און א שושקעריי באגלייט דעם גערויש, געלעכטער און בעהאלטענע האנדדריקען, און, צייטענווייז, הערט זיך פער׳גנב׳ט א שטילער קוש. — „א ליעד! א ליעד! אהן א ליעד איז די שמחה ניט פארפול!“ און עס שטעהט אויף דער דיכטער. זיין געזיכט און זיין געדאנק זיינען בעלויכטען מיט בעגייסטערונג; די נאטור זאָגט איהם איהרע סודות, די געשיכטע ענטדעקט פאר איהם איהר בעדייטונג, און דאָס לעבען פון יאהרטויזענדער טראָגט זיך פארביי אין זיין ליעד דורך א רייהע בילדער.

1.

עס קלינגען די ווערטער פון דיכטער, און עס בעוועגט זיך א בילד.

די געצעלטען פון ארומוואנדערנדע שבטים. ארום די געצעלטען פּאשענען זיך שעפּסען, פערד, ווערבלודען. פון ווייטען א וואלד פון אוילבוימער און פייגענבוימער. נאָך ווייטער, ווייטער, אויף׳ן ברעג פון האָריזאנט צום צפון מעריב, א דאָפּעלטע רייהע פון הויכע בערג. די שפּיצען פון די בערג זיינען באדעקט מיט שניי, זייערע זייטען — מיט צעדער־בוימער. אבער שלאנקער פאר די צעדער־בוימער זיינען אָט די פּאסטוכער, שלאנקער פאר די פּאלמבוימער — זייערע פרויען, און זאָרגלאָז איז זייער לעבען אין פוילער צופרידענהייט; זיי האָבען נאָר איין זאָך — ליעבע; זייערע גאנצע טעג געהן אוועק אין ליעבע, טאָג נאָך טאָג געהט פארביי אין צערטליכקייטען און ליעדער פון ליעבע.

— ניין, זאָגט די בלאָנדע שעהנהייט — דאָס איז ניט וועגען מיר. איך בין דאמאָלט נאָך ניט געווען. די פרוי איז געווען א שקלאַפין. דאָרט וואו עס איז ניטאָ

סייז גלייכהייט, בין איך ניטא. יעגע קסרינע האט מען גערופען אסטארטא. אט איז זי. —

א פרעכטיגע פרוי. אויף די פיס און די הענד ביי איהר זיינען שווערע גאָל־דענע בראסלעטען; אויף איהר האלז — א שווערער האלזבאנד פון פערלען און קא־ראלען, וואָס זיינען אריינגעזעצט אין גאָלד. איהרע האָר זיינען באנעצט מיט מירדע. זינדיגקייט און אונטערטהעניגקייט — אין איהר געזיכט, זינדיגקייט און זינלאָזיגקייט — אין איהרע אויגען.

„פאָלג דיין הערר'ן: מאך אנגענעהם זיין פוילקייט אין די הפסקות צווישען איין בעפאל ביז'ן אנדערן; דו דארפסט איהם ליעב האָבען, ווייל ער האָט דיך געקויפט און אויב דו וועסט איהם ניט ליעבען, וועט ער דיך דער'הרג'ענען", זאָגט זי צו דער פרוי, וואָס ליעגט געקניעט פאר איהר.

— דו זעהסט, אז דאָס בין ניט איך — זאָגט די שעהנהייט.

2.

ווידער הילכען אָפּ די בעגייסטערטע ווערטער פון דיכטער. עס בעווייזט זיך א נייער בילד.

א שטאָדט. פון ווייטען צו צפון און צו מזרח זייט זיינען בערג; פון ווייטען צו מזרח און צו דרום, נאָהענט אויף מעריב זייט איז ים. א וואונדערליכע שטאָדט. ניט גרויס זיינען דאָרט די הייזער, און ניט פרעכטיג פון דרויסען. אבער ווי פיעל וואונדערבארע טעמפּלען זיינען דאָרט! באזונדערס אויפ'ן בערגל, וואוהין עס פיהרט א טרעפּ מיט טויערן פון וואונדערבארער גרויסקייט און שעהנקייט; דער גאנצער בערגל איז פארנומען מיט טעמפּלען און געזעלשאפטליכע געביידעס, פון וועלכע יעדער איינער וואָלט געווען איצט גענוג אום צו פארגרעסערן די שעהנקייט און באריהמטקייט פון דער פרעכטיגסטער הויפּטשטאָדט. טויזענדער סטאטוען זיי־נען אין די טעמפּלען, פון וועלכע יעדע איינע וואָלט געווען גענוג צו מאכען דעם מוזיי, וואו זי וואָלט געשטאנען, פאר דעם ערשטען אין דער גאנצער וועלט. און ווי שעהן איז דאָס פאָלק, וואָס קלייבט זיך צוזאמען אויף די פּלעצער, אין די גאַ־סען; יעדער פון די יונגע לייט, יעדע פון די יונגע פרויען און מיידלאך וואָלטען געקאָנט דיענען אלס מאָדעלס פאר סטאטוען. אָט א טהעטיגער, לעבעדיגער היימ־ליכער פאָלק, א פאָלק, וועמעס גאנצער לעבען איז ליכטיג און עלעגאנט. אָט די הייזער, ניט פרעכטיג פון דרויסען — וואָס פאר א רייכקייט פון עלעגאנץ און דאָס

גרויסע פארשטעהן. ווי צו האָבען פארגניגען פון לעבען זיי וויזען עם ארויס אינעווייניג: מען מוז זיך פארקוקען אויף יעדער זאך פון די מעבעל און געשיר. און די אַלע מענשען, אזוינע שעהנע, וואָס קענען אזוי גוט פארשטעהן שעהנקייט, זיי לעבען פאר ליעבע, כדי צו דיענען דער שעהנקייט. אָט קומט אן ארויסגעטריבענער צוריק אין דער שטאָדט, וואָס האָט פון זיך זיין הערשאפט אראָפּגעוואָרפען; ער קומט צוריק, אום אנצוהויבען באפעהלען, אַלע ווייסען עס. פאר וואס הייבט זיך קיין איין האנד ניט אויף געגען איהם? אין רייטוואָגען מיט איהם פאָהרט א פרוי פון א וואונדערבארער שעהנהייט, זאָגאר צווישען די שעהנהייטען, און זי ווייזט אָן אויף איהם צום פאָלק און בעט דעם פאָלק איהם אויפצונעהמען, זאָגענדיג דעם פאָלק אז זי נעהמט איהם אין שוץ. — און זיך בוקענדיג פאר איהר שעהנקייט, גיט דאָס פאָלק איבער די מאכט איבער זיך צו פּיזיסטראַט'ן, איהר ליעבלינג. אָט איז דאָס געריכט: די ריכטער זיינען כמורנע זקנים — דער פאָלק קען זיך בעגייסטערן, זיי ווייסען ניט פון בעגייסטערונג. דער ארעאפּאג איז באריהמט מיט זיין אָהן רחמנות'דיגער שטרענגקייט, און דערמיט וואס ער איז קיינעם ניט נושא פנים: די געטער און די געטינען זיינען געקומען אבגעבען זייערע סכסוכים אויף זיין בעשלום. און אָט דארף פאר איהם פארגעבראכט ווערן א פרוי, וועלכע אַלע האַלטען פאר שולדיג אין שרעקליכע פארברעכענס; זי דארף שטארבען, די וואָס האָט אַטהען צום אונטערגאנג געבראכט, יעדער פון די ריכטער האָט עס שוין באַשלאָסען ביי זיך אין הארצען; עס בעווייזט זיך פאר איהם אספּאזיא, אָט די אנגעקלאָגטע און זיי אַלע פאלען פאר איהר אויף דער ערד און זאָגען: „דיר קען מען ניט משפּט'ן, דו ביזט צו שעהן!“ צו איז דאָס ניט דאָס קעניגרייך פון שעהנקייט? צו איז דאָס ניט דאָס קעניגרייך פון ליעבע?

— ניין! — זאָגט די בלאָנדע שעהנהייט — איך בין דאמאָלט נאָך ניט געווען. זיי האָבען זיך געבוקט פאר דער פרוי, זיי האָבען אָבער איהר ניט אנערקענט פאר זייער גלייכען. זיי האָבען זיך געבוקט פאר איהר, אָבער נאָר ווי פאר דעם קוואל פון פארגניגען: די מענשליכע ווירדע האָבען זיי אין איהר נאָך ניט אנערקענט! דאָרט וואו עס איז ניטאָ קיין אכטונג צו דער פרוי, ווי צו א מענשען, דאָרט בין איך ניט פארהאן. יענע קעניגין האָט מען גערופען אפראָדיטא. אָט איז זי. —

די קעניגין האָט קיינע ציערונג ניט — זי איז אזוי שעהן, אז איהו ע פערעה־

רער האָבען ניט געוואָלט, אז זי זאָל האָבען קליידער, איהרע וואַנדערבארע פאַר־ מען דארפען ניט זיין פארדעקט פון זייערע ענטציקטע אויגען.

וואָס זאָגט זי דער פרוי, וואָס איז כמעט אזוי שעהן, ווי זי אליין און וואָס רויכערט ווייהרויך אויף איהר מזבח?

„זיי א קוואל פון פארגניגען פאר דעם מאן. ער איז דיין הארר. דו לעבסט ניט פאר זיך, נאָר פאר איהם".

און אין איהרע אויגען איז נאָר דאָ די צערטליכקייט פון פיזישען פארגניגען. איהר האלטונג איז א שטאָלצע, אין איהר געזיכט ליעגט שטאָלציקייט, אָבער נאָר א שטאָלצקייט פון איהר פיזישע שעהנקייט. און אויף וואָס פאר א לעבען איז די פרוי געוועזן פאר'משפט אין דער צייט פון איהר הערשאפט? דער מאנסביל פלעגט האלטען די פרוי פארשלאָסען, כדי קיינער, אויסער איהר הארר, זאָל ניט קענען אנקוועלען פון איהר שעהנקייט, וואָס געהערט נאָר צו איהם אליין. זי האָט ניט געהאט קיין פרייהייט. עס זיינען געווען ביי זיי אויך אנדערע פרויען, וואָס האָבען זיך גערופען פרייע, זיי האָבען אבער פארקויפט דאָס פארגניגען פון זייער שעהנקייט, זיי האָבען פארקויפט זייער פרייהייט. ניין, זיי האָבען קיין פריי־ הייט ניט געהאט. די קעניגין איז געווען א האלבע שקלאַפין. דארט, וואו עס איז ניטאָ קיין פרייהייט, איז ניטאָ קיין גליק, דאָרט בין איך אויך ניטאָ.

3.

ווידער הילכען אָפּ די ווערטער פון דיכטער. א נייער בילד בעוויזט זיך.

אן ארענע פאר'ן שלאָס. ארום איז אן אמפיטעאטער מיט א גלענצענדער מחנה צושויער. אויף דער ארענע זיינען די ריטער. אויף דער ארענע, אויפ'ן באלקאן פון שלאָס זיצט א מיידעל. ביי איהר אין האנד איז א שלייער. ווער עס וועט גובר זיין, דער באקומט דעם שלייער און א קוש איהר אין האנד. די ריטער שלאָגען זיך אויף טוידט. טאטענבורג האָט גובר געווען. „ריטער, איך ליעב אייך, ווי א שוועס־ טער. קיין אנדער ליעבע פאָדערט ניט. עס קלאַפט ניט מיין הארץ, ווען איהר קומט — עס קלאַפט ניט מיין הארץ, ווען איהר געהט אוועק". „מיין שיקזאל איז באשלאָסען", זאָגט ער און פאָהרט אפּ אין פאלעסטינא. איבער דער גאנצער קריסטליכער וועלט טראָגט זיך פארנאַנדער די גרויסקייט פון זיינע אויפטהואונגען. ער קען אבער ניט לעבען, ניט זעהענדיג די קעניגין פון זיין נשמה. ער קומט צו־ ריק, ער האָט ניט געפונען קיין שבחה אין די שלאכטען. „קלאַפּט ניט, ריטער: זי

איז אין קלויסטער". ער בויט פאַר זיך א הייזעל, פון וועמעס פענסטער ער קען איהר זעהן, ווען זי געהט אין דער פריה, ווען זי עפענט דעם פענסטער פון איהר צימערל, ניט זייענדיג אליין געזעהן פון איהר. און זיין גאנצער לעבען באשטעהט אין דעם — צו וואַרטען ביז זי וועט זיך בעווייזען ביים פענסטער, שעהן ווי די זון; ער האָט קיין אנדער לעבען ניט, ווי נאָר צו זעהן די קעניגין פון זיין נשמה; און ער האָט ניט געהאט קיין אנדער לעבען ביז דער לעבען איז אין גאַנצען ניט אויסגעטריקענט געוואָרען פון איהם; און ווען דאָס לעבען איז אין איהם פער־לאשען געוואָרען, איז ער געזעסען ביים פענסטער פון זיין שטיבעל און האָט נאָר פון איין זאך געטראַכט: צו ווען איך איהר דערזעהן?

— דאָס איז שוין גאָר, גאָר ניט וועגען מיר, זאָגט די בלאָנדע שעהנהייט. ער האָט איהר געליעבט, כל זמן ער האָט זיך ניט אָנגעריהרט אָן איהר, ווען זי איז געוואָרען זיין ווייב, איז זי זעוואָרען זיין אונטערטהאַן; זי האָט געדאַרפט ציטערן פאַר איהם; ער האָט איהר פארשלאָסען; ער האָט אויפגעהערט איהר צו ליע־בען. ער איז געגאנגען אויף יאכט, ער איז אַבגעפאָהרען אויף דער מלחמה, האָט געהולעט מיט זיינע חברים, האָט פארגוואלטיגט די פרויען פון זיינע אונטערטהאַ־נען — די ווייב איז געוועזן אוועק געוואָרפען, פארמאכט, פאַראכטעט. די פרוי, אָן וועלכע א מאנסביל האָט זיך אָנגעריהרט, האָט שוין דער מאַן מעהר ניט געלויבט. ניין, דאמאָלט בין איך ניט געוועזן. יענע קעניגין האָט מען גערופען „די ניט פאַר־פלעקטע". אָט איז זי.

א בעשיידענע, א גוטע, א צערטליכע, א שעהנע — שעהנער ווי אַסטאַרטא, שעהנער איידער אַפראָדיטא אליין, אבער א פערטראַכטע, אָן אומעטיגע, א בייג־קענדע. פאַר איהר בוקט מען זיך, איהר טראָגט מען אונטער קראַנצען פון ראָזען. זי זאָגט: „טרויעריג ביז טוידטליכער בענקשאפט איז מיין נשמה. דער שווערד האָט דורכגעשטאָכען מיין הארץ. טרויערט אויך איהר. איהר זייט אונגליקליך. די ערד איז א יאמערטהאַל".

— ניין, ניין, איך בין דעמאָלט ניט געוועזן, זאָגט די בלאָנדע שעהנהייט.

4.

„ניין, יענע קעניגינס זיינען ניט געווען עהנליך אויף מיר. זיי האלטען נאָך אלץ אן זייער הערשאפט, אבער זייערע קעניגרייכען פאלען. ווי איינע פון זיי ווערט נעבאָרען, הויבט אָן צו פאלען די הערשאפט פון דער פריהערדיגער. און אויך איך

בין געבאָרען געוואָרען נאָר דאַמאָלט, ווען עס האָט אָנגעהויבען צו פאַלען די הערשאַפט פון דער לעצטער פון זיי. און פון דער צייט אָן, וואָס איך בין געבאָרען געוואָרען האָבען זייערע קעניגרייכען גענומען פאַלען גיך, גיך און זיי האַלטען אַלץ אין פאַלען. — פון זיי האָט די נעכסטע ניט געקאָנט פאַרבייטען די פריהערדיגע און זיי זיינען פאַרבליבען צוזאַמען. איך אַבער פערבייט זיי אַלעמען און איך וועל פערבלייבען הערשען איבער דער גאַנצער וועלט. זיי האָבען אָבער געדאַרפט הער־שען פאַר מיר; אָהן זיי וואָלט מיין הערשאַפט ניט געקאָנט קומען.

„די מענשען זיינען געווען ווי בהמות. זיי האָבען אויפגעהערט צו זיין בהמות, ווען דער מאַנסביל האָט אָנגעהויבען אָבצושאַצען אין דער פרוי די שעהנ־קייט. אַבער די פרוי איז שוואַכער פאַר'ן מאַן אין כח, און די מאַנסביל'ן זיינען גע־ווען גראָב. אַלץ איז דאַמאָלט באַשלאָסען געוואָרען דורך קראַפט. דער מאַנסביל האָט צוגענומען פאַר זיך די פרוי, וועמעס שעהנקייט ער האָט אָנגעהויבען צו שאַ־צען. זי איז געוואָרען זיין אייגענטהום, זיין זאַך. דאָס איז געווען די הערשאַפט פון אַסטאַרטאַ.

ווען ער איז געוואָרען מעהר ענטוויקעלט, האָט ער אָנגעהויבען מעהר ווי פריהער שאַצען איהר שעהנקייט, און זיך גענומען בוקען פאַר איהר שעהנקייט. אַבער איהר בעוואוסטזיין איז נאָך ניט געווען ענטוויקעלט, ער האָט אין איהר גע־שאַצט נאָר איהר שעהנקייט. זי האָט געקאָנט דענקען נאָר וועגען דאָס, וואָס זי האָט פון איהם געהערט. ער האָט געזאָגט, אַז נאָר ער איז אַ מענש, אַז זי אַבער איז ניט קיין מענש, און זי האָט אין זיך געזעהן נאָר אַ שעהנע שפּיעלצייג, וואָס געהערט צו איהם — פאַר קיין מענשען האָט זי זיך ניט געהאַלטען. דאָס איז די הער־שאַפט פון אַפראָדיטאַ.

אַבער אַט האָט ביי איהר אָנגעהויבען צו ערוואַכען דאָס בעוואוסטזיין, אַז זי איז אויך אַ מענש. וואָס פאַר אַ קומער האָט איהר געדאַרפט פאַרכאַפּען, ווען עס האָט זיך ביי איהר באַוויזען זאָגאַר נאָר אַ שוואַכער געדאַנק וועגען איהר מענשלי־כער ווירדע! זי איז דאָך נאָך ניט געווען אַנערקענט פאַר קיין מענשען. דער מאַנס־ביל האָט איהר נאָך ניט געוואָלט האָבען ווי אַ פריינדין פאַר זיך, נאָר ווי זיין שקלאַפין. און זי האָט געזאָגט: איך וויל ניט זיין דיין פריינדין! דאַמאָלט האָט די בענקשאַפט נאָך איהר איהם געמאַכט זיך צו בעטען און זיך איינצאַמען, און ער האָט פאַרגעסען אַז ער האַלט איהר ניט פאַר קיין מענשען, און ער האָט איהר גע־

ליעבט די אונצוגענגליכע, די אונבעריהרבארע, אונבעפלעקטע יונג־פרוי. אָבער ווי נאָר זי האָט געגלויבט זיין ביטע, ווי נאָר ער האָט זיך אָנגעריהרט אָן איהר—איז אַך און וועה צו איהר געוועזן! זי איז געוועזן אין זיינע הענד, די הענד זיינען געוועזן שטארקער פאר איהרע הענד און ער איז געוועזן גראָב און ער האָט איהר פער־וואנדעלט אין זיין שקלאפין און האָט איהר פעראכטעט. וועה איז איהר! דאָס איז די טרויעריגע הערשאפט פון דער יונגפרוי.

„עס זיינען אבער געגאנגען יאהרהונדערטע; מיין שוועסטער, דו קענסט איהר? די, וואָס האָט זיך גענומען בעוויייזען ביי דיר פריהער פאר מיר, זי האָט אָפּגעטהאָן איהר זאך. זי איז שטענדיג געוועזן, זי איז געוועזן פריהער פאר אלע־מען, זי איז שוין געוועזן, ווי נאָר מענשען זיינען געוועזן און האָט שטענדיג געארבייט אָהן אברוה. שווער איז געוועזן איהר ארבייט, לאנגזאם — דער ערפאָלג. זי האָט אָבער געארבייט, געארבייט און עס איז געוואקסען דער ערפאָלג. דער מאנסביל איז געוואָרען פארשטענדליכער, די פרוי — קרעפטיגער, און קרעפטיגער, האָט אָנגע־הויבען זיך פיהלען אלס א מענש גלייך ווי ער — און עס איז געקומען די צייט און איך בין געבאָרען געוואָרען.

דאָס האָט פּאַסירט ניט לאנג צוריק, יאָ, גאָר ניט לאנג צוריק. ווייסטו, ווער עס האָט דער ערשטער דערפיהלט אז איך בין געבאָרען געוואָרען און האָט עס אנדערע אָנגעזאָגט? דאָס האָט רוסאָ געזאָגט אין זיין „נייע עלאָיז". אין יענעם ווערק, פון איהם האָבען די מענשען צום ערשטען מאָל דערהערט וועגען מיר.

„און פון יענער צייט אָן וואקסט מיין הערשאפט. איך בין די קעניגין נאָך ניט איבער פיעלע; עס וואקסט אבער שנעל זייער צאָהל און דו זעהסט שוין פאָר־אויס די צייט, ווען איך וועל הערשען איבער דער גאנצער ערד. נאָר דאמאָלט וועט־לען די מענשען אָנהייבען פיהלען, ווי שעהן איך בין. איצט קאָנען די, וואָס אנער־קענען מיין מאכט, זיך נאָך ניט אונטערגעבען אין גאנצען אונטער מיין ווילען. זיי זיינען ארומגערינגעלט מיט א סך פיינדליכע שטערונגען געגען מיין ווילען. דער המון וואָלט זיי צוריסען, וואָלט זיי פארגיפטעט דעם לעבען, אויב זיי וואָלטען גע־קענט און ערפילט מיין גאנצען ווילען. מיר איז אָבער נויטיג זייער גליק; איך וויל ניט קיינע ליידען און איך זאָג זיי: טהוט ניט קיין זאך, פאר וואָס מען וואָלט אייך אָנגעהויבען פייניגען; קענט מיין ווילען איצט, נאָר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל איהר קענט עס וויסען אָהן שאדען פאר זיך.

— איך אבער קען דיר ערקענען אין גאנצען ?

— יא, דו קענסט. דיין לאגע איז זעהר א גליקליכע. דו דארפסט ניט מורא האבען. דו קענסט טהאן אלץ וואס דו ווילסט. און אויב דו וועסט קענען מיין גאנצען ווילען, וועט מיין ווילען ניט פערלאנגען קיין זאך וואס איז שעדליך פאר דיר: דו דארפסט ניט פערלאנגען און דו וועסט ניט פערלאנגען קיין זאך, פאר וואס די מענשען וואס קענען מיר ניט זאלען דיר פייניגען. דו ביזט איצט אין גאנצען צופריעדען מיט דעם, וואס דו האסט; וועגען קיין אנדער זאך און וועגען קיין אנדער מענשען טראכסטו ניט און דו וועסט ניט טראכטען. איך קען זיך ענט־פלעקען פאר דיר אין גאנצען.

— רוף זשע אן דיין נאמען. דו האסט מיר אנגערופען די נעמען פון די פריהערדיגע קעניגינס, דיין נאמען האסטו מיר נאך קיין מאל ניט געזאגט.

— דו ווילסט, איך זאל דיר זאגען מיין נאמען? קוק אויף מיר, הער זיך צו צו מיר.

5.

— קוקס אויף מיר, הער זיך צו צו מיר. דערקענסטו מיין שטים? דערקענסטו מיין געזיכט? האסטו געזעהן מיין געזיכט? —

יא, זי האט נאך ניט געזעהן איהר געזיכט, אין גאנצען ניט געזעהן. פאר וואס זשע האט זיך איהר אויסגעוויזען אז זי האט איהר געזעהן? אט איז שוין א יאהר, ווי זי רעדט מיט איהר, פון דער צייט אן, וואס ער קוקט אויף איהר, קושט איהר, און זי זעהט איהר אזוי אפט, אט די בלאנדע שעהנהייט, און די שעהנהייט בעהאלט זיך ניט פון איהר, ווי זי בעהאלט זיך ניט פון איהם, זי בעווייזט זיך אין גאנצען צו איהר.

— ניין, איך האב דיר ניט געזעהן, און האב דיין געזיכט ניט געזעהן, דו האסט זיך באוויזען פאר מיר, איך האב דיר געזעהן, אבער דו ביזט ארומגערינגעלט מיט א שיין, איך האב דיר ניט געקאנט זעהן, איך האב נאר געזעהן, אז דו ביזט שעהנער פאר אלעמען. דיין שטים, איך הער איהר, איך הער אבער נאר, אז דיין שטים איז שעהנער פאר אלעמענס.

— קוק זשע, פאר דיר מאך איך אויף א מינוט קלענער דעם שיין פון מיין גלאנץ, און מיין שטים זאל פאר דיר אבקלינגען אין דער מינוט אהן בעצויבערונג, וועלכע איך גיב איהר שטענדיג צו; אויף א מינוט הער איך אויף צו זיין א קעניגין

פאר דיר. האָסטו געזעהן, האָסטו געהערט? האָסטו דערקענט? געננג, איך בין שוין ווידער די קעניגין, און שוין אויף אייביג די קעניגין. —

זי איז ווידער ארומגערינגעלט מיט'ן גלאַנץ פון איהר שיין און ווידער איז איהר שטים דערקוויקענדיג אָהן א שעור. אבער אויף א מינוט, ווען זי האָט אויפ־געהערט זיין א קעניגין, אום צו לאָזען זיך דערקענען, צי דען איז אזוי? צי דען האָט ווערא פּאוולאָוונא געזעהן אָט דאָס געזיכט און געהערט אָט די שטים?

— יא, זאָגט די קעניגין — דו האָסט געוואָלט וויסען, ווער איך בין, און דו האָסט זיך דערוואוסט. דו האָסט געוואָלט וויסען מיין נאָמען, איך האָב קיין נאָמען ניט אנדערש ווי דער צו וועמען איך קום; מיין נאָמען איז איהר נאָמען; דו האָסט געזעהן ווער איך בין. עס איז ניטאָ קיין זאך העכער פאר'ן מענשען, עס איז ניטאָ קיין זאך העכער פאר דער פרוי. איך בין די, ווי איך וויז זיך, וואָס ליעבט און איז געליעבט.

יא, ווערא פּאוולאָוונא האָט געזעהן: דאָס איז זי אליין, זי אליין, נאָר א געט־טין. דאָס געזיכט פון דער געטין איז איהר געזיכט, דאָס איז איהר לעבעדיג געזיכט, וואָס איז אזוי ווייט פון פאלענדונג, פיעל שעהנערע געזיכטער פון וועלכע זי זעהט טאָג־טעגליך; דאָס איז איהר געזיכט, בעלויכטען מיט דעם גלאַנץ פון ליע־בע, שענער פאר אלע אידעאלען, וואָס זיינען אונז איבערגעלאָזען בירושה פון די סקולפּטאָרען פון אלטערהום און די גרויסע מאלערס פון דעם גרויסען דור פון מאַ־לעריי; יא, דאָס איז זי אליין, נאָר באלויכטען מיט דעם שיין פון ליעבע, זי, כאָטש אפילו אין פּעטערבורג, וואָס איז אזוי אָרים אין שעהנהייטען, זיינען דאָ הונדערטע געזיכטער שעהנער ווי איהרע, זי איז אבער דאך שעהנער ווי די אפראָדיטא פון לאובר, שעהנער ווי די גרעסטע ביז איצט בעקאנטע שעהנהייטען.

— דו זעהסט זיך אין שפּיעגעל אזא, ווי דו ביזט אליין אָהן מיר. און מיר זעהסטו זיך אזא, ווי עס זעהט דיר דער, וואָס ליעבט דיר. פאר איהם גים איך זיך צוזאמען מיט דיר. פאר איהם איז ניטאָ קיינער שעהנער פאר דיר; פאר איהם ווערן אלע אידעאלען פארטונקעלט אין פערגלייך מיט דיר. איז עס אזוי?

— יא, אָ, יא!

6.

— איצט ווייסטו שוין, ווער איך בין; דערוויס זיך, וואָס איך בין...

„אין מיר איז די דערקוויקונג מיט דעם געפיהל, וואָס איז געווען אין אס־

טארטא, די מוטער פון אלע אנדערע קעניגינס, וואס האבן איהר פארביטען. אין מיר איז די ענטציקונג ביי דעם אנבליק פון שעהנקייט, וואס איז געווען אין אפראדיטא. אין מיר איז די פארעהרונג פון דער ריינקייט, וואס איז געווען אין דער „אונבעפלעקטער".

אבער אין מיר איז דאס אלץ ניט אזוי, ווי עס איז געווען אין זיי, נאר פולער, העכער, שטארקער. דאס וואס איז געווען אין דער „אונבעפלעקטער" פאראייניגט זיך ביי מיר מיט דעם, וואס איז געווען ביי אסטארטא, וואס איז געווען ביי אפראדיטא. און זיך פעראייניגענדיג ביי מיר מיט אנדערע כחות, ווערט יעדע איינע פון די כחות מעכטיגער און בעסער פון דעם בונד. אבער מעהר, נאך פיעל מעהר מאכט און פראכט ווערט צוגעגעבען צו יעדען איינעם פון די כחות דורך דאס נייע, וואס איז דא אין מיר, און וואס איז ניט געווען אין קיינע פון די פריהערדיגע קעניגינס. אט דאס נייע אין מיר, דורך וואס איך צייכען זיך אויס געגען אלע פריהערדיגע איז די גלייכבערעכטיגונג פון די ליעבענדע, די גלייכע בעציהונג צווישען זיי, ווי צווישען מענשען. און פון אט דאס נייע אליין איז אלץ אין מיר פיעל, פיעל שעהנער, איידער עס איז געווען אין זיי.

„ווען דער מאנסביל אנערקענט די גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי מיט זיך, ענטזאגט ער זיך פון בליק אויף איהר, ווי אויף א זאך, וואס געהערט צו איהם. דאמאלט ליעבט זי איהם, ווי ער ליעבט זי, נאר דערפאר, ווייל זי וויל ליעבען; אויב אבער זי וויל ניט, האט ער ניט קיין רעכט איבער איהר און זי ניט איבער איהם. דערפאר איז אין מיר די פרייהייט.

„פון גלייכבערעכטיגונג און פרייהייט באקומט אויך דאס אין מיר, וואס איז אויך געווען אין די פריהערדיגע קעניגינס, א נייעם כאראקטער, א העכערען רייץ, פון וועלכע מען האט ניט געוואוסט ביז מיר, און פערגלייך מיט וועלכע עס איז גאר נישטא קיין זאך, וואס מען האט געוואוסט ביז מיר.

„ביז מיר האט מען ניט געוואוסט ווי צו געניסען דעם געפיהל פול, ווארום אהן די פרייע תשוקה פוןביידע ליעבענדע האט קיין איינער פון זיי ניט קיין ליכטיגע בערוישונג. ביז מיר האט מען ניט געוואוסט פון קיין פולען פארגניגען און בעטראכטונג פון שעהנקייט, ווארום אויב שעהנקייט עפענט זיך ניט דורך א פרייע תשוקה, איז ניטא קיין ליכטיגע בארוישונג אין איהר בעטראכטונג. אהן פרייע

תשוקה איז אי דאָס פאַרגניגען, אי די ענטציקונג כמורנע אין פערגלייך מיט דעם, ווי זיי זיינען ביי מיר.

„מיין אונבעפלעקטקייט איז ריינער ווי די אונבעפלעקטקייט, וואָס האָט נאָר גערעדט וועגען די ריינקייט פון גוף: ביי מיר איז דאָ אויך די ריינקייט פון האַרצען. איך בין פריי, ווייל איך נאַר ניט, איך פאַרשטעל זיך ניט: איך וועל ניט זאָגען אַ וואָרט, וואָס איך פיהל ניט, איך וועל ניט געבען קיין קוש, אין וועלכען עס איז ניטאָ קיין סימפּאַטיע.

„אָבער דאָס, וואָס איז נֵיי אין מיר, וואָס עס גיט צו אַ העכערן רייץ צו דעם, וואָס איז געווען אין די פריהערדיגע קעניגינס אויך, איז פאַר זיך אַליין אויך רייצענד ביי מיר און דער רייץ איז העכער פאַר אַלץ. אַ האַרר פיהלט זיך געשטערט פון דיענער, דער דיענער — פון האַררן; נור מיט גלייכע מענשען צו זיך פיהלט זיך אַ מענש אין גאַנצען פריי. מיט אַ ניעדעריגערן איז לאַנגווייליג, נאָר מיט אַ גלייכען איז אַ פולע היימליכקייט. אָט פאַר וואָס ביז מיר האָט דער מאַנסביל אויך ניט געוואוסט קיין פולען גליק פון ליבע; דאָס וואָס ער האָט געפיהלט ביז מיר האָט זיך ניט געלוינט גערופען צו ווערען גליק, דאָס איז געווען נאָר שכרות אויף אַ קורצע ווייל. און די פרוי, ווי בעדויערנסווערטה איז די פרוי געווען ביז מיר! זי איז דאַמאָלט געווען אַן אונטערטהעניגע, פאַרשקלאַפטע פערזאָן; זי איז געווען אין איין שרעק, זי האָט ביז מיר גאַנץ ווייניג געוואוסט, וואָס עס הייסט אַזוינס ליעבע; דאָרט וואו עס איז מורא, איז ניטאָ קיין ליעבע...

„דערפאַר אויב דו ווילסט דורך איין וואָרט אויסדריקען, וואָס איך בין, ווייס אַז דאָס וואָרט איז — גלייכבערעכטיגונג. אָהן דעם זיינען דער גענוס מיט'ן קערפּער, די ענטציקונג מיט דער שעהנקייט לאַנגווייליג, טרויעריג און עקעלהאַפט; אָהן דעם איז ניטאָ קיין ריינקייט פון האַרצען, נאָר אַ נאַרעריי מיט דער ריינקייט פון קערפּער. פון אָט דעם, פון דער גלייכהייט קומט ביי מיר אויך די פרייהייט, אָהן וועלכע איך בין ניטאָ.

„איך האָב דיר געזאָגט אַלץ, וואָס דו קענסט זאָגען אַנדערע, אַלץ וואָס איך בין איצט. אָבער מיין קעניגרייך איז איצט נאָך קליין, איך דאַרף נאָך אָבהיטען מיינע פון פאַרלוימדונג מצד פון די וואָס קענען מיר ניט, איך קען נאָך ניט אַרויסזאָגען מיין גאַנצען ווילען פאַר אַלעמען. איך וועל עס זאָגען אַלעמען, ווען מיין קעניגרייך וועט זיין אויסגעשפּרייט צווישען אַלע מענשען, ווען אַלע מענשען וועלען

זיין שעהן אין קערפּער און ריין אין הארצען, דאמאָלט וועל איך זיי ענטפּלעקען מיין גאַנצע שעהנקייט. דו אבער און דיין שיקזאַל זיינען באַזונדער גליקליך: דיר וועל איך ניט פארשעמען, דיר וועל איך ניט שאַדען, זאָגענדיג וואָס איך וועל זיין בעת ניט פיעלע, ווי איצט, נאָר אַלע וועלען זיין ווערטה מיר אַנצוּוערקענען פאַר זייער קעניגין. דיר אַליין וועל איך זאָגען די סודות פון מיין צוקונפט. שווער, אַז דו וועסט שווייגען און הער.

7.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

8.

— אָ, מיין ליעבע, איצט ווייס איך דיין גאַנצען ווילען: איך ווייס, אַז עס וועט זיין אַזוי. אבער ווי וועט עס זיין? ווי וועלען די מענשען דאַמאָלט לעבען?

— דאָס קען איך אַליין דיר ניט דערצעהלען. פאַר דעם איז מיר נויטיג די הילף פון מיין עלטערער שוועסטער. — פון יענער, וואָס קומט שוין זייט לאַנג צו דיר. זי איז מיין הערשערין און דיענערין. איך קען זיין נאָר דאָס, וואָס זי מאַכט פון מיר; זי אַרבייט אבער פאַר מיר. — שוועסטער, קום צו הילף! —

עס בעווייזט זיך די שוועסטער פון איהרע שוועסטער, די כלה פון איהרע חתנים. — גוט מאָרגען, שוועסטער, זאָגט זי צו דער קעניגין — דאָ ביזטו אויך שוועסטער? זאָגט זי צו ווערא פּאַוולאָוונא — דו ווילסט זעהן, ווי די מענשען וועלען לעבען, ווען די קעניגין, מיין שילערין, וועט הערשען איבער אַלעמען!

— קוק.—

אַ געביידע, אַ גרויסע, גרויסע געביידע, אַזאַ ווי מיר געפינען איצט נאָר צו גאַנץ ווייניגע אין יעדער הויפּטשטאָדט — אבער, ניין, איצט איז קיינע אַזאַ ניטאָ! זי שטעהט צווישען פעלדער און לאָנקעס, גאַרטענס און וועלדלאַך. די פעלדער — דאָס איז אונזער תבואה, אבער ניט אַזוי ווי ביי אונז, נאָר געדיכטע, געדיכטע, פולע, פולע. צי דען איז דאָס ווייץ? ווער האָט געזעהן אַזוינע זאַנגען? ווער האָט געזעהן אַזוינע קערנער? נור אין אָראַנזשערייען וואָלט מען איצט געקאָנט לאָזען אויפ־וואַקסען אַזוינע זאַנגען מיט אַזוינע קערנער. די פעלדער, דאָס זיינען אונזערע פעל־דער: אבער אַזוינע בלומען זעהט מען איצט נאָר אין די בלומענגערטנער. די גאַר־

טענס, ציטראנעז און אפעליסינען־בוימער, פערסיקעס און אבריקאסען — ווי זשע וואקסען זיי אויפ׳ן פרייען לופט? יא, דאס זיינען זיילען ארום זיי, דאס זיינען זיי אפען פאר זומער; יא, דאס זיינען אראנזשערייעס, וואס עפענען זיך אויף זומער. די וועלדלאך—דאס זיינען אונזערע וועלדלאך: דעמבע און ליפע און קלען און וויאז — דיזעלבע וועלדלאך ווי איצט; זיי ווערן מיט גרויס זארג געפלעגט; עס איז נימא דארט קיין איין קראנקער בוים, אבער די וועלדלאך זיינען דיזעלבע — נאר זיי זיינען געבליעבען דיזעלבע ווי איצט. אבער די געביידע — וואס איז עס, וואס פאר א זארט ארכיטעקטור איז עס? איצט איז אזאניטא: ניין, עס איז שוין דא איין אנצוהערעניש אויף דעם — דער פאלאטץ, וואס שטעהט אויף דעם סאדענהיימער בערגל: טשוגון און גלאז, טשוגון און גלאז — און דאס אלץ. ניין, ניט נאר דאס: דאס איז נאר די שאלאכץ פון דער געביידע, דאס זיינען איהרע אויסערליכע וועגד: דארט אבער, אינעווייניג איז שוין אן אמת׳ע הויז, א געוואלטיג גרויסע הויז: זי איז באדעקט מיט דער טשוגון־קריסטאלענער געביידע, ווי מיט ציערונג־קעסטל: זי בילדעט ארום דער הויז ברייטע גאלערעס אויף אלע עטאזשען. וואס פאר א לייכטע ארכיטעקטור פון דער אינערליכער הויז, וואס פאר א קליינע וועגטלאך צווי־שען די פענסטער, און די פענסטער אזוינע גרויסע, ברייטע, אין די גאנצע הויך פון די עטאזשען! די שטיינערנע וועגד — זיינען ווי א רייהע שפארעס, וואס זיי־נען נאר ראהמען פאר די פענסטער, וואס געהן ארויס אויף דער גאלערעע. אבער וואס פאר׳ע דיעלען און שאפיטען זיינען עס? פון וואס זיינען די טהירען און ראהמען פון די פענסטער געמאכט? וואס איז דאס אזוינס? זילבער? פלאטין? די מעבעל איז כמעט אזא — מעבעל פון האלץ איז דא נאר א קאפריז, דאס איז נאר צוליעב פארשיידענקייט, אבער פון וואס איז די איבעריגע מעבעל, די דיעלען, דער שאפיט געמאכט? „פרוביר א ריהר טהאן דעם שטול“, זאגט די עלטערע קעניגין. אט די מעטאלענע מעבעל איז גרינגער ווי אונזערע פון ניסהאלץ. וואס איז עס פאר א מעטאל? יא, איך ווייס איצט, סאשא האט מיר געוויזען אזא ברעטעל, זי איז געוועזן לייכט ווי גלאז, איצט זיינען שוין דא אזוינע אויריינגלעך, בראשעס; יא, סאשא האט געזאגט, אז פריהער אדער שפעטער וועט אלומיניום פערבייטען האלץ, פיליייכט אויך שטיין. אבער ווי רייך דאס אלץ איז! איבעראל אלומיניום, אלומי־ניום, און דער גאנצער שטח צווישען די פענסטער איז פארהאנגען מיט גרויסע שפיגלען. און וואס פאר קאוויארען אויף די דיעלען! אט אין דעם זאל איז א האל־

בער דיעל אָפען, דאָ זעהט מען, אז עס איז אלומיניום. „דו זעהסט, דאָ איז עס ניט גלאַנציג, כדי עס זאָל ניט זיין צו גליציג — דאָ שפּיעלען זיך די קינדער, און צוזאַמען מיט זיי, אויך די גרויסע; אָט אין דעם זאָל זיינען די דיעלען אויך אָהן קאָוויאָרען — צום טאַנצען". און איבעראַל דרום־פרוכט און בלומען; די גאַנצע הויז איז א גרויסער ווינטערגאַרטען.

אָבער ווער וואָהנט עס אין דער הויז, וואס איז פּרעכטיגער ווי פּאַלאַצען? „דאָ וואָהנען פיעלע, זעהר פיעלע; געה, מיר וועלען זיי זעהן. זיי געהן אויפ'ן באַלקאָן וואָס טרעט ארויס פון אויבערשטען עטאַזש פון דער גאַלערעיע. ווי אַזוי האָט עס .ווערא פאַוולאָוונא פריהער ניט באמערקט? איבער די פעלדער זיינען צושפּרייט קופּעס מענשען; איבעראַל זיינען דאָ מענער און פרויען, אַלטע, יונגע און קינדער צוזאַמען. עס זייענן אָבער דאָ מעהר יונגע: אַלטע לייט זיינען דא ווייניג, אַלטע פרויען — נאָך ווייניגער, קינדער מעהר ווי אַלטע, אָבער פאָרט ניט זעהר פיעל. מעהר ווי העלפט קינדער זיינען געבליבען אין דער היים זיך באשעפטיגען מיט דער בעל־הבית'ישקייט: זיי טהוען כמעט אַלץ אין דער בעל־הבתישקייט, זיי ליעבען עס זעהר. מיט זיי פערבלייבען עטליכע אַלטע. און אַלטע לייט און אַלטע פרויען זיינען דאָ גאַנץ ווייניג, ווייל דאָ ווערט מען גאַנץ שפּעט אַלט, דאָ איז א געזונטער, רוהיגער לעבען, צוליעב דעם בלייבט מען לאַנג פריש". די גרופּעס וואס ארבייטען אויף די פעלדער זינגען כמעט אלע; אָבער מיט וואס פאַר אַן ארבייט זיינען זיי באַשעפטיגט? יאַ, דאָס שניידען זיי די תבואה. אבער ווי שנעל עס געהט דאָס ביי זיי די ארבייט. און ווי זאָל זי ניט געהן שנעל, און ווי זאָלען זיי ניט זינגען! כמעט אַלץ טהוען פאַר זיי די מאַשינען — זיי שניידען און בינדען די זאַנגען און פיהרען זיי אָפּ. די מענשען געהן כעמט נאָר ארום, פאַהרען ארום, רעגולירען די מאַשינען; און ווי בעקוועם זיי האָבען דאָס איינגעאָרדענט; דער טאָג איז א הייסער, אבער דאָס אַרט זיי ניט: איבער יענעם טהייל פון פעלד, וואו זיי ארבייטען איז אויסגעצויגען א גרויסער פאַרהאַנג; די ארבייט באַוועגט זיך, באַוועגט זיך אויך דער פאַרהאַנג — אָט ווי זיי האָבען זיך געמאַכט קיהלקייט! ווי אַזוי זאָלען זיי ניט ארבייטען שנעל און היימליך, ווי אַזוי זאָלען זיי ניט זינגען! אַזוי וואָלט איך אויך גענומען לעבען! און אַלץ ליעדער, אַלץ ליעדער, ניט קיין בעקאַנטע, נייע; אָט האָט מען זיך דערמאָנט אויך אַן אונזער ליעד; איך קען איהר.

מיר וועלען לעבען מיט דיר ווי פּריצים,

די מענשען זיינען אונזערע פריינד —
וואָס דיין הארץ געלוסט,
וועל איך מיט זיי זיין...

און אַט איז די ארבייט געענדיגט, אלע געהן צו דער געביידע. זאָלען מיר ווידער אריין אין זאַל, זאָלען מיר זעהן, ווי זיי וועלען עסען מיטאג, זאָגט די עלטערע שוועסטער. זיי געהן אריין אין גרעשטען פון די גרויסע זאַלען. א העלפּט פון איהם איז פארנומען מיט טישען — די טישען זיינען שוין געדעקט — וויפיעל זיי־נען פארהאן? וויפיעל וועלען זשע דאָ עסען? יא, א מאן טויזענד אָדער מעהר. „דאָ זיינען ניט אלע; ווער עס וויל עסט ביי זיך, באזונדער". יענע אלטע מענער און פרויען און קינדער, וואס זיינען אין פעלד ניט געגאנגען האָבען דאָס אלץ צוגעגרייט: „קאָכען עסען, זיך באשעפטיגען מיט דער בעל הבתישקייט, צוקלייבען אין די צימערן, דאָס אלץ איז א צו לייכטע ארבייט פאר אנדערע הענד — זאָגט די עלטערע שוועסטער — דערמיט דארפען זיך באשעפטיגען, וואָס קענען נאָך ניט, אָדער וואָס קענען שוין ניט טהון עפּעס וואס אנדערש". פּרעכטיגע געשיר. אלץ אלומיניום און קריסטאל: איבער דעם גאנצען מיטען פון די ברייטע טישען זיינען פארנאנדערגעשטעלט וואזעס מיט בלומען, די געריכטען זיינען שוין דערלאנגט צום טיש, עס זיינען אריין די ארבייטער, אלע זעצען זיך עסען: אי זיי, אי די וואָס האָבען דעם מיטאג פארבערייט. און ווער וועט באדיענען? ווען? אין צייט פון עסען? צו וואָס? אין גאנצען איז דאָך נאָר פינף — זעקס געריכטען: די וואָס דארפען זיין הייס, זיינען אוועקגעשטעלט אויף אזוינע ערטער, וואו זיי וועלען ניט ווערען קאלט, זעהסטו אַט דאָ שטעהן קעסטלאך מיט קאָכיגע וואסער. זאָגט די עלטערע שוועסטער. „דו לעבסט גוט, דו האָסט האָלט גוט אבצועסען, האָסטו אפט אזוינע מיטאגעסענס?" — עטליכע מאָל א יאָהר. ביי זיי איז דער געוועהנליכער מיטאגעסען; ווער עס וויל, דער האָט בעסערס, וואס ער וויל, נאָר אויף א בעזונדערן חשבון; און דער וואס פאדערט ניט קיין באזונדערס פון דעם, וואָס ווערט געמאכט פאר אלעמען, דעם רעכענט מען גאר ניט. און אלץ איז אזוי: דאָס וואָס לויט די מיטלען פון דער גאנצער חברא קענען אלע האָבען, וועגען דעם רעכענט מען זיך ניט; פאר יעדע באזונדערע זאך, אָדער קאפּריז — א חשבון".

— צי דען זיינען מיר עס? צי דען איז עס אונזער לאנד? איך האָב געהערט אונזער ליעד, זיי ריידען אויף רוסיש. „יא, דו זעהסט ניט ווייט פון דאנען

א טייך, דאָס איז די אָקאַ: די מענשען, דאָס זיינען מיר, מיט דיר, בין איך דאָך א רוסישע!" און דו האסט דאָס אלץ אויפגעטהאָן? „דאָס אלץ איז אויפגעטהאָן פאַר מיר, און איך האָב זיי בעגייסטערט דאָס צו טהאָן, איך בעגייסטער זיי עס צו מאַכען פאָלקאָמענער, אבער טהאָן טהוט עס אָט זי, מיין עלטערע שוועסטער, זי איז אַן ארבייטערקע, איך אבער גענים נאָר". — און אלע וועלען אזוי לעבען? „אלע", ענטפערט די עלטערע שוועסטער, — „פאַר אלעמען איז אַן אייביגער פריהלינג און זומער, אייביגע פרייד. אבער מיר האָבען דיר געוויזען נאָר דעם סוף פון מיינעם א האלבען טאָג: די ארבייט אין דעם אָנפאַנג פון דעם האלבען טאָג — מיר וועלען נאָך א קוק טהאָן אויף זיי אבענדס, אין צוויי חדשים ארום.

9.

די בלומען זיינען פארוועלקט; די בלעטער הויבען אָן ארונטערצופאלען פון די בוימער; דאָס בילד ווערט אומעטיג. „זעהסטו, עס וואלט געווען אומעטיג אויף דעם צו קוקען, דאָ וואָלט געווען אומעטיג צו לעבען" זאָגט די איינגערע שוועסטער „איך וויל ניט אזוי. די זאָלען זיינען פוסט, אויף די פעלדער און אין די גערטנער איז אויך קיינער ניטאָ", זאָגט די עלטערע שוועסטער. — דאָס האָב איך איינגעאָרדענט לויט דעם ווילען פון מיין שוועסטער, דער קעניגין". — צי דען איז דער פאַלאַטץ אין אמת'ען פוסט? „דאָ איז דאָך קאלט און נאַס, צו וואָס זאָל מען דאָ זיין?" פון 2000 מענשען זיינען דאָ געבליעבען נאָר 10 — 20, וועמען עס האָט זיך פארוואלט פערבלייבען. דאָ, כדי אין איינזאַמקייט זיך צוצוקוקען צום צפונדיגען הערבסט. אין איניגע צייט ארום, צו ווינטער וועט מען זיך דאָ האלטען אין איין בייטען: עס וועלען קומען קליינע קאָמפּאַניעס פון ליעבהאָבער פון ווינטערדיגע שפאַצירען כדי דאָ צו פאַרברייגנען עטליכע טעג אויפ'ן ווינטערדיגען שטייגער.

— אָבער וואו זיינען זיי איצט? יאָ, איבעראל, וואו עס איז ווארים און גוט — זאָגט די עלטערע שוועסטער. אויף זומער, ווען דאָ איז דאָ פיעל ארבייט און עס איז גוט, קומען צו פאָהרען פיעל געסט פון דרום: מיר זיינען געווען אין דער הויז, וואו די גאנצע קאָמפּאַניע איז באשטאַנען פון אייערע אליין; אָבער עס זיינען דאָ פיעל הייזער, וואָס זיינען געבויט פאַר געסט: אין אנדערע זיינען די בעלי בתים און די געסט פון פערשיעדענע נאַציאָנען זיך משמח צוזאמען. ווי

ווען געפעלט, אזא קאמפאניע קלייבט ער אן. אבער אננעהמענדיג זומער א סך געסט, ארויסהעלפער אין דער ארבייט, פאהרען מיר אליין אוועק אויף די 7—8 שלעכטע חדשים פון יאהר אין די געגענדען, וואו עס איז ווארעמער אנגענעהמער. עס איז אבער דא אויך ביי אייך אין דרום־זאן א בעזונדערער געגענד, וואו די גרויסע מאסע אייערע פאהרט אוועק. די געגענד הייסט טאקי אזוי: „ניי רוס־לאנד". איז עס, אדעס, כערסאן? „דאס איז אין דיין צייט געווען; איצט קוק, וואו ניי־רוסלאנד איז".

בערג, באזעצט מיט גארטענס; צווישען די בערג — שמאלע טאלען און גלייכע געגענדען. „אט די בערג זיינען פריהער געווען נאקעטע פעלזען, זאגט די עלטערע שוועסטער. איצט זיינען זיי באדעקט מיט א דיקען שיכט פון ערד און אויף זיי צווישען די פרוכט־ביימער וואקסען וועלדלאך פון די העכסטע מינים ביימער: אונטען, אין די נאסע גראבענס, וואקסען קאווע־ביימער; העכער קומען טייטעל־פאלמען, פייגענביימער; וויינגערטנער זיינען דורכגעמישט מיט פלאנטאציעס פון צוקער־רעהרען; אויף די פעלדער איז דא אויך ווייץ, אבער מעהר — רייז". וואס איז עס פאר א לאנד? „זאלען מיר זיך אויפהויבען אויף א מינוט העכער, דו וועסט זעהן איהרע גרענעצען". אויף דעם ווייטען צפון־מזרח האבען זיך געזעהן צוויי טייכען, וועלכע גיסען זיך צוזאמען גלייך צו מזרח זייט פון דעם ארט, פון וואנעט ווערא פאוולאוונא קוקט; ווייטער צו דרום, אלץ אין דער זעלבער דרום־מזרח ריכטונג, געהט א לאנגער און א ברייטער ים־בוזים; צו דרום ווייט ציהט זיך לאנד, ווערענדיג אלץ ברייטער און ברייטער צווישען דעם בוזעם און דעם לאנגען שמאלען בוזים, וואס בילדעט זיין מעריב גרענעץ. צווישען דעם מעריב־דיגען שמאלען בוזים און דעם ים, וואס ליעגט זעהר ווייט אויף דרום־מעריב איז א שמאלער פאס לאנד—. אבער מיר זיינען דאך אין מיטען פון א וויסטעניש? זאגט די פארוואונדערטע ווערא פאוולאוונא. „איצט אבער, ווי דו זעהסט, איז דער גאנצער שטח פון צפון אן, פון יענעם גרויסען טייך אויף צפון מזרח, שוין פערוואנדעלט אין די רייכסטע ערד, אין אזא ערד, ווי עס איז אמאל געווען און ווי עס איז איצט געווארען דער פאס פון ים צום צפון זייט און וועגען וועלכע מען האט אין די אלטע צייטען געזאגט, אז „זי רינט מיט מילך און האניג". מיר זיינען ניט זעהר ווייט, דו זעהסט דאך, דעם דרום־גרענעץ פון דעם בעארבייטען שטח, די בערגיגע זייט פון האלב־אינזעל איז נאך פארבליבען א זאמדיגע, פרוכטלאזע סטעפע, ווי עס

איז געווען אין יענער צייט דער גאנצער האלב־אינזעל; מיט יעדען יאהר רוקען די מענשען, איהר רוסען, אפּ דעם גרענעץ פון דער וויסטעניש צו דרום צו. אנדערע ארבייטען אין אנדערע לענדער: פאר אלעמען איז דא גענוג פלאץ און גענוג אר־בייט און פרייהייט און מיט'ן פולען האנד. יא, פון דעם גרויסען צפון־מזרח טייך וועט דער גאנצער שטח צו דרום צו פון האלבען האלב־אינזעל גרין ווערן און בלי־הען." איבער דעם גאנצען שטח שטעהן, ווי אין צפון, ריעזיגע געביידעס, דריי — פיער וויארסט אייגע פון די אנדערע, אזוי ווי אהן א צאהל שאכמאט פיגורען אויף א גראנדיעזער שאך־ברעט. „זאלען מיר זיך אראפּלאזען צו איינער פון זיי", זאגט די עלטעסטע שוועסטער.

נאך אזא קריסטאלענע, געוואלטיג גרויסע הויז, נאר מיט ווייסע זיילען. „דער־פאר זיינען די זיילען פון אלומיניום, זאגט די עלטערע שוועסטער, ווייל דא איז דאך זעהר ווארים, דאס ווייסע ווערט ווייניגער אנגעהיצט אויפ'ן זונן; עס איז אביסעל טייערער ווי טשוגון, אבער דא איז עס בעקוועמער". אבער אט וואס זיי האבען נאך צוגעטראכט. אויף א ווייטער שטרעקע, ארום דעם קריסטאלענעם פאלאטץ, געהן רייהען פון דינע, זעהר הויכע שלופּעס, און אויף זיי, הויך איבער דעם פאלאטץ, איבער'ן גאנצען הויף און א האלב וויארסט ארום, איז אויסגע־שפּרייט א ווייסער פארהאנג. „ער ווערט שטענדיג באשפּריצט מיט וואסער — זאגט די עלטערע שוועסטער — זעהסטו ווי פון יעדער זייל הייבט זיך אויף הע־כער פאר'ן פארהאנג א קלייגער פאנטאן, וואס גיסט זיך פארנאנדער ווי א רעגען, דערפאר איז דא קיהל צו וואהנען; דו זעהסט, זיי ענדערן די טעמפּעראטור ווי מען וויל" — און ווען עס געפעלט היץ און די העלע היגע זון? — „דו זעהסט, ווייטער זיינען דא פאווילאנען און געצעלטען. יעדער קען לעבען ווי ער וויל; דערצו פיהר איך און ארבייט נאר אלץ פאר דעם". — הייסט, אז עס זיינען געבליעבען אויך די שטעדט פאר יענע, וועמען עס געפעלט צו לעבען אין שטעדט? — „אזויגע מענשען זיינען דא ניט פיעל; שטעדט זיינען פארבליעבען ווייניגער ווי פריהער— כמעט נאר פאר דעם איין צוועק, אז זיי זאלען זיין די מיטעלפּונקטען פון די בעצי־הונגען און פאר דאס טראנספּארטירען פון סחורות, ביי די בעסטע האפענס און ביי די אנדערע הויפּטפּונקטען פון פארקעהר; אבער די אלע שטעדט זיינען גרעסער און פּרעכטיגער פאר די פריהערדיגע. אלע פאהרען אהין אויף עטליכע טעג צוליעב אבוועקסלונג; דער גרעסטער טהייל פון די איינוואהנער בייט זיך שטענ־

דיג און פאַרבלייבט דאָרט צוליעב ארבייט ניט אויף לאַנג". — אָבער ווי איז מיט די, וואָס ווילען שטענדיג דאָרט וואָהנען? — „זיי וואָהנען, אַזוי ווי איהר וואָהנט אין אייערע פּעטערבורגס, אין אייערע פּאַריזשען און לאָנדאָנס — ווען אַרט עס? ווער וועט עס געהן שטערן? יעדער קען זיך לעבען ווי ער וויל; אָבער דער ווייט גרעסטער טהייל, 99 פון יעדע 100, לעבען אַזוי ווי איך און די שוועסטער ווייזען דיר, ווייל דאָס איז אַנגענעהמער און נוצליכער. אבער געה שוין אריין אין פּאַלאַטץ, עס איז שוין גענוג שפּעט, שוין צייט זיך איינצוקוקען אויף זיי".

— אָבער פריהער וויל איך דאָך וויסען, ווי אַזוי איז עס געמאַכט געוואָרען? — „וואָס?" — ווי אַזוי איז פון פאַרטריקענטע וויסטעניש געוואָרען די פרוכטבאַרסטע לאַנד, וואו מיר אַלע פאַרברייננגען צוויי דריטעל פון יאָהר. „ווי אַזוי דאָס איז געוואָרען? וואָס איז דאָס פאַר א וואונדער? דאָס איז דאָך געוואָרען ניט אין איין יאָהר און ניט אין צעהן יאָהר, נאָר בּיסלאַכווייז איז עס געגאַנגען פאָרווערטס. פון צפון־מזרח, פון די ברעגעס פון גרויסען טייך, פון צפון־מעריב, פון די ברעגעס פון גרויסען ים — זיי האָבען א סך אַזוינע שטאַרקע מאַשינעס — האָט מען געפיהרט ליים; דער ליים האָט צוזאַמענגעבונדען דעם זאַמד; מען האָט דורכגעפיהרט קאַנאַלען, בּעוואַסערונג; עס האָט זיך באַוויזען גרינס, עס האָט זיך באַוויזען מעהר נאַסקייט אין לופט; מען איז געגאַנגען ווייטער טריט נאָך טריט, צו עטליכע ווערסט, אָפט צו איין ווערסט א יאָהר, אַזוי ווי מען געהט איצט אַלץ ווייטער צו דרום; וואָס איז דאָ פאַר אַזא גרויס וואונדער? זיי זיינען נאָר אַליין געוואָרען קלוג און האָבען אַנגעהויבען צו פאַרנוצען פאַר זיך די גרויסע מאַסע כחות און מיטלען, וועלכע מען האָט פריהער פאַרשווענדעט אָהן נוצען, אָדער זאָגאַר צום אייגענעם שאַדען. ניט אומזיסט ארבייט איך דאָך און לערן. עס איז נאָר שווער געווען פאַר די מענשען צו פאַרשטעהן, וואָס עס איז נוצליך, זיי זיינען דאַמאָלט געווען נאָך אַזוינע ווילדע, אַזויגע גראָבע, האַרטע, נאַרישע מענשען, נאָר איך האָב זיי געלערנט; און ווען זיי האָבען אַנגעהויבען צו פאַרשטעהן, איז שוין געווען לייכט דורכצופיהרען. איך פאָדער קיין זאַך ניט וואָס איז שווער, דו ווייסט דאָך. דו טהוסט אויך ווי איך וויל — איז שלעכט"? — ניין. — „געוויס, ניט. דערמאָן זיך אָן דיין וואַרקשטאַט, האָט איהר דען געהאַט פיעל מיטלען? צי דען מעהר ווי ביי אַנדערע?" — ניין, וואָס פאַר'ע מיטלען האָבען מיר דען געהאַט? — „און דיינע נייטאַרקעס האָבען דאָך צעהן מאָל מעהר בּעקוועמליכקייט, צוואַנציג

מאָל מעהר לעבענספרייד, הונדערט מאָל ווייניגער אונאנגענעהמקייט, איידער אַנ־דערע מיט אזוינע מיטלען, ווי איהר האָט געהאַט. דו אליין האָסט דערוויזען, אז אויך אין דיין צייט האבען מענשען געקאָנט לעבען גאנץ פריי. מען דאַרף נאָר לעבען מיט שכל און קענען זיך גוט איינאָרדנען, זיך דערוויסען ווי אויפ'ן נוצ־ליכסטען אופן צו פאַרברויכען די מיטלען". — אזוי איז עס, אזוי איז עס, איך וויים עס. — „געה זשע זיך נאָך אביסעל צוקוקען, ווי מענשען לעבען אין אייניגע צייט ארום נאָך דעם, ווי זיי האָבען אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן דאָס, וואָס דו האָסט שוין לאנג פערשטאַנען".

10.

זיי געהן אריין אין הויז. ווידער אזא געוואלטיג־גרויסער פרעכטיגער זאַל. דער אבענד איז אין פולער גראַמקייט און פרעהליכקייט; עס זיינען שוין פאַרביי דריי שעה נאָך דעם זון־אונטערגאנג: די רעכטע צייט פון פרעהליכקייט. ווי העל דער זאַל איז בעלויכטען, מיט וואָס? — מען זעהט אין ערגעץ ניט קיין הייגלייכ־טער, קיין לייכטער; אבער אָט וואָס! אין רעכטען מיטען פון דעם דאַך־טורם איז אריינגעשטעלט א שטיק מאַטאָווע גלאָז, און דורך די גלאָז גיסט זיך אריין די ליכט — געווים דאַרף עס זיין אזא ליכט: פונקט ווי זון־ליכט, א ווייסע, א העַ־לע, א ווייכע — נו, יא, דאָס איז דאָך עלעקטרישע בעלייכטונג. אין זאַל איז דאָ ארום א טויזענד מאַן, עס וואָלטען אבער פריי געקאָנט אריינגעהן דריי מאָל אזוי פיעל. „עס טרעפט, ווען געסט קומען צו פאַהרען, זאָגט די בלאנדע שעהנ־הייט — עס קומען מעהר אויך". — וואָס זשע איז עס, ניט קיין באַל? — „געַ־ווים" — אין הייגטיגע צייטען וואָלט עס געווען א באַל ביים קייזערליכען הויף, אזוי פרעכטיג זיינען די קליידער פון די פרויען; יא, עס זיינען אנדערע צייטען, דאָס קען מען זעהן פון דעם שניט פון די קליידער. עס זיינען פאַרהאַן אייניגע דאַמען אויך אין אונזערע קליידער, אבער מען זעהט, אז זיי האָבען זיך אזוי אָנגעטהאָן נאָר פון שפּאַס וועגען, פאַר אבוועקסלונג; יא, זיי מאַכען זיך נאַריש, מאַכען חוזק פון זייערע קאָסטיומען; אנדערע טראָגען אנדערע זאָרט קליי־דער, גאנץ פערשיעדענאַרטיגע, פון פערשיעדענע אריענטאַלישע און זידליכע צו־שניטען, זיי אלע זיינען גראַציעזער ווי אונזערע; אבער די גרעסטע צאָהל זיינען אָנגעטהאָן אין קליידער, וואָס זיינען עהנליך צו די, וואָס די גריכישע פרויען האָבען געטראָגען אין דער שעהנסטער צייט פון אטהען. — עס איז א גאנץ לייכטער און

פרייער קאסטיום. די מענער טראָגען אויך א ברייטע, לאנגע קלייד אָהן אַ טאַליע, מען זעהט, אז דאָס איז זייער געוועהנליכער היימישער קאָסטיום. ווי באשיידען און שעהן דאָס קלייד איז! ווי ווייך און גראציעס עס באצייכענט די פאָרמען, ווי אזוי דאָס מאכט די בעוועגונגען גראציעזער. און וואס פאר אן אָרקעסטער, מעהר ווי הונדערט קינסטלער און קינסטלערינען, און באזונדערס, וואס פאר אַ כאָר! „יאָ, ביי איך אין גאנץ אייראָפּא זיינען ניט געווען קיין צעהן אזוינע שטימען, ווי איהר וועט אין דעם איין זאל געפינען גאנצע הונדערט, און אין יעדער אנדער זאַל זיינען דאָ נאָך אזוי פיעל: דער זאָרט לעבען איז ניט דער אמאָליגער. עס איז אַ געזונטער און צו דערזעלבער צייט א שעהנער, דערפאר איז די ברוסט בעסער און די שטים בעסער“, זאָגט די בלאָנדע קעניגין. אבער די לייט אין ארקעסטער און אין כאָר האלטען זיך אין איין בייטען: איינע געהן אוועק, אנדערע פארנעהמען זייערע פלעצער — זיי געהן אוועק טאנצען, זיי קומען פון די רייהען פון די טענצער.

ביי זיי איז אן אבענדאונטערהאלטונג — אַ געוועהנליכע, וואכעדיגע אבענד אונטערהאלטונג; יעדען אבענד זיינען זיי זיך משמח און טאנצען. אבער ווען האָב איך געזעהן אזא ענערגיע פון פרעהליכקייט? און ווי קען דען זייער פרעהליכקייט ניט האָבען אזא ענערגיע וואָס איז אונז ניט בעקאנט? — זיי האָבען זיך אנ־געארבייט אין דער פריה. דער וואס ארבייט זיך ניט גוט אָן, דער האָט ניט פאר־ברייט די נערוועו אום צו פיהלען פולע פרעהליכקייט, אויך איצט איז די פרעה־ליכקייט פון פראָסטע מענשען, ווען עס גיט זיי זיך איין זיך משמח צו זיין, לוסטיגער, לעבעדיגער, פרישער, ווי אונזערע: אבער ביי אונזערע פראסטע מענ־שען זיינען ארים זייערע מיטלען פון פרעהליכקייט, דאָ אבער זיינען די מיטלען רייכער, ווי ביי אונז; און די פרעהליכקייט פון אונזער המון ווערט גערשטערט דורך די עראינערונגען וועגען די אונבעקוועמליכקייטען און נויטה, אונגליקען און ליידען, זוערט געשטערט דורך דעם פאָרגעפיהל פון דעם, וואָס עס שטעהט פאר פאראוים — דאָס איז א שנעל פארבייגעהענדיגע שעה פון פארגעסען די נויטה און פיין. — און צי דען קען מען אין גאנצען פארגעסען נויטה און פיין? צי דען ווערט דער זאמד פון וויסטעניש ניט פארטראָגען ווייטער? צי דען פארגיפ־טען ניט די שעדליכע אויסהויכענונגען פון די בלאָטעס יענע שטיקעל גוטער ערד, מיט די גוטע לופט, וואָס ליעגט צווישען די בלאָטעס און דער וויסטעניש? דאָ

אָבער זיינען ניטאָ ניט קיין ערינערונגען, ניט קיין מורא פאר נויטה און צרות; דאָ זיינען נאָר דאָ ערינערונגען פון פרייער ארבייט, צופריעדענהייט, גוטס און פארגניגען, און די ערוואַרטונג פון דאָס אלץ אין דער צוקונפט. וואָס זשע איז עס פאר א פערגלייך! און ווידער אמאָל: ביי אונזער ארבייטספאָלק זיינען די נערוועז נאָר שטארק, און דערפאר קענען זיי אויסהאלטען פיעל פרעהליכקייט; זיי זיינען אבער גראָב, ניט עמפפינדליך. דאָ אָבער: די נערוועז זיינען שטארק ווי ביי אונזערע ארבייטסלייט און זיינען ענטוויקעלט און עמפפינדליך ווי ביי אונז; דאָס זיין פארבערייט צו פרעהליכקייט, דער געזונדער שטארקער פערלאנג נאָך פרעהליכקייט, אזא וואָס מיר האָבען גאר ניט, אזא וואָס גיט זיך נאָר דורך קרעפטיגע געזונדהייט און פיזישע ארבייט, איז ביי די מענשען פאראייניגט מיט דער גאנצער איידעלקייט פון די עמפפינדונגען, וואָס מיר האָבען; זיי האָבען אונזער גאנצע מאָראלישע ענטוויקלונג צוזאמען מיט דער פיזישער ענטוויקלונג פון אונזערע קרעפטיגע ארבייטסלייט: עס איז פארשטענדליך דאָס זייער היימליכקייט, זייער פארגניגען, זייער ליידענשאפט — אלץ איז לעבעדיגער און קרעפטיגער, ברייטער און זיסער ווי ביי אונז. גליקליכע מענשען!

ניין, איצט ווייס מען נאָך גאָר ניט, וואָס איז אזוינס אמת'ע פרעהליכקייט, ווייל עס איז נאָך ניטאָ אזא לעבען, וואָס איז נויטיג פאר דעם, און עס זיינען נאָך ניטאָ אזוינע מענשען. נאָר אזוינע מענשען קענען פאָלשטענדיג זיך משמח זיין און פיהלען די גאנצע פרייד פון פארגניגען! ווי זיי בליהען דאָס מיט געזונד און קראַפט, ווי גלייך געוואקסען און גראַציעז זיי זיינען עס, ווי ענערגיש און אויסדרוקספול זייערע געזיכטסציגע! זיי אלע זיינען גליקליכע פארשוינען, וואָס פיהרען א פולען לעבען פון ארבייט און פארגניגען — גליקליכע, גליקליכע!

גערוישיג איז זיך משמח א העלפט פון זיי אין דעם גרויסען זאַל; וואו זיינען אָבער די איבעריגע? — „וואו זיינען די איבעריגע? פרעגט איבער די בלאָנדע קעניגין — זיי זיינען איבעראל; א סך זיינען אין טעאטער, איינע אלס אקטיאָרען און מוזיקאנטען, די אנדערע אלס צושויער, ווי איינעם געפעלט; נאָך אנדערע זיינען צושפרייט איבער די לעהרזאלען, מוזעאומס, זיצען אין ביבליאָטעק; אנדערע געפינען זיך אין די אלעען פון די גארטענס, נאָך אנדערע זיצען ביי זיך אין די צימערן: ענטוועדער אבצורוהען אליין, אָדער מיט זייערע קינדער; אבער נאָך

מעהר — מעהר ווי אלץ: דאס איז מיין סוד. דו האסט געזעהן אין זאל, ווי עס
ברענגען די באקען, ווי עס בלישצענען די אויגען: דו האסט געזעהן, ווי זיי זיינען
אוועק און געקומען; זיי זיינען אוועק — דאס האב איך זיי פארשלעפט: דא איז
דער צימער פון יעדען מאן און יעדער פרוי — מיין היים, אלע סודות בלייבען
דא פארזיגעלט, די פארהאנגען אויף די טהירען, די פרעכטיגע קאוויארען וואס
פארשלינגען די קלאנגען: דארט איז א שטילקייט, דארט איז א געהיימנים. זיי
זיינען געקומען צוריק. האב איך זיי אומגעקעהרט פון דעם קעניגרייך פון מייר
נע געהיימניסע אויף א לייכטע פרעהליכקייט. דא בין איך די קעניגין.
„איך בין דא די קעניגין. דא איז אלץ פאר מיר! די ארבייט איז א פארבעריי-
טונג פון פרישע געפיהלען און קרעפטען פאר מיר; פרעהליכקייט איז פארבע-
רייטונג פאר מיר, רוהע איז נאך מיר. דא בין איך דער ציעל פון לעבען, איך —
דער גאנצער לעבען".

## 11.

„אין מיין שוועסטער, דער קעניגין איז דאס העכסטע גליק פון לעבען, זאגט די
עלטערע שוועסטער, — דו זעהסט אבער, אז דא זיינען פארהאן פערשיעדענע זאר-
טען גליק, וואס איינער דארף. דא לעבען אלע, ווי יעדען איז בעסער צו לעבען, דא
האבען אלע און האט יעדער איינער פולע פרייהייט, פרייע פרייהייט".
„אבער דאס וואס מיר האבען דא געוויזען, וועט ניט אזוי גיך זיין אין זיין
פולער ענטוויקלונג, ווי דו האסט עס איצט געזעהן. עס וועלען פריהער זיך אומ-
בייטען א סך דורות, איידער עס וועט אין גאנצען פארווירקליכט ווערן דאס, וואס
דו ציהסט פאר. ניין, ניט פיעל דורות. מיין ארבייט געהט איצט שנעל, אלץ גיכער
מיט יעדען יאהר; דו וועסט נאך ניט אריין אין דער פולער רעגיערונגסצייט פון
מיין שוועסטער. דו האסט אבער, וויינינגסטענס, עס געזעהן, דו קענסט איצט
די צוקונפט. זי איז ליכטיג, זי איז שעהן. זאג זשע אלעמען: אט וואס עס ליעגט
אין דער צוקונפט. די צוקונפט איז ליכטיג און שעהן. ליעבט איהר, שטרעבט
צו איהר, ארבייט פאר איהר, ברייננגט איהר נעהענטער, טראגט פון איהר אריבער
אין דער געגענווארט אזוי פיעל, ווי פיעל איהר קענט אריבערטראגען: אויף אזוי
פיעל וועט זיין ליכטיג און גוט, רייך אין פרייד און פארגניגען אייער לעבען,
אויף וויפיעל איהר קענט אין דעם אריבערטראגען פון דער צוקונפט. שטרעבט

צו דער צוקונפט, ארבייט פאַר איהר, דערנעהענטערט איהר, טראגט פון איהר אריבער אין דער געגענוואַרט אַלץ וואָס איהר קענט אריבערטראָגען".

12.

אין אַ יאָהר ארום איז דער נייער ווארקשטאַט שוין געווען אין גאַנצען פאַרטיג, איינגעאָרדערט, ביידע ווארקשטאַטען זיינען געווען ענג פערבונדען צווי־שען זיך, פלעגען איבערגעבען איינער דעם אנדערן באַשטעלונגען ווען איינער איז געווען פארוואלעט מיט ארבייט און דער אנדערער האָט געהאַט צייט די בעשטע־לונג צו ערפילען. זייערע מיטלען זיינען געווען שוין גרויס גענוג, אַז זיי זאָלען קענען עפענען אַ קראַם אויף נעווסקי, אויב זיי זאָלען נאָך נעהנטער זיך פאראיי־ניגען. דאָס דורכצופיהרען האָט געקאָסט פיעל מיהע פאַר ווערא פּאוולאָוונאַ'ן און מערצאלאָווא. כאָטש די מיטגליעדער פון ביידע ווארקשטאַטען זיינען גאַנץ פריינדליך, כאָטש אָפט פלעגט איין קאָמפּאַניע אננעהמען ביי זיך צו געסט די צווייטע, כאָטש זיי פלעגען זיך אָפט פאראייניגען פאַר געמיינזאַמע שפּאַצירען, פונדעסטוועגען איז דער געדאַנק, אַז ביידע אונטערנעהמונגען זיינען ענג פאַר־בונדען אין זייערע אינטערעסען געווען פאַר זיי נייַ און מען האָט עס געדאַרפט לאַנג און פיעל ערקלעהרען. דאָך דער נוצען פון האָבען אויף נעווסקי גאַס אַן איי־גענע קראָם, איז געווען צו קלאָהר, און נאָך עטליכע חדשים פון זאָרג ווי צור־זאַמענצוברייננגען די צוויי חשבנות אין איין הכסנה האָט עס זיך איינגעגעבען ווערא פּאוולאָוונאַ'ן און מערצאלאָווו'ן. אויף נעווסקי האָט זיך באַוויזען אַ נייער שילד **Au Bon Travail. Magazine De Nouveautes**

נאָכדעם ווי די קראם איז געעפענט געוואָרען, האָבען די געשעפטען געגומען זיך ענטוויקלען שנעלער ווי פריהער און האָבען אַלץ מעהר הכנסה גענומען אריינ־ברייננגען. מערצאלאָווא און ווערא פּאוולאָוונאַ האָבען אין זייערע געשעפטען שוין גענומען ארויסזאָגען די האָפנונג, אַז אין אַ יאָהר צוויי ארום וועלען אנשטאָט צוויי ווארקשטאַטען שוין זיין פיער, פינף און נאָך שפּעטער 10 — 20.

אין אַ חדשים דריי ארום, נאָך דעם ווי די קראָם איז געעפענט געוואָרען איז צו קירסאַנאָוו'ן געקומען איינער, צום טהייל אַ בעקאַנטער און מעהר אַן אונ־בעקאַנטער חבר אין דער מעדיצין, האָט פיעל דערצעהלט וועגען פערשיעדענע מעדיצינישע פּעלע, מעהר ווי אַלץ — וועגען די וואונדערבאַרע ערפאָלגען פון זיין מעטאָדע צו היילען. זי איז בעשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל צולעגען אין דער

ליינג פון ברוסט און פון בויך צוויי שמאלע, לאנגע זעקלאך, אנגעפילט מיט צושטויסענע אייז; יעדער זעקל זאל זיין איינגעוויקעלט אין פיער מישטאכלאך און צו ענד האט ער געזאגט, אז איינער פון זיינע בעקאנטע וויל זיך בעקאנען מיט קירסאנאוו'ן.

קירסאנאוו האט די בקשה ערפילט; די בעקאנטשאפט איז געווען אן אנגענעהמע, עס איז פארגעקומען א געשפרעך וועגען א סך זאכען, צווישען אנדערעס — אויך וועגען קראם. ער האט ערקלעהרט, אז די קראם איז געעפענט געווארען איינענטליך מיט א קאמערציעלען צוועק: מען האט לאנג גערעדט וועגען דעם שילד, צו איז גוט אויסגעלייגט דער ווארט **Travail** קירסאנאוו האט געזאגט אז **Travail** מיינט ארבייט. '**A Bon Travail**' מיינט — א קראם וואס מאכט גוטע ארבייט; מען האט ארומגערעדט וועגען דעם: צי וואלט ניט בעסער געווען אנשטאט אזא אויפשריפט ארויפצושטעלען א פאמיליען־נאמען. קירסאנאוו האט געזאגט, אז דער רוסישער פאמיליען־נאמען פון זיין פרוי וועט ברייננען פיעל קאמערציעלען שאדען. צום סוף האט ער אויסגעטראכט אזא מיטעל: זיין ווייב רופט מען „וועראַ“ (גלויבען). אויף פראנצויזיש הייסט עס "**Foi**" אויב מען וואלט אויפ'ן שילד געקאנט אויפשרייבען אנשטאט **An Bon Travail** **A la Bon Foi** — צו וואלט דאס ניט געווען גענוג? דאס וואלט געהאט די אונשולדיגסטע בעדייטונג — „א געוויסענהאפטע קראם“ און דער נאמען פון דער בעל־הבית'טע וואלט אויך געווען אויפ'ן שילד. ארומריידענדיג האט מען געפונען אז דאס קען מען. קירסאנאוו האט מיט א באזונדערער ענערגיע געזוכט ארויפצופיהרען דעם געשפרעך אויף אזוינע פראגען און, בכלל, האט ער פיעל אויפגעטהאן אין דעם, אזוי אז ער איז געקומען אהיים צוריק זעהר א צופריעדענער.

אבער יעדענפאלס האבען מערצאלאווא און וועראַ פאוולאוונא דערפיהלט, אז די פליגלען פון זייערע פלענער זיינען שטארק ארונטערגעשניטען געווארען און האבען אנגעהויבען זארגען וועגען דעם, ווי זיך כאטש איינצוהאלטען אויף אן ארט, און שוין ניט וועגען דעם ווי צו געהן פאראוים.

אויף אזא אופן זיינען די ווארקשטאטען און די קראם ווייטער אנגעגאנגען. זיך ניט ענטוויקלענדיג ווייטער, נאכדעם ווי דער איבעריגער ברען איז אבגעקיהלט געווארען ביי וועראַ פאוולאוונא און מערצאלאווא. זיי זיינען געווען צו־

פריעדען, וואס מען לאזט זיי עקסיסטירען. קירסאנאוום נייע בעקאנטשאפט איז אנגעהאלטען געווארען ווייטער און האט איהם געבראכט פיעל צופריעדענהייט. אט אזוי זיינען אוועק א יאהר צוויי אדער מעהר גאר אהן באזונדערע פאסירונגען.

18.

## א בריעף פון יעקאטערינא וואסיליעווגא פאלאזאווא.

פעטערבורג, דעם 17טען אויגוסט, 1860.

ליעבע פאולינא! מיר איז אזוי געפעלען געווארען א גאנץ נייע זאך, וועגען וועלכע איך האב זיך ניט לאנג צוריק דערוואוסט און מיט וועלכער איך באשעפטיג זיך איצט אליין מיט גרוים התמדה, אז איך וויל דיר עס בעשרייבען. איך בין איבערצייגט, אז דו וועסט זיך אויך פאראינטערעסירען דערמיט. די הויפטזאך איז אבער, וואס דו אליין וועסט, פיליכט, געפינען פאר מעגליך מיט עפעס אן עהנליכע זאך זיך צו פארנעהמען. דאס איז אזוי אנגענעהם, מיין פריינד.

די זאך וואס איך וויל באשרייבען פאר דיר איז א נעהוואַרקשטאט; ריכטיגער געזאגט זיינען עס צוויי ווארקשטאטען, ביידע איינגעארדנעט לויט איין פרינציפ פון א פרוי, מיט וועלכער איך האב זיך בעקאנט ערשט מיט א וואך צוריק, אבער מיט וועלכער איך האב באוויזען שוין בעפריינדעט צו ווערען. איך העלף איהר איצט מיט דעם באדינג, אז זי זאל נאך דעם מיר העלפען איינארדנען נאך אזא ווארקשטאט. די דאמע איז ווערא פאוולאוונא קירסאנאווא, נאך א יונגע, א גוטע, א היימלאכע, אין גאנצען אין מיין געשמאק, ד. ה. מעהר עהנליך צו דיר, פאולינא, איידער אויף דיין שטילע קאטיא: זי איז א לעבעדיגע און א ריהרעווודיגע פרוי. צופעליג דערהערענדיג וועגען דעם ווארקשטאט — מיר האט מען דערצעהלט נאר וועגען איינעם — בין איך איינפאך, גאר אהן רעקאמענדאציעס און אויסריידענישען אריבערגעפאהרען צו איהר און האב גלייך געזאגט, אז איך האב זיך פאראינטערעסירט אין איהר נעהווארקשטאט. מיר זיינען געווארען נאהענט איינע צו די אנדערע גלייך פון ערשטען מאל אן, נאך מעהר דערפאר, וואס אין איהר מאן, קירסאנאוו'ן האב איך געפונען יענעם דאקטאר קירסאנאוו, וועלכער האט מיט יאהרען צוריק מיר, ווי דו געדענקסט, געטהאן אזא געפעליגקייט.

דורכריידענדיג זיך מיט מיר ביי א האלבע שעה און דערזעהענדיג, אז איך סימפאטיזיר אין אמת'ן מיט אזעלכע זאכען, האט מיר ווערא פאוולאוונא אוועק־

געפיהרט אין יענעם ווארקשטאט, מיט וועלכען זי אליין איז באשעפטינט (דעם צווייטען, וואס איז פריהער געגרינדעט געווארען האט איבערגענומען אויף זיך איהרע א נאהענטע פריינדין, אויך זעהר א גוטע יונגע דאמע) און איך וועל דיר איבערדערצעהלען די איינדריקע פון מיין ערשטען בעזוך: עס איז געוועזען אזוי נייע און עס האט מיך אזוי איבערראשט, דאס איך האב באלד עס פארשריבען אין מיין טאגעבוך, וועלכען איך האב שוין געהאט לאנג פארוואָרפען, נאר וועלכען איך האב פון דאס נייע אויפגענומען צוליעב איין אומשטאנד, וועגען וועלכען איך וועל אפשר אין א קורצער צייט ארום דיר דערצעהלען. איך בין זעהר צו־פריעדען, וואס די איינדריקע זיינען דאמאלט פארשריבען געווארען פון מיר: איצט וואלט איך שוין פארגעסען צו דערמאנען וועגען א סך זאכען, וואס האָ־בען מיך דאמאלט איבערראשט, אבער וועלכע קומען מיר אויס איצט, אין צוויי וואָ־כען ארום, פאר א גאנץ געוועהנליכע זאך, וואס קען גאר אנדערש ניט זיין. אבער וואס געוועהנליכער די זאך ווערט, אלץ מעהר ווער איך צו איהר צוגעבונדען, ווייל זי איז באמת א גוטע זאך. אלזא, פאולינא, איך הויב אן איבערצושרייבען פון מיין טאגעבוך, צוגעבענדיג איינצעלהייטען, וועלכע איך האב זיך דערוואוסט נאכהער.

א נעה־ווארקשטאט — וואס אבער מיינסטו, האב איך דערזעהן? מיר האָ־בען זיך אבגעשטעלט ביים אריינגאנג; ווערא פאוולאָוונא האט מיר ארויפגע־פיהרט אויף זעהר א שעהנעם טרעפ, אויף איינעם פון די טרעפ, אויף וועלכע מען טרעפט ניט זעלטען א דיענער ביים טיר. מיר זיינען ארויף אויפ'ן דריטען עטאזש; ווערא פאוולאָוונא האט אנגעקלונגען, און איך האב זיך דערזעהן אין א גרויסען זאל מיט א פיאנא, מיט אנשטענדיגע מעבעל — מיט איין ווארט דער זאל האט געהאט אזא אויסזעהן, ווי מיר וואלטען אריין אין דער וואהנונג פון א פאמיליע, וואס פארלעבט 4 — 5 טויזענד רובל א יאהר. — איז דאס דער ווארקשטאט? און דאס איז איינער פון די צימערן, וואס די נייטערקעס פאר־נעהמען? — „יא, דאס איז דער עמפפאנג־צימער און דער זאל פאר פערזאמלונגען אין אבענד: זאלען מיר זיך דורכגעהן דורך די צימערן, אין וועלכע די נייטערקעס וואהנען; זיי זיינען איצט אין די ארבייטס־צימערן און מיר וועלען קיינעם ניט שטערן“ — אט וואס איך האב דערזעהן, דורכגעהענדיג די צימערן און וואס ווערא פאוולאָוונא האט מיר ערקלעהרט.

דער ווארקשטאט פארנעהמט א וואהנונג, וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון דריי פריהערדיגע וואהנונגען. די וואהנונגען פלעגט מען פריהער פארדינגען פאר 700, 550 און 425 רובעל א יאהר, צוזאמען 1675. אבער אבגעבענדיג אלע צוזאמען אויף א קאנטראקט פון 5 יאהר, האט דער בעל־הבית פון הויז מסכים געוועזן עם אבצוגעבען פאר 1250 רובעל א יאהר. אין גאנצען זיינען דארט פארהאן 21 צימערן, פון זיי 2 זעהר גרויסע, צו 4 פענסטער אין א צימער, איינער איז אן עמפפאנגסצימער, דער צווייטער אן עס־צימער; און די אנדערע צוויי, אויך גרויסע, ארבייט מען; אין די איבעריגע וואהנט מען. מיר זיינען דורך א 6—7 צימערן אין וועלכע די מיידלעך וואהנען. (איך רייד אלץ וועגען מיין ערשטען בעזוך). די צימערן זיינען אויך אנשטענדיג מעבלירט מיט מעבעל פון מאהאגאני אדער נוס־האלץ: אין אייניגע זיינען דא גרויסע שפיגלען, אין אנדערע — זעהר שעהנע פיגור־שפיגלען; א סך שטוהלען, זאפעס פון גוטע ארבייט. די מעבעל איז פארשיעדען אין פארשיעדענע צימערן: כמעט אין גאנצען איז עס געקויפט געווארען טהיילווייז, ביי געלעגענהייטען, פאר זעהר ביליג. די צימערן, אין וועלכע מען וואהנט, האבען אזא אויסזעהן ווי די וואהנונגען פון די פאמיליעס פון מיטעלע בעאמטע. אין די גרעסערע צימערען וואהנען צו דריי מיידלאך, אין איין צימער זאגאר 4, אין אנדערע — צו 2.

מיר זיינען אריין אין די ארבייטס־צימערן און די מיידלאך, וואס האבען דארט געארבייט, האבען אויך אויסגעזעהן אין מיינע אויגען ווי טעכטער, שוועסטער, יונגע פרויען פון בעאמטע: איינע האבען געטראגען זיידענע קליידער פון פראסטע זיידענס, אנדערע האבען געטראגען בערזענע, קארטונענע קליידער. די פנימער האבען געהאט די ווייכקייט און צערטליכקייט, וואס ענטוויקעלט זיך נאר דורך דעם לעבען אין וואוילטאג. דו קענסט זיך פארשטעלען, ווי פארוואונדערט איך בין געווארען. אין די ארבייטסצימערן זיינען מיר לאנג פארבליבען. ווערא פאוולאוונא האט דערצעהלט וועגען דעם צוועק פון מיין באזוך. איך האב זיך באלד בעקאנט מיט אייניגע פון די מיידלאך. די מדרגה פון זייער ענטוויקלונג איז ניט געווען גלייך ביי אלעמען: אייניגע האבען שוין אין גאנצען גערעדט אויף דער שפראך פון דער געבילדעטער געזעלשאפט, זיינען געווען בעקאנט מיט דער ליטעראטור, ווי אונזערע פרייליינס, האבען געהאט אנשטענדיגע באגריפען וועגען געשיכטע, וועגען פרעמדע לענדער און וועגען אלץ, וואס בילדעט דעם געוועהנ־

ליכען קרייז פון באגריפען ביי די פריילינס פון אונזער געזעלשאפט: צוויי זיינען געווען זאגאר זעהר גוט באלעזען. אנדערע, וואס זיינען נאך ניט לאנג אנגעקומען אין ווארקשטאט, זיינען געווען ווייניגער ענטוויקעלט; פון דעסטוועגען האט מען מיט יעדער איינער פון זיי געקאנט ריידען ווי מיט א מיידעל, וואס האט שוין א געוויסע בילדונג. אין אלגעמיין איז די מדרגה פון ענטוויקלונג געווען אבהענגיג פון דעם, ווי לאנג יעדע פון זיי וואהנט איז ווארקשטאט.

ווערא פאוולאוונא האט זיך גענומען פאר איהר בעשעפטיגונג, איז אפט צוגעגאנגען צו מיר, איך האב גערעדט מיט די מיידלאך, און אויף אזא אופן האבען מיר זיך דערוווארט ביז מיטאגעסען. דאס מיטאגעסען באשטעהט אין די וואכטעג פון דריי געריכטען. יענעם טאג איז געווען רייז זופ, געקאכטע פיש און קאלבספלייש. נאך מיטאג האבען זיך באוויזען אויפ'ן טיש טיי און קאווע. דאס מיטאגעסען איז געווען אויף אזוי ווייט גוט, אז איך האב מיט אפעטיט אבגעגעסען און איך וואלט ניט געפיהלט, אז מיר פעהלט פיעל, אויב מיר וואלט אויסגעקומען צו לעבען אויף אזא מיטאגעסען.

און דו ווייסט דאך, אז מיין פאטער האלט נאך איצט זעהר א גוטען קוכער.

אט דאס איז געווען דער אלגעמיינער איינדרוק פון מיין ערשטען בעזוך. מיר האט מען געזאגט, און איך האב געוואוסט, אז איך וועל זיין אין א ווארקשטאט, וואו עס וואהנען נייטערקעס, אז מען וועט מיר בעווייזען די צימערן פון נייטערקעס, אז איך וועל זיצען ביים מיטאג־עסען פון נייטערקעס; אנשטאט דעם האב איך דערזעהן וואהנונגען פון מענשען פון ניט ארימען שטאנד, פאראייניגט אין איין געביידע, האב געזעהן מיידלאך פון מיטעלען בעאמטען־קרייז, אדער פון ארימערען פריצים־קרייז, געווען ביי א מיטאג ניט קיין רייכען, אבער אין גאנצען צופריעדענשטעלענדען פאר מיר — וואס זשע הייסט עס? און ווי איז עס מעגליך?

„ווען מיר זיינען געקומען צוריק צו ווערא פאוולאוונא האבען זי און איהר מאן מיר ערקלעהרט, אז דא איז גאר ניטא מיט וואס זיך צו וואונדערן. צווישען אנדערעם האט קירסאנאוו דאמאלט מיר פארשריבען אויף א שטיקעל פאפיר פאר א ביישפיעל א קליינעם חשבון און דער חשבון איז געבליבען גאנץ צווישען די בלעטער פון מיין טאגעבוך. איך וועל עס דיר איבערשרייבען. נאר פריהער נאך עטליכע ווערטער.

אנשטאָט אָרימקייט — איבערפלוס; אנשטאָט שמוץ — ניט נאָר ריינקייט, נאָר זאָגאָר א געוויסער לוקסוס אין די צימערן; אנשטאָט גראָבהייט — א גאַנץ אנשטענדיגע בילדונג; דאָס אַלץ קומט פון צוויי אורזאַכן; פון איין זייט ווערט גרעסער די הכנסה פון די נייטערקעס; פון דער צווייטער זייט ווערט דערגרייכט א גרויסע שפּאָרעניש אין זייערע הוצאות.

דו פאַרשטעהסט, פאַר וואָס זיי באַקומען מעהר הכנסה: זיי אַרבייטען אויף זייער אייגענעם חשבון, זיי זיינען אַליין די בעלי הבית'טעס, דערפאַר באַקומען זיי אויך דעם חלק, וואָס וואָלט געבליבען אַלס פאַרדיענסט ביי דער בעל־הבית'טע פון וואַרקשטאַט, אבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ: אַרבייטענדיג פאַר דעם אייגענעם נוצען און פאַר'ן אייגענעם חשבון, זיינען זיי פיעל מעהר שפּאָרזאַם סאַי אויף דעם מאַטעריאַל פון דער אַרבייט, סאַי אויף די צייט: די אַרבייט געהט גיכער און אויסגאַבען זיינען דאָ ווייניגער.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז מען שפּאָרט פיעל אויך אין די הוצאות אויפ'ן לעבען. זיי קויפען פון אַלץ א סך מיט אַמאָל און בעצאָהלען מיט באַרעם געלד, דערפאַר באַקומען זיי די זאַכען וואָלוועלער, איידער ווי מען קויפט אין באָרג ביסלאַכווייז; מען קלויבט אויס די זאַכען פאַרזיכטיג מיט פאַרשטענדניס, מען פרעגט גוט נאָך — דערפאַר קויפען זיי איין ניט נאָר ביליגער, נאָר אויך בעסער איידער עס קומט אויס פאַר אָרימע לייט איינצוקויפען.

אויסער דעם ווערן א סך הוצאות פיעל פאַרקלענערט, אדער ווערען אין גאַנצען איבעריג. בעטראַכט נאָר: צו געהן יעדען טאָג 2—3 וויאָרסט אין א קראָם — וויפיעל ווערט דורך דעם אומזיסט אויסגעטראָגען שיך, קליידער. איך וויל דיר ברייננגען איינעם א גאַנץ קליינעם, ביישפּיעל. אויב מען זאָל ניט האָבען קיין רעגענשירם, קומט אויס פיעל צו פאַרלירען פון דעם, וואָס די קליידער ווערען באַנעצט פון רעגען. איצט הער די ווערטער, וואָס וועראַ פּאַוולאָוונאַ האָט מיר געזאָגט. א פּראָסטער, לייווענטענער רעגענשירם קאָסט, זאָלען מיר זאָגען 2 רובל. אין וואַרקשטאַט וואָהנען 25 נייטערקעס. צו איין שירם אויף יעדער איינער וואָלט אויסגעמאַכט 50 רובעל; פאַר דער וואָס וואָלט קיין שירם ניט געהאַט, וואָלט געקאָסט מעהר ווי 2 רובל דאָס וואָס די קליידער ווערן פאַרדאַרבען. אבער זיי וואָהנען צוזאַמען. יעדע געהט אַרויס פון דער היים, נאָר ווען זי דאַרף; דערפאַר פּאַסירט ניט, אַז אין א שלעכטען וועטער זאָלען א סך אויסגעהן. זיי האָבען אויסגע־

פונעז, אז 5 שירמס איז מעהר ווי גענוג. די שירמס זיינען זיידענע, גוטע, זיי קאָס־טען צו 5 רובעל — צו 1 רובעל אויף א נייטערקע. דו זעהסט, ווי אזוי יעדע איינע פון זיי באנוצט זיך מיט א גוטע זאך, אנשטאט א שלעכטע און האט פון דעסטוועגען נאָר א העלפט הוצאה אויף דער זאך. אזוי איז מיט א סך קליינינ־קייטען, וועלכע בילדען צוזאמען שוין א גרויסע וויכטיגקייט. דאס זעלבע איז מיט דער וואָהנונג און מיט׳ן עסען. צום ביישפיעל, דאס מיטאגעסען וואס איך האב דאָ באשריבען האט געקאָסט אין גאנצען 5.50 אָדער 5.75 רובעל, מיט ברויט (אָבער אָהן טיי און קאווע).ביים טיש זיינען געזעסען 37 פארשוין; דאס מאכט אוים ווייניגער ווי 16 קאָפּיקעס אויף א מענשען — ווייניגער ווי 5 רובעל א חודש. און ווערא פּאוולאָוונא זאָגט, אז ווען א מענש עסט אליין, קען ער אויף די געלד כמעט קיין זאך ניט האָבען אויסער ברויט און די פאסקודסטווע וואס ווערט פארקויפט אין די קליינע קרעמלאך. אין א רעסטאָראַן קאָסט אזא מיטאג־עסען נאָר ווייניגער ריין געקאָכט לויט ווערא פּאוולאָוונא׳ס ווערטער, 40 קאָפּי־קעס, פאר 30 קריעגט מען א פיעל ערגערן. מען פארשטעהט פון וואנענט דער אונ־טערשיעד קומט. דער וואס האלט דעם רעסטאראַן און קאכט פאר 20 מענשען אָדער ווייניגער דארף דערפון אליין מאכען א לעבען, צאָהלען פאר וואָהנונג, פאר באדיע־נונג. דאָ זיינען די איבעריגע הוצאות כמעט אין גאנצען ניטאָ, אָדער זיי זיינען פיעל קלענער. די געהאלט פאר צוויי אלטיטשקע, קרובות פון צוויי נייטערקעס, דאס איז די גאנצע הוצאה אויסצוהאלטען די קיך. איצט וועט דיר זיין פארשטענד־ליך דער חשבון, וועלכען קירסאנאָוו האט געמאכט פאר א ביישפיעל, ווען איך בין געווען ביי זיי דעם ערשטען מאָל. ווען ער האט דעם חשבון פארשריבען, האט ער געזאָגט צו מיר:

—געוויס, קען איך אייך ניט זאגען קיין גענויע ציפערן, און עס וואָלט אויך שווער געווען עס צו געפינען, ווארום איהר ווייסט דאך, אז אין יעדען גע־שעפט, אין יעדען קראם, אין יעדען ווארקשטאט זיינען פארשיעדען די פּראָפּאָר־ציעס פון די פארשיעדענע קוואלען פון הוצאה און הכנסה, אויך אין יעדער פאמיליע קומט פאר א בעזונדערע זארט עקאָנאָמיע ביים מאכען הוצאות און באַ־זונדערס אין פארטיילען די הוצאות. איך שטעל די ציפערן נאָר פאר א ביישפיעל. נאָר כדי דער חשבון זאָל זיין מעהר איבערצייגענד, שטעל איך ציפערן, וואס זיי־נען קלענער ווי די אמת׳ע נוצען פון אונזער אָרדנונג אין פערגלייך מיט די אמת׳ע

הוצאות כמעט פון יעדן געשעפט און כמעט פון יעדער קליינער, אָרימער בעל־הבית'ישקייט.

— די הכנסה פון אַ קאָמערציעלער אונטערנעהמונג ביים פּאַרקויף פון די סחורות — האָט קירסאַנאָוו ווייטער געזאָגט — צופאַלט אויף דריי הויפּטטהיילען: איין טהייל געהט אויף לוין פאַר די אַרבייטער, אַ צווייטער טהייל — אויף די איבעריגע הוצאות פון דער אונטערנעהמונג: וואָהנונג, בעלייכטונג, מאַטעריאַלען צו בעאַרבייטען; דער דריטער טהייל בלייבט אַלס פערדיענסט פאַר'ן בעל־הבית. זאָלען מיר אננעהמען, אַז די הכנסה ווערט צוטהיילט צווישען די פאַרשיעדענע טהיילען אַזוי: אויף געהאַלט פאַר די אַרבייטער — אַ העלפט פון דער הכנסה; אויף די איבעריגע הוצאות — איין פיערטעל און איין פיערטעל — פאַר־דיענסט. דאָס הייסט, אַז אויב די אַרבייטער באַקומען 100 רובעל, געהן אויף די אַנדערע הוצאות אַוועק נאָך 50 רובעל און ביים בעל־הבית בלייבט נאָך 50 רו־בעל. זאָלען מיר אַ קוק טהאָן, ווי פיעל באַקומען די אַרבייטער אין אונזער אָרד־נונג. קירסאַנאָוו האָט גענומען לייענען זיין צעטעל מיט ציפערן.

זיי באַקומען זייער געהאַלט — — — — — — — — — 100 רובעל
זיי זיינען אַליין די בעלי בתים, באַקומען זיי דעם פאַרדיענסט
פון בעל הבית — — — — — — — — — — — — 50
ביי זיי זיינען די אַרבייטס צימערן אין דער וואָהנונג גופא;
דערפאַר קאָסט זיי ביליגער ווי אַ בעזונדערער וואַרק־
שטאָט; אין דעם ליעגט אַ גרויסער קוואַל פון שפּאָרעניש;
איך דענק אַ העלפט; זאָלען מיר זאָגען, נאָר אַ דריטעל;
פון די 50 רובעל אויף דעם טהייל הוצאות שפּאָרען זיי
פאַר זיך נאָך — — — — — — — — — — — — 16.67

---

צוזאַמען — — — 166.67

אָט האָבען מיר שוין צוזאַמענגערעכענט — האָט קירסאַנאָוו ווייטער גע־רעדט — אַז אונזערע אַרבייטער באַקומען 166.67 רובעל, בעת ביי אַן אַנדער אָרד־נונג האָבען זיי נאָר 100 רובעל. זיי באַקומען אָבער באמת נאָך מעהר: אַרביי־טענדיג פאַר זייער אייגענעם נוצען, זיינען זיי פלייסיגער, טהוען מעהר אויף, גיכער אָפּ; זאָלען מיר אננעהמען, אַז אויב געוועהנליך וואָלטען זיי געמאַכט 5 זאַכען,

אין אונזער ביישפיעל, קליידער, בעווייזען זיי איצט צו מאכען 6 — די פראפארציע איז צו קליין, אבער זאלען מיר עס אננעהמען; הייסט עס, אז בעת אן אנדער געשעפט פארדיענט 5 רובעל, פארדיענט אונזער געשעפט 6 רובעל.

פון דער שנעלקייט און פלייסיגקייט פון דער ארבייט ווערט די הכנסה און דער פארדיענסט גרעסער אויף 1 פינפטעל; פון 166.67 רובעל איז א פינפטעל 33.33 רובעל. — אלזא קומט נאך צו — — — — — 33.33 רובעל

צוזאמען מיט די פריהערדיגע — 166.67

---

200.00

דערפאר האבען אונזערע צוויי מאל אזוי פיעל הכנסה ווי אנדערע, האט קירסאנאוו ווייטער געזאגט. איצט, ווי ווערט די הכנסה פארברויכט. האבענדיג צוויי מאל אזוי פיעל מיטלען, פארברויכען זיי עס מיט פיעל מעהר נוצען. דא איז דער פארטהייל א דאפעלטער, ווי איהר ווייסט: ערשטענס דערפון, וואס אלץ ווערט געקויפט אגולנע; זאלען מיר אננעהמען, אז דערפון פארדיענט מען א דריטעל. זאכען, וואס קאסטען, קויפענדיג צו ביסלאך און אין קרעדיט 3 רובעל, קאסטען אונז 2 רובעל. אין אמת'ן שפארט מען פיעל מעהר. זאלען מיר נעהמען אלם ביישפיעל וואהנונג. אויב מען וואלט פארדונגען איינצעלנע ווינקלען פון צימערן, וואלטען דא געוואהנט: אין 17 צימערן מיט 2 פענסטער אין יעדען צו 3—4, אין גאנצען, זאלען מיר אננעהמען, 55 פערזאן; אין 2 צימערן מיט 3 פענסטער אין יעדען — צו 6 פערזאן, אין די 2 מיט 4 פענסטער — צו 9 מענשען, 12 און 18, צוזאמען 30 פערזאן, און אין די קליינע צימערן 55 — אין דער גאנצער וואהנונג 85 פערזאן; יעדע איינע וואלט געצאהלט צו 3.50 רובעל א חודש, דאס מאכט אוים 42 רובעל א יאהר. אויף 85 פערזאן — 3.570 רובעל. אונזערע האבען די וואהנונג פאר 1,250 רובעל, כמעט דריי מאל אזוי ביליג. אזוי איז עס אין א סך זאכען, כמעט אזוי געהט אין אלץ. גיכער ווי אלץ וואלט איך נאך ניט דערגאנגען צו דער אמת'ער פראפארציע, ווען איך וואלט אפילו אנגענומען, אז מען שפארט א העלפט; איך נעהם אבער אן, אז מען שפארט נאר א דריטע טהייל, דאס איז נאך ניט אלץ. ביי אזא זארט לעבען האבען זיי ניט נויטיג צו מאכען פיעל הוצאות, אדער מען דארף פיעל ווייניגער זאכען. — ווערא־טשקא האט אייך געבראכט דעם ביישפיעל פון שיך. זאלען מיר אננעהמען, אז פון דעם ווערט פאר־

קלענערט אויף איין פיערטעל די צאהל פון די זאכען, וואס זיינען נויטיג; אנ־שטאט 4 פאר שיך זיינען גענוג 3; אדער 3 קליידער ווערען צוטראגען אין אזא משך צייט, וואס מען וואלט געדארפט 4 — די פראפארציע איז ווידער צו קליין. זאלען מיר אבער זעהן, וואס קומט ארויס פון די פראפארציעס.

דורך דעם וואס מען קויפט ביליגער ווערען די זאכען אויף איין דריטעל ביליגער — ד. ה. אנשטאט 3 רובעל, זאלען מיר זא־גען, צאהלט מען 2 רובל; אבער ביי אונזער ארדנונג ווערען מיט די דריי זאכען באפרידיגט אזוי פיעל בעדערפנישען, וואס וואלטען געפאדערט ביי אן אנדער ארדנונג ניט וויינינגער ווי 4 זאכען; דאס בעדייט, אז פאר זייערע 200 רובעל האבען אונזערע נייטערקעס אזוי פיעל זאכען, וויפיעל זיי וואלטען געהאט ביי אן אנדער ארד־נונג ניט וויינינגער ווי פאר 300 רובעל און אז די זאכען פארשאפען זייער לעבען ביי אונזער ארדנונג אזוי פיעל בעקוועמליכקייט, ווי־פיעל ביי אן אנדער ארדנונג וואלטען זיי געקאנט האבען פאר א סו־מע ניט וויינינגער ווי — — — — — — — — — — — — 400 רובעל

פערגלייכט דאס לעבען פון א פאמיליע, וואס גיט אויס 1000 רובעל מיט דעם לעבען פון אזא פאמיליע, וואס גיט אויס 4000 רובעל, ניט אמת, אז איהר וועט געפינען א גרויסען אונטערשייד? האט קירסאנאוו וויטער גערעדט — אין אונזער ארדנונג איז פונקט אזא פראפארציע, אויב ניט גרעסער: מען באקומט דא צוויי מאל אזוי פיעל הכנסה און די הכנסה ווערט צוויי מאל אזוי נוצליכער פאר־ברויכט. צי דען איז א וואונדער, וואס איהר האט געפונען דעם לעבען פון אונזערע נייטערקעס גאר ניט עהנליך אויף דעם ווי נייטערקעס לעבען אונטער דער געוועהנ־ליכער ארדנונג? —

אט וואס פאר א וואונדער איך האב דערזעהן, מיין פריינד פאולינא, און אט ווי איינפאך דאס ווערט ערקלעהרט. איצט בין איך שוין אזוי צוגעוועהנט צו דעם, אז מיר קומט שוין אויס זאנדערבאר: פאר וואס האב איך דאמאלט זיך אזוי גע־וואונדערט, ווי אזוי האב איך עס ניט ערווארט, אז איך וועל טאקע אלץ געפינען טאקי אזוי, ווי איך האב געפונען. שרייב, צו האסטו א מעגליכקייט זיך צו פאר־נעהמען דערמיט, צו וואס איך גרייט זיך איצט צו: צו עפענען א נעהווארטקשטאט.

אָדער אַן אַנדער וואַרקשטאַט לויט דער אָרדנונג. דאָס איז אַזוי אַנגענעהם, פּאַ־
לינאַ.

דיין ק. פּ א ל אָ ז אָ ו ו א.

ה ו ס פ ה. — איך האָב אינגאַנצען פאַרגעסען צו ריידען וועגען דעם צווייי־
טען וואַרקשטאַט — דאָס אָבער זאָל שוין זיין אַן אַנדערס מאָל. איצט וועל איך
נאָר זאָגען, אַז דער עלטערער וואַרקשטאַט האָט זיך מעהר ענטוויקעלט און דערפאַר
שטעהט ער אין יעדער הינזיכט העכער פאַר דעם, וועלכען איך האָב דיר באַשריבען.
אין די איינצעלהייטען פון דער איינריכטונג איז פאַראַן פיעל זאַכען אַנדערש, ווייל
אַלץ פּאַסט זיך צו צו די אומשטענדען.

# דריטער קאַפּיטעל.

## נייע פּערזאָנען און דער שלום.

### 1.

פּאַלאַזאָווא האַט געזאַגט אין איהר בריעף צו איהר פריינדין, אַז זי האַט געהאַט פיעל צו פערדאַנקען ווערא פּאַוולאָוונאַס מאַן. כדי דאָס צו ערקלעהרען דאַרף מען דערצעהלען וואָס פאַר אַ מענש איהר פאָטער איז געוועזן.

פּאַלאַזאָוו איז געוועזן אַן אויסגעדיענטער ראַטמיסטער אָדער שטאַבס־ראַטמיסטער; אין דיענסט, לויט דעם מנהג פון דעם דאַמאָלסטדיגען אַלטען דור, האָט ער גע הולעט און פאַרהולעט די גרויסע אימעניע פון דער פאַמיליע. און ווען ער האָט עס פאַרהולעט, איז ער געוואָרען געזעצטער, איז אַרויסגעטראָטען פון דער אַרמיי כדי זיך צו נעהמען שאַפען אַ נייעם פאַרמעגען. צוזאַמענקלייבענדיג די לעצטע ברעקלאַך וואָס זיינען נאָך פאַרבליבען, האָט ער דערזעהן ביי זיך אַ צעהנטויזענד רובעל — לויט דאַמאָלסטיגען חשבון אין אַסיגנאַציעס — און האָט דערמיט זיך אַוועקגעלאָזען האַנדלען קלייַן מיט תבואה, האָט אָנגענומען אַלערליי קליינע פּאַדראַדען, און בכלל זיך געכאַפּט פאַר אַלע הכנסה'דיגע אונטערנעהמונגען, וואָס זיינען געוועזן לויט זיינע מיטלען, און אין אַ יאָהר צעהן אַרום האָט ער שוין געהאַט אַ רעכטען פאַרמעגען. האָבענדיג אַ נאָמען פון אַזאַ געזעצטען געשעפטסמאַן, מיט זיין טשין און מיט זיין יחוס, וואָס איז געוועזן גוט בעקאַנט אין יענע ערטער, האָט ער איצט געקאָנט אויסקלייבען וועלכע כלה ער האָט נאָר געוואָלט פון די סוחרשע טעכטער אין יענע צוויי גובערניעס, וואו זיינע געשעפטען זיינען אָנגעגאַנגען, און ער האָט אויסגעקליבען גאַנץ גרינדליך — מיט אַ האַלבען מיליאָן (דאָס אַלץ אין אַסיגנאַציעס) נדן. דאַמאָלט איז ער אַלט געוועזן אַ יאָהר 50 און דאָס איז געוועזן מיט פולע 20 יאָהר פריהער איידער זיין טאָכטער איז אַריין אין פריינדשאַפט מיט ווערא פּאַוולאָוונא. צולעגענדיג אַזאַ גרויסע מטבע צו זיינע פריהערדיגע געלד, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען פיהרען געשעפטען שוין אויפ'ן גרויסען אופן און אין אַ יאָהר צעהן אַרום נאָך דעם איז ער שוין געוועזן אַ מיליאָנער אין זילבער, ווי מען האָט דאַמאָלט

אַנגעהויבען רעכענען. זיין ווייב איז געשטאָרבען; זי, וואָס איז געווען געוואָהנט צום פּראָווינציעלען לעבען, האָט איהם צוריקגעהאַלטען פון אַריבערקלייבען זיך אין פּעטערבורג. איצט האָט ער זיך אַריבערגעקליבען אין פּעטערבורג, איז אַוועק באַרג אַרויף נאָך שנעלער, און אין אַ יאָהר צעהן אַרום האָט מען איהם שוין געהאַלטען פאַר אַ מטופל מיט דריי־פיער מיליאָן. און מיידלעך און אַלמנות יונגע און אַלטע האָבען זיך געחנ׳דעלט צו איהם; ער אַבער האָט ניט געוואָלט חתונה האָבען אַ צווייטען מאָל — צום טייל, ווייל עס איז ביי איהם פאַרבליבען אַ טרייער צובונד צום אָנדענקען פון דער פרוי און נאָך מעהר דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געוואָלט איבערגעבען זיין קאַטיען, וועמען ער האָט זעהר געליעבט, צו אַ שטיף מאַמען.

פּאָלאָזאָוו איז אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען באַרג אַרויף — ער וואָלט שוין געהאַט ניט דריי, ניט פיער מיליאָן, נאָר צעהן, ווען ער וואָלט זיך פאַרנומען מיט בראַנפען־פּאַכט; אַבער ער האָט געהאַט געגען דעם אַן עקעל און האָט געהאַלטען פאַר עהרליכע געשעפטען נאָר פּאַדראַדען און פּאָסטאָווקעס. זיינע חברים מיליאָנערן האָבען חוזק געמאַכט פון אַזאַ זאָרט אונטערשייד און זיי זיינען ניט געווען אונגערעכט; ער אַבער, כאָטש ער איז געווען אונגערעכט, האָט אַלץ געטענהט דאָס זייניגע: „מיט קאָמערציע באַשעפטיג איך זיך, אַבער פון רויבעריי וויל איך ניט רייך ווערען". און אַט אַ יאָהר אַנדערהאַלבען פריהער, איידער זיין טאָכטער האָט זיך בעקאַנט מיט ווערא פּאַוולאָוונא, האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַ צו קלאָהרער בעוויז, אַז זיין קאָמערציע אונטערשיידעט זיך בעצם גאַנץ ווייניג פון די בראַנפען־פּאַכט, כאָטש לויט זיין מיינונג איז צווישען זיי געווען אַ גרויסער מהלך. ער האָט געהאַט אַ גרויסען פּאַדריאַד, צו אויף טוך, צו אויף פּראָוויאַנט, צו אויף שטיוועל, דאָס ווייס איך ניט גענוי און ער, וואָס איז מיט יעדען יאָהר געוואָרען מעהר איינגעשפּאַרט און פאַריסען אי פון אַלטקייט, אי פון שטענדיגען גליק, אי פון דער וואַקסענדער אַכטונג צו איהם, האָט זיך צוקריעגט מיט איינעם אַ נויטיגען מענשען, האָט זיך צוהיצט, צוזידעלט, און עס האָט אָנגעהויבען אַרויסצוקומען גאָר אַ שלעכטע מחזקה. אין אַ וואָך אַרום האָט מען איהם געזאָגט: „גיב זיך אונטער" — „איך וויל ניט"; — „דו וועסט פּלאַצען" — „זאָל זיין אַזוי, איך וויל ניט". אין אַ חודש אַרום האָט מען איהם דאָס זעלבע געזאָגט, ער האָט דאָסזעלבע געענטפערט; אונטערגעגעבען האָט ער זיך ניט — געפּלאַצט האָט ער אַבער. די סחורה איז געווען פאַרבראַקירט; אויסערדעם

האבען זיך ארויסגעוויזען עפּעס וועלכע עס איז פאַרזעהנס, אַדער עבירות און זיינע גאַנצע דריי־פיער מיליאָן זיינען פאַרשלונגען געוואָרען און צו 70 יאָהר איז פּאַלאַזאָוו געבליבען אַ שלעפּער. דאָס הייסט אַ שלעפּער איז ער געווען אין פערגלייך מיט דאָס וואָס איז געווען ניט לאַנג צוריק; אַזוי אַבער, אויב מען זאָל ניט פערגלייכען מיט דאָס ניט לאַנגיגע, האָט ער געלעבט גוט: ביי איהם איז פאַרבליבען אַ חלק און עפּעס אַ פאַבריק פון סטאַרין־ליכט און, ניט פאַררייסענדיג דעם נאַז, איז ער גע־וואָרען דער פערוואַלטער מיט אַ גאַנץ בעדייטענדען געהאַלט. אויסערדעם איז גע־בליבען גאַנץ דורך וועלכע עס איז נסים עטליכע צעהנדליג טויזענד רובעל. אויב ער וואָלט געהאַט אַזוינע שיריים 10 יאָהר צוריק, וואָלט עס געווען גענוג אום ווידער זיך ארויפצוהויבען אויף אַ גאַנץ הויכען בארג. אַבער, האַבענדיג הינטער זיך איבער 60 יאָהר, איז שוין שווערער זיך אויפצוהויבען, און פּאַלאַזאָוו האָט בארעכענט, אַז צו פּרובירען אַזאַ זאַך איז צו שפּעט, ניט פאַר די כחות. ער האָט איצט נאָר גע־טראַכט וועגען דעם, וואָס גיבער צו פאַרקויפען די פאַבריק, וועמעס אַקציעס עס האָ־בען כמעט ניט געגעבען קיין הכנסה, און וועמעס קרעדיט און געשעפטען מען האָט ניט געקאָנט פאַרבעסערן: ער האָט קלוג אויסגערעכענט און עס האָט איהם זיך איינ־געגעבען צו ערקלעהרען די אַנדערע הויפּט אַקציאָנערען, אַז וואָס שנעלער די פאַבריק צו פאַרקויפען איז דער איינציגער מיטעל צו ראַטעווען די געלד, וואָס זיינען באַ־גראָבען אין די אַקציעס. ער האָט אויך געטראַכט, אַז מען דאַרף פאַר׳שדכנ׳ען די טאָכטער. די הויפּטזאַך אַבער — פאַרקויפען די פאַבריק און קויפען אויף די געלד 5 פּראָצענטיגע פּאַפּירען, וואָס זיינען דאַמאָלט אריין אין דער מאָדע, און דערציהען די יאָהרען רוהיגער, זיך דערמאָנענדיג וועגען די פערגאַנגענע גרויסקייט, וועמעס פאַרלוסט ער האָט אריבערגעטראָגען מוטהיג, אַנהאַלטענדיג אַי פּרעהליכקייט, אַי פעסטקייט.

2.

דער פּאָטער האָט געליעבט קאַטיע׳ן; ער האָט די הויך־אַריסטאָקראַטישע גו־בערנאַנטקעס ניט ערלויבט צו פיעל צו מושטירען דאָס מיידעל, „דאָס זיינען נאַ־רישקייטען“, פלעגט ער זאָגען וועגען די גלאַטע מאַניערען, אויסגעהאַלטענע טאַליע און עהנליכע זאַכען. און ווען קאַטיאַ איז אַלט געוואָרען 15 יאָהר, האָט ער מסכים געווען מיט איהר, אַז מען קען זיך באַגעהן אָהן אַן ענגלענדערין און אָהן אַ פראַנ־צויזין. דאַ האָט קאַטיאַ אין גאַנצען אַבגערוהט; זי האָט באַקומען פולע פרייהייט אין

הויז. און פרייהייט האָט ביי איהר דאמאָלט געהייסען, אז מען זאָל איהר ניט שטערן לייענען און פאנטאזירען. חבר'תעס האָט זי געהאט ניט פיעל, צוויי, דריי נאָהענטע: אבער אזוינע וואָס האָבען זיך געשרכנט צו איהר — אהן א שיער: זי איז דאָך געווען די איינציגע טאָכטער ביי פאלאזאָוו'ן, עס איז דאָך שרעקליך ארויסצוריידען: 4 מיליאָן!

אָבער קאטיא האָט געלייענט, פאנטאזירט און די וואָס האָבען זיך גע'שרכנ'ט זיינען געווען פארצווייפעלט. אָט אזוי האָט זי געלייענט, פאנטאזירט און זיך ניט פארליעבט, נאָר מיט א מאָל האָט זי אָנגעהויבען מאגער ווערן, בלאס ווערן און האָט זיך אוועקגעלעגט קראנק.

3.

קירסאנאָוו האָט זיך ניט באשעפטיגט מיט פּראקטיקע, אבער ער האָט גע־האלטען, אז ער האָט קיין רעכט ניט זיך צו ענטזאגען פון קומען צו א קאנסוליום. און אין יענער צייט — ארום א יאָהר נאָך דעם ווי ער איז געוואָרען א פּראָפעסאָר און א יאָהר פריהער איידער ער האָט חתונה געהאט מיט ווערא פּאוולאָוונא, האָבען די טייז פון פּעטערבורגער פּראקטיק שוין זעהר פיעל איהם גענומען איינלאַדען אויף קאנסוליומס. עס זיינען פאר דעם געווען צוויי אורזאכען. די ערשטע אורזאַך איז געווען, וואָס עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז עס איז באמת דא אויף דער וועלט א קלאָד בערנאר און אז ער וואָהנט אין פּאריז. איינער פון די טייז, וואָס איז געפאָהרען אין פּאריז עפּעס מיט א וויסענשאפטליכען צוועק פון וועלכען קיינער וויים ניט וואס עס איז געווען אזוינס, האָט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן קלאָד בערנאר'ן, אָט אזוי ווי ער שטעהט און געהט, א לעבעדיגען קלאָד בערנאר, אַן אמת'ן; האָט זיך פארגעשטעלט פאר איהם מיט אלע זיינע טשינען, ארדענס, באַ־ריהמטע פּאציענטען; און קלאָד בערנאר, איהם אויסהערענדיג ביי א האלבע שעה, האָט א זאָג געטהאָן: „אומזיסט זייט איהר געקומען אין פּאריז שטודירען די ער־פאָלגען פון דער מעדיצין, איהר האָט פאר דעם צוועק ניט געדארפט ארויספאָהרען פון פּעטערבורג". דער טויז האָט עס אָנגענומען פאר אן אטעסטאנט אויף זיינע אונטערזוכונגען און קומענדיג צוריק, האָט ער אָנגעהויבען ארויסצוריידען דעם נאָ־מען פון קלאָד בערנאר ניט ווייניגער ווי 10 מאָל א טאָג, צוגעבענדיג דערביי ניט ווייניגער ווי 5 מאָל א טאָג: „מיין געלעהרטער פריינד", אָדער „מיין בעריהמטער חבר אין דער וויסענשאפט". ווי זשע האָט ער געקאָנט ניט רופען קירסאנאָוו'ן אויף

קאנסוליומס ? מען קען ניט ניט רופען. די צווייטע אורזאך איז געווען נאך א וויכ־טיגערע: אלע טייז האבען געזעהן, אז קירסאנאוו נעהמט ביי זיי קיין פראקטיקע ניט אוועק, און ניט נאר נעהמט ער ניט אוועק, מען קען אפילו ביי איהם זיך ניט איינ־בעטען און מיט געוואלט קען מען איהם ניט מאכען אננעהמען קראנקע. עס איז בעוואוסט, אז ביי א סך פראקטיצירענדע טייז איז דא אזא מנהג: אויב וועלכער עס איז א קראנקער האלט ביי דער גסיסה און צוליעב דעם שלעכטען שיקזאל קען מען דעם קראנקען ניט משלח זיין אין אויסלאנד אדער אין עפעס א קוראָרט, דארף מען זעהן איהם אריינשפארען צו אן אנדער דאקטאר — און דער טויז איז אין אזא פאל זאגאר געגרייט אליין געלד צו געבען, אבי נעהם נאר צו. קירסאנאוו פלעגט זעלטען נעהמען אויף זיך צו היילען, אפילו ווען אזא טויז בעטען פלעגט, ער פלעגט, געוועהנ־ליך, רעקאמענדירען זיינע פריינד, וואס פלעגען זיך בעשעפטיגען מיט פראקטיקע, פאר זיך פלעגט ער לאזען נאר וויכטיגע פעלע, אזוינע וואס זיינען אינטערעסאנט אין וויסענשאפטליכען הינזיכט. ווי זשע קען מען ניט איינלאדען אויף קאנסול־יומס אזא חבר־דאקטאר, ווען מען קלאר בערנאר אליין קען און וואס נעהמט ניט אוועק קיין פראקטיקע ?

ביים מיליאנער פאלאזאוו איז געווען אלס דאקטאר איינער פון די גרעסטע טאיז טרומף, און ווען יעקאטערינא וואסיליעווגא איז קראנק געווארען, פלעגען א לאנגע צייט קאנסוליומס צוזאמענגעשטעלט ווערן פון גאלע—טאיז. צום סוף, ווען די לאגע איז געווארען זעהר ערנסט, האבען די טאיז באשלאסען איינצולאדען קירסאנאוו׳ן. אין אמת׳ן איז עס געווען א שווערע אויפגאבע פאר די טאיז: קיין קראנקהייט איז ביי דער קראנקער ניטא און די כחות האלטען אין איין פאלען. מען דארף דאך אויסזוכען א קראנקהייט: דער הויז דאקטאר האט עס געגעבען א נאמען **Atrofia Nervorum** „די נערוועז באקומען ניט קיין שפייז". צו איז דא אויף דער וועלט אזא קראנקהייט צו ניט, דאס ווייס איך ניט, אבער אויב אזא קראנקהייט איז פארהאן, דאמאלט קען זי, לויט מיין שכל נאך, ניט געהיילט ווע־רען. אבער, אויב ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מען קען איהר ניט אויס־היילען, היילט מען דאך, טו זאלען מיר עס איבערגעבען צו קירסאנאוו׳ן אדער ווען מען עס איז אן אנדערען פון זיינע פריינד—די חוצפה׳ניקעס, שנעקעס. אט אזוי איז קירסאנאוו ווידער גערופען געווארען אויף א קאנסוליום. מען האט די קראנקע אונטערזוכט, איהר אויסגעפרעגט; זי האט געענטפערט מיט חשק, זעהר

רוהיג; קירסאנאוו אבער איז נאך די ערשטע ווערטער אבגעשטאנען און האט נאר געקוקט ווי די טאיז האבען אונטערזוכט און אויסגעפרעגט; און ווען זיי האבען זיך אנגעארבייט און איהר אויסגעמוטשעט, וויפיעל עס פאדערט די אנשטענדיגקייט אין אזוינע פעלע, און זיי האבען געפרעגט קירסאנאוו'ן: „וואס געפינט איהר, אלעקסאנדער מאטאווייאיטש?“ האט ער געזאגט: „איך האב ניט גענוג אונטערזוכט די קראנקע. איך וועל דא בלייבען. עס איז אן אינטערעסאנטער פאל. אויב מען וועט ווידער דארפען מאכען א קאנסוליום, וועל איך זאגען קארל פיאדאריטש'ן — ד. ה. דעם דאקטאר, וואס האט איהר בעהאנדעלט און וואס האט גענומען שיינען פון פרייד, וואס זיין **Atrofia Nervorum** איז געראטעוועט געווארען.

ווען מען איז זיך פארנאנדערגעאנגען, האט קירסאנאוו זיך אוועקגעזעצט ביי דער קראנקער אויפ'ן בעט. די קראנקע האט א שמייכעל געטהאן מיט א שפאט.

— איך בעדויערע, וואס מיר זיינען ניט בעקאנט מיט אייך, האט ער אנגעהויבען — א דאקטאר דארף, מען זאל האבען צוטרוי צו איהם; עס קען זיין, מיר וועט זיך איינגעבען אייער פערטרויען צו פארדיענען. זיי פארשטעהן ניט אייער קראנקהייט, דא דארף מען אביסעל א טיעפערן בליק. אויסהערען אייער ברוסט, געבען אייך רפואות איז אין גאנצען ארויסגעווארפען. מען דארף נאר איין זאך: קענען אייער לאגע און צוזאמען א טראכט טהאן, צי קען מען ניט וואס עס איז טהאן? איהר וועט מיר העלפען אין דעם.

די קראנקע האט געשוויגען.

— איהר ווילט ניט רעדען מיט מיר?

די קראנקע האט געשוויגען.

— איהר ווילט, מן הסתם, זאגאר, אז איך זאל אוועקגעהן. איך בעט ביי אייך נאר צעהן מינוט צייט. אויב אין צעהן מינוט ארום וועט איהר אויך געפינען, ווי איצט, אז מיין אנוועזענהייט איז איבעריג, וועל איך אוועקגעהן. ווייסט איהר, אז איהר ליידעט פון קיין זאך ניט, נאר פון אומעט? ווייסט איהר, אז אויב אט דער געמיטה צושטאנד אייערער וועט אנהאלטען ווייטער אזוי, וועט אין צוויי—דריי וואכען ארום, און פיללייכט נאך פריהער, ניט מעהר זיין מעגליך אייך צו ראטעווען? און פיללייכט וועט איהר אפילו קיין צוויי וואכען מעהר ניט איבערלעבען?

איהר האָט איצט נאָך ניט קיין אויסצעהרונג, זי איז אָבער זעהר, זעהר נאָהענט און אין אייערע יאָהרען, ביי אייערע אנשטרענגונגען ענטוויקעלט זי זיך אונגעוויינליך שנעל און קען זיך ענדיגען אין עטליכע טעג.

די קראַנקע האָט געשוויגען.

—איהר ענטפערט ניט. איהר זייט אבער געבליבען גלייכגילטיג. הייסט עס, אַז מיינע ווערטער זיינען פאר אייך קיין נייעס ניט געווען. דערמיט, וואָס איהר שווייגט, ענטפערט איהר מיר „יא". ווייסט איהר, וואס כמעט יעדער אנדערער וואָלט געטהאָן אויף מיין ארט? ער וואָלט אוועק זיך דורכריידען מיט אייער פאָטער.

עס קען זיין, אַז מיין געשפרעך מיט איהם וואָלט אייך געראַטעוועט, אָבער, אויב איהר ווילט עס ניט, וועל איך עס ניט טהאָן. פארוואָס? איך האָב א כלל: געגען דעם ווילען פון א מענשען דארף מען קיין זאך ניט טהאָן פאר איהם; פרייהייט איז העכער פאר אלץ, זאָגאר העכער פאר'ן לעבען. דערפאר, אויב איהר ווילט ניט, אַז איך זאָל וויסען די אורזאַך פון אייער זעהר געפעהרליכער לאגע, וועל איך ניט זוכען צו דערוויסען זיך. אויב איהר וועט זאגען, אַז איהר ווילט שטארבען— וועל איך אייך נאָר בעטען מיר ערקלעהרען די אורזאכען פון דעם פערלאַנג; אויב זיי וועלען אפילו אויסקומען אין מיינע אויגען ניט גרינדליך, האָב איך אלץ קיין רעכט ניט אייך צו שטערן: אויב זיי וועלען מיר אויסווייזען פאר גרינדליך, בין איך פארפפליכטעט אייך צו העלפען און בין גרייט דערצו. איך בין גרייט אייך צו געבען גיפט. אויף די בעדינגונגען בעט איך אייך מיר זאָגען די אורזאכען פון אייער קראַנקהייט.

די קראַנקע האָט געשוויגען.

איהר ווילט ניט ענטפערן. איך האָב קיין רעכט ניט ווייטער אייך אויסצופרעגען. אָבער צי קען איך בעטען ביי אייך אן ערלויבניש אייך צו דערצעהלען וועגען זיך אליין דאָס, וואָס קען העלפען פארגרעסערן דעם צוטרוי צווישען אונז? יא? איך דאנק אייך. פון וואָס עס זאָל ניט זיין, איהר ליידעט אבער. איך לייד אויך. איך ליעב ליידענשאפטליך א פרוי, וועלכע ווייס אפילו ניט, און דארף קיין מאָל זיך ניט דערוויסען, אַז איך ליעב איהר. האָט איהר מיטלייד מיט מיר?

די קראַנקע האָט געשוויגען, נאָר זי האָט טרויעריג א קליין שמייכעל געטהאָן.

— איהר שווייגט, אָבער איהר האָט ניט געקאָנט בעהאַלטען, אַז מיינע ווער־

טער זיינען אביסעל מעהר באמערקט געוואָרען פון אייך ווי די פריהערדיגע. דאָס איז שוין געגוג: איך זעה, אז ביי מיר און ביי אייך איז דאָ איין אורזאַך פון ליידען. אייך ווילט זיך שטארבען? איך פארשטעה עס גאַנץ גוט. אבער צו שטארבען פון אויסצעהרונג נעהמט לאַנג און עס איז שווער. איך בין גערייט אייך צו העלפען שטארבען, אויב מען קען אייך מיט קיין אנדער זאך ניט העלפען — איך זאָג, אז איך בין גערייט אייך צו געבען גיפט, א שטארקען, אזא וואָס טוידט שנעל, גאָר אָהן ליידען. צי ווילט איהר אויף דער בעדינגונג מיר געבען א מעגליכקייט זיך צו דערוויסען, צי איז אייער לאַגע באמת אזא פארצווייפעלטע, ווי אייך ווייזט זיך אויס?

— איהר וועט מיך ניט אָבנאַרען? — האָט די קראַנקע ארויסגערעדט.

— קוקט אויפמערקזאם אריין אין מיינע אויגען — איהר וועט זעהן, אז איך וועל אייך ניט אָבנאַרען.

די קראַנקע האָט א ווייַלע זיך ניט בעשלאָסען. — ניין, אָבער איך קען אייך פאָרט גאַנץ ווייניג.

— אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט שוין גענומען זאָגען, אז דאָס געפיהל פון וועלכען איהר ליידעט איז גוט. איך וועל עס נאָך ניט זאָגען. ווייס אייער פאָטער פון דעם? איך בעט אייך צו געדיינקען, אז איך וועל מיט איהם ניט ריידען אָהן אייער ערלויבניש.

—ער ווייס ניט.

— ער ליעבט אייך?

— יאָ.

— וואָס מיינט איהר, וועל איך אייך איצט זאָגען? איהר זאָגט, ער ליעבט אייך; איך האָב געהערט, אז ער איז גיט קיין נארישער מענש. פאַר וואָס זשע דענקט איהר, אז עס איז אומזיסט איהם צו ענטדעקען אייער געפיהל. אז ער וועט ניט מסכים זיין? אויב די שטערונג וואָלט געווען נאָר אין דער אָרימקייט פון דעם מענשען, וואָס איהר ליעבט, וואָלט דאָס אייך דאָך ניט צוריקגעהאַלטען צו פּרובי־רען איבערצייגען אייער פאָטער, ער זאָל געבען זיין הסכמה — אזוי דענק איך. הייסט עס, אז איהר מיינט, דאָס אייער פאטער האָט א צו שלעכטע מיינונג וועגען איהם — קיין אנדער אורזאַך פאַר אייער פארשווייגען עס פון אייער פאָטער קען ניט זיין. איז עס אזוי?

די קראנקע האָט געשוויגען.

— קענטיג, איך האָב קיין טעות ניט געהאַט. וואָס טראַכט איך איצט? אייער פאָטער איז אַ מענטש אַן ערפאַהרענער אין לעבען, וואָס קען מענשען; איהר זייט ניט ערפאַהרען; אויב אַ געוויסער מענש דאַכט זיך איהם אויס פאַר שלעכט און אייך פאַר גוט, איז עס גיכער ווי אַלץ, אַז דעם טעות מאַכט איהר, ניט ער, איהר זעהט, אַז איך דאַרף אַזוי טראַכטען. ווילט איהר וויסען, פאַר וואָס איך זאָג אייך אַזאַ אונאַנגענעהמע זאַך? איך וועל אייך זאָגען. איהר קענט אייך אין כעס ווערען אויף מיינע ווערטער, איהר קענט פאַר דעם אָנהויבען פיהלען אַ שנאה צו מיר, איהר וועט אָבער פאָרט אַ טראַכט טהאָן: ער רעדט דאָס וואָס ער מיינט, פאַרשטעלט זיך ניט, וויל מיר ניט אָבנארען. איך געווין אין אייער צוטרויען. צי איז אמת, אַז איך רייד מיט אייך עהרליך?

די קראַנקע האָט געקווינקעלט, צו ענטפערען, אָדער ניט. — איהר זייט אַ זאָנדערבאַרער מענש, דאָקטאָר, האָט זי ענדליך אַרויסגערעדט.

— ניין, ניט קיין זאָנדערבאַרער, נאָר ניט עהנליך אויף אַן אָבנארער. איך האָב געזאָגט גלייך, וואָס איך טראַכט. אָבער דאָס איז נאָר מיינע אַ השערה. עס קען זיין, אַז איך האָב אַ טעות. ניט מיר אַ מעגליכקייט עס צו דערגעהן. רופט מיר אַן דעם מענשען, צו וועלכען איהר פיהלט אַ נייגונג. דאַמאָלט — נאָר, ווידער אויב איהר וועט עס ערלויבען — וועל איך דורכריידען מיט אייער פאָטער

— וואָס וועט איהר איהם זאָגען?

- ער קען איהם גוט?

- יאָ.

— אין דעם פאַל וועל איך איהם זאָגען, אַז ער זאָל מסכים זיין צו אייער שדוך, אָבער נאָר אונטער איין באַדינגונג: די צייט פון דער חתונה זאָל באַשטימט ווערען ניט איצט, נאָר אין צוויי, דריי חדשים אַרום, כדי איהר זאָלט האָבען צייט קאַלטבלוטיג צו בעטראַכטען, טאָמער איז אייער פאָטער גערעכט.

—ער וועט ניט מסכים זיין.

— גיכער ווי אַלץ, וועט ער יאָ מסכים זיין. אָבער אויב ניט וועל איך אייך העלפען, ווי געזאָגט.

קירסאַנאָוו האָט לאַנג גערעדט אין דעם זינען. צום סוף האָט ער אויסגע־פועלט, אַז די קראַנקע האָט איהם אויסגעזאָגט דעם נאָמען און ערלויבט דורכצו־

רײדען מיט'ן פאטער. אבער מיט'ן אלטען צו מאכען א טאלק, איז געווען נאך שווערער ווי מיט דער טאכטער. פאלאזאוו איז געווען שטארק פארוואונדערט, ווען ער האט דערהערט, אז די טאכטערס שוואכקייט קומט פון א האפנונגסלאזער ליעבע; נאך מעהר איז ער נשתומם געווארען, ווען ער האט דערהערט דעם נאמען פון דעם מאן, אין וועלכען זי האט זיך פארליעבט און האט ענטשלאסען געזאגט: „זאל זי בעסער שטארבען, איידער חתונה האבען מיט איהם. דער טוידט וועט זיין א קלענערע צרה אי פאר איהר, אי פאר מיר“. עס איז געווען זעהר א שווערע לאגע, נאך מעהר דערפאר, ווייל, אויסהערענדיג פאלאזאוו'ס טענות, האט קירסאנאוו געזעהן, אז גערעכט איז טאקי אין אמת'ן דער אלטער און ניט די טאכטער.

4.

חתנים האבען הונדערטערוויים זיך ארומגעדרעהט ארום דער יורשטע פון דעם גרויסען פארמעגענס; אבער די געזעלשאפט וואס פלעגט קומען מחנותוויז אויף פלאזאוו'ס מיטאגעסענס און אבענד־אונטערהאלטונגען, איז געווען יענע געזעלשאפט פון א גאנץ צווייפעלהאפטען טיפ, פון גאנץ צווייפעלהאפטער אינטעליגענץ, וואס האט פול געמאכט די זאלען פון אלע אזוינע גבירים ווי פאלאזאוו, וואס האבען זיך דערהויבען איבער דעם אייגענעם מעהר אדער ווייניגער אנשטענדיגען ענגען קרייז און וואס האבען ניט געהאט קיין פערבינדונגען אין דער אמת־הויכער, מעהר אדער ווייניגער אנשטענדיגער געזעלשאפט; אט די גבירים הויבען אן אבצופיטערן אלערליי שארלאטאנעס און פוסטעפאסניקעס, וואס זיינען אונאנשטענדיג זאגאר אין זייער אויסזעהן, שוין ניט ריידענדיג וועגען זייערע אינערליכע אייגענשאפטען. דערפאר איז קאטערינא וואסילעוונא געווארען פאראינטערעסירט, ווען צווישען איהרע קאוואלערן האט זיך באוויזען אן אמת'ער געזעלשאפטסמאן פון גוטען טאן: ער האט זיך געהאלטען פיעל עלעגאנטער פאר אלע אנדערע און גערעדט פיעל קליגער און אינטערעסאנטער פאר זיי. דער פאטער האט באלד באמערקט אז זי האט גענומען ארויסווייזען איהם מעהר אויפמערקזאמקייט ווי צו אלע אנדערע, און, זייענדיג א מענש וואס פארשטעהט א זאך, א ענטשידענער און פעסטער, האט ער גלייך ווי ער האט עס באמערקט, זיך דורכגערעדט מיט דער טאכטער: „מיין פריינד. קאטיא, סאלאווצאוו רייבט זיך שטארק ארום דיר; היט זיך פאר איהם: ער איז זעהר א שלעכטער מענש, א מענש אהן א שטיקעל נשמה; דו וואלסט געווען אזוי אונגליקליך מיט איהם, אז איך וואלט בעסער געוואלט דיר זעהן א טוידטע, איידער

אלס זיין פרוי; דאָס וואָלט געווען לייכטער אי פאר דיר, אי פאר מיר". קאטערינא וואסיליעווונא האָט דעם פאָטער געליעבט און איז געווען געוואָהנט צו אכטען זיין מיינונג; ער האָט קיין מאָל איהר ניט געשטערט; זי האָט געוואוסט, אז ער רעדט נאָר פון ליעבע צו איהר; די הויפטזאך איז געווען, וואס זי האָט געהאט אזא כא־ראקטער, דאָס זי פלעגט מעהר טראכטען וועגען די פערלאנגען פון די. וואס ליע־בען איהר, איידער פון איהרע אייגענע קאפריזען; זי איז געווען פון די. וואָס זאָגען זייערע מקורבים: „ווי איהר דענקט, אזוי וועל איך טהאָן". זי האָט גע־ענטפערט דעם פאָטער: „סאלאָווצאָוו געפעלט מיר, נאָר אויב איהר דענקט, אז פאַר מיר איז בעסער זיך צו דערווייטערן פון איהם, וועל איך אזוי טהאָן." געוויס וואָלט זי עס ניט געטהאָן און נאָך איהר כאראקטער — ניט צו זאָגען קיין ליגען — וואָלט זי עס ניט געזאָגט, ווען זי וואָלט געליעבט; אָבער איהר צובונד צו סאָ־לאָווצאָוו'ן איז געווען נאָך זעהר שוואך, האָט כמעט גאָר ניט עקסיסטירט דאמאָלט; ער איז געווען נאָר אינטערעסאנטער פאר די איבעריגע. זי איז געוואָרען קאלט מיט איהם; עס קען זיין, אז אלץ וואָלט פארביי גלאָט; אָבער דער פאטער האָט פון היטציגקייט אביסעל איבערגעזאָלצען, און פאר דעם פלינקען סאלאָווצאָוו איז דאָס אויך געווען גענוג. ער האָט דערזעהן, אז ער דארף שפּיעלען די ראָלע פון א קרבן; ווי זשע געפינט מען עפּעס א צוצעפעניש, אז מען זאָל קענען ווערען א קרבן? סאלאָוו האָט איינמאָל איהם עפּעס ארייגעזאָגט א שטאָכוואָרט; סאלאָווצאָוו האָט מיט ווירדע טרויער אין געזיכט זיך געזעגענט מיט איהם און אויפגעהערט קומען. אין א וואָך ארום האָט קאטערינא וואסיליעוונא באקו־מען פון איהם א ליידענשאפטליכען און זעהר א מוטהלאָזען בריעף אין דעם זינען, אז ער האָט קיין מאָל ניט געהאָפט, דאָס זי זאָל איהם ליעבען און אז פאר זיין גליק איז גענוג איהר אפּטמאָל צו זעהן, אפילו ניט ריידען, נאָר איינפאך זעהן; ער אָפּפערט אבער אויך מיט דעם גליק און איז פונדעסטוועגען אי גליקליך, אי ניט גליקליך און אזוי ווייטער, און קיינע בקשות, קיינע פערלאנגען. ער האָט אפילו קיין ענטפער ניט געבעטען. אזוינע בריעף האָבען געהאלטען אין קומען ביז זיי האָבען סוף כל סוף דאך געווירקט.

אָבער געווירקט האָבען זיי ניט זעהר גיך. קאטערינא וואסילעוונא איז אין דער ערשטער צייט נאך דעם ווי סאלאָווצאָוו האָט זיך דערווייטערט גאָר ניט געווען ניט אומעטיג, ניט פערטראכט, און פאר דעם איז זי שוין אויך געווען קאלט

מיט איהם און האָט גאַנץ רוהיג אנגענומען דעם פאטערס עצה זיך צו היטען פאַר איהם. דערפאַר, ווען אין א חדשים צוויי ארום האָט זי אָנגעהויבען צו ווערן אור־מעטיג, ווי אזוי האָט דעם פאטער געקאָנט קומען אויפ'ן שכל, אז אין דעם איז פאַר־מישט דער, וועגען וועלכען ער האָט שוין גאָר פארגעסען? — „דו ביזט עפּעס פארטרויערט, קאטיא". — „ניין, דאָס איז גאָר נישט, אזוי זיך". אין א וואָך, אין צוויי ארום הויבט דער אלטער שוין אָן צו פרעגען: „צו ביזטו ניט קראַנק, קאטיא"? — „ניין, גאָר נישט". — נאָך אין צוויי וואָכען ארום, זאָגט שוין דער אלטער: „דו מוזט זיך אָנהויבען קורירען, קאטיא!" — קאטיא הויבט זיך אָן קורי־רען און דער אלטער בארוהיגט זיך אין גאנצען, ווארום דער דאָקטאר געפינט קיין געפאהר ניט, נאָר אזוי עפּעס א שוואכקייט, א געוויסע פארמאטערטקייט און גאנץ גרינגליך באווייזט ער, ווי דער זאָרט לעבען וואס קאטערינא וואסיליעוונא האָט געפיהרט יענעם ווינטער — יעדען טאָג א באַל ביז צוויי, דריי אזייגער און עפּטער ביז פינף — מוז אויסמאַטערן. אָבער דאָס וועט פארביי. עס געהט אבער ניט פארביי, נאָר עס ווערט ערגער.

פאר וואָס זשע האָט קאטערינא וואסילעוונא גאר ניט געזאָגט דעם פאטער? — זי איז געווען זיכער, אז דאָס וואלט געווען אומזיסט; דער פאטער האָט דאמאָלט אזוי פעסט איהר געזאָגט, און ער רעדט ניט סתם אזוי. ער האָט ניט האָלט ארויס־צוזאָגען וועגען מענשען א מיינונג, וואס איז ניט פעסט ביי איהם; און ער וועט קיינמאָל ניט מסכים זיין צו איהר שדוך מיט א מענשען, וואס ער האלט פאר א פערדאָרבענעם

און אָט אזוי האָט קאטערינא וואסיליעוונא פאנטאזירט, פאנטאזירט לייענענ־דיג סאלאווצאווס האָפנונגסלאָזע בריעף, און נאָך א האלב יאָהר פון אזא לייענען איז זי שוין געווען אויף א האָר פון אויסצעהרונג. און דער פאָטער האָט פון קיין איין וואָרט איהרען ניט געקאָנט באמערקען, אז די קראַנקהייט קומט פון א זאך, און וועלכער ער אליין איז צום טהייל שולדיג: „די טאָכטער איז געווען מיט איהם צערטליך ווי פריהער". — „ביזטו מיט עפּעס אונצופריעדען?" — „מיט קיין זאך ניט, פאפא". — „אפשר זאָרגסטו וועגען וואס עס איז?" — „ניין, פאפא". מען זעהט אויך אז ניט". זי האָט עפּעס דעם מוטה פארלאָרען, אבער דאָס קומט דאָך פון שוואכקייט, פון קראנקהייט. און דער דאָקטאר זאָגט אויך: דאָס איז פון קראַנקהייט. פון וואנענט קומט אבער די קראַנקהייט? כל זמן דער דאָקטאר האָט

**געהאלטען די קראנקהייט פאר א פוסטע, האט ער זיך באגנוגט מיט'ן טאדלען די טענץ און די קארטען; און ווען ער האט באמערקט די געפאהר איז ארויפגע־שוואומען „דאס אויפהערן פון ערנעהרונג ביי די נערווען".**

## 5.

אבער אויב די פראקטיצירענדע טייז האבען צוגעשטימט, אז פריילין פאלא־זאווא האט **Atrofia Nevorum** וואס האט זיך אנטוויקעלט פון דעם אויס־מאטערנדען זארט לעבען ביי דער געבארענער נייגונג צו פאנטאזירען און צו פארטראכטקייט, האט אבער קירסאנאוו ניט געדארפט פיעל אונטערזוכען די קראנ־קע אום צו זעהן אז די כחות זיינען ביי איהר נעפאלען צוליעב א מאראלישע אור־זאך. פאר'ן קאנסוליום האט דער דאקטאר, וואס האט איהר בעהאנדעלט איהם ער־קלעהרט אלע בעציהונגען פון דער קראנקער: פאמיליען ערגערניש קיינע ניט: דער פאטער און די טאכטער לעבען גוט צווישען זיך. דער פאטער וויים פון דעסט־וועגען ניט די אורזאכען פאר וואס זי איז אזוי צורודערט, ווארום דער דאקטאר וויים עס ניט, וואס זשע איז עס? עס איז אבער קלאהר, אז די מיידעל האט א שטארקען כאראקטער, אויב זי האט געקאנט אזוי לאנג בעהאלטען, אז זי איז צור־רודערט און אויב זי האט די גאנצע צייט ניט געגעבען דעם פאטער די מעגליכקייט צו טרעפען די אורזאך: דער שטארקער כאראקטער האט זיך ארויסגעוויזען אויך אין דעם רוהיגען טאן פון איהרע ענטפערס אויפ'ן קאנסוליום. ניטא ביי איהר קיינע שפורען פון צורייצטקייט, זי טראגט פעסט אריבער איהר שיקזאל. קירסא־נאוו האט געזעהן, אז אזא מיידעל פארדיענט, דאס מען זאל מיט איהר זיך בא־שעפטיגען — צי קען מען ניט העלפען? זיך אריינצומישען, איז ביי איהם אויס־געקומען, איז נויטיג: געוויס וועט אזוי, אדער אנדערש אויך אהן איהם די זאך ווען עס איז זיך אויפקלעהרען, אבער צי וועט עס ניט זיין צו שפעט? די אויסצעהרונג איז זעהר נאהענט און דאמאלט וועט שוין קיין זארג ניט העלפען.

און ער האט א שעה צוויי זיך ארומגעמאטערט מיט דער קראנקער, האט בא־וויזען בייצוקומען איהר מיסטרויען, האט זיך דערוואוסט אין וואס די זאך בע־שטעהט און באקומען די ערלויבניש דורכצוריידען וועגען דעם מיט'ן פאטער.

דער אלטער איז געווען איבערראשט, ווען ער האט דערהערט פון קירסא־נאוו'ן, אז די אורזאך פון זיין טאכטערס קראנקהייט איז די ליעבע צו סאלאוו־

צאוו'ן. ווי אזוי איז עס? קאטיא האט דאמאלט קאלט אנגענומען די עצה זיך פון איהם צו דערווייטערן; זי איז געבליעבען אזוי גלייכגילטיג, ווען ער האט אויפגעהערט זיין ביי זיי. ווי זשע שטארבט זי פון ליעבע צו איהם? און בכלל, צו קען מען גאר שטארבען פון ליעבע? אזוינע אויפרעגונגען האבען געמוזט אויסקומען ניט גלויבליך א מענשען, וואס איז געווען געוואהנט צו פיהרען נאר א פראקטישען לעבען און צו קוקען אויף אלץ מיט א קאלטער אויסגערעכענקייט. קירסאנאוו האט לאנג מיט איהם זיך מתעסק געווען, ער האט אלץ דאס זייניגע גע'טענה'עט: „דאס איז די פאנטאזיע פון א קינד, וואס וועט זיך אנמאטערן און פארגעסן". קירסאנאוו האט ערקלעהרט, און צום סוף איהם באוויזען, אז דערפאר טאקע וועט זי ניט פארגעסן, נאר זי שטארבט, ווייל זי איז א קינד. פאלאזאוו האט זיך איינגעבראכען, האט זיך איבערצייגט, אבער אנשטאט נאכצוגעבען, האט ער א קלאפ געטהאן מיט'ן פויסט אין טיש און האט געזאגט מיט א פעסטען בעשלום: „אויב זי וועט שטארבען, זאל זי שטארבען: דאס איז בעסער, ווי זי וואלט געווען אונגליקליך. אי פאר מיר לייכטער, אי פאר איהר לייכטער"! דיזעלבע ווערטער, וואס ער האט מיט א האלב יאהר צוריק געזאגט דער טאכטער. קאטערינא וואסיליעוונא האט קיין טעות ניט געהאט, דיינקענדיג, אז עס איז אומזיסט מיט איהם צו ריידען.

— אבער צוליעב וואס זייט איהר אזוי איינגעשפארט? איך גלויב זעהר, אז ער איז א שלעכטער מענש; אבער צו איז ער שוין אזוי שלעכט אז דאס לעבען מיט איהם איז ערגער ווי דער טוידט?

— אזא. ער האט קיין נשמה ניט; זי איז א גוטע, א דעליקאטע, ער אבער איז א מאוסער פאסקודניאק. און פאלאזאוו האט זיך אוועקגעלאזען בעשרייבען סאלאווצאוו'ן, האט איהם באשריבען אזוי, אז קירסאנאוו האט ניט געפונען ווי אבצופרעגען. און אין אמת'ן, ווי האט ער געקאנט ניט איינשטימען מיט פאלאזאוו'ן? סאלאווצאוו איז געווען דערזעלבער זשאן, וואס האט דאמאלט, פאר מטארעשניקאוו'ס שדכנ'ן זיך, געגעסען צוזאמען מיט איהם, סערזש'ן און זשולי. דאס איז פאלשטענדיג ריכטיג, אז פאר אן אנשטענדיגע מיידעל איז פיעל בעסער צו שטארבען, איידער צו ווערן די ווייב פון אזא מענשען. ער וועט באשמוצען, פארפיהרען, וועט אויפעסען מיט זיין נידערטרעכטיגקייט אן אנשטענדיגע פרוי: פיעל בעסער איז פאר איהר צו שטארבען.

קירסאנאָוו האָט זיך פערטראַכט אויף עטליכע מינוט — ניין, האָט ער נאָכ־הער ארויסגעזאָגט — ווי אזוי האָב איך עס געלאָזט פון אייך זיך בעאיינפלו־סען? דאָס איז ניט געפעהרליך, טאַקע דערפאַר וואָס ער איז אזוי פערדאָרבען. זי וועט עס מוזען איינזעהן, גיט איהר נאָר צייט זיך רוהיג ארומצוקוקען. ער האָט גע־נומען רוהיג, אבער ענערגיש ערקלעהרען פאַר פּאָלאָזאָוו'ן דעם פּלאַן, וועלכען ער האָט דער טאַכטער ארויסגעזאָגט אלס השערה, אז זי וועט פיליכט אליין זיך ענטזאָגען פון איהר געליעבטען, אויב ער איז באמת אזוי שלעכט. איצט איז ער אין דעם געווען איבערצייגט, ווייל דער געליעבטער איז באמת געווען זעהר שלעכט.

— איך וועל אייך ניט זאָגען, אז די הייראַטה איז גאָר ניט אזוי שרעקליך. אויב מען קוקט אויף איהר קאַלטבלוטיג. דאָך אויב די פרוי איז אונגליקליך, פאַר וואָס זאָל זי זיך ניט פאַרנאַנדערגעהן מיט'ן מאַן? איהר האַלט אז דאָס איז ניט ערלויבט, אייער טאָכטער איז ערצויגען אין די באַגריפען, פאַר אייך און פאַר איהר איז עס באמת א פערלוסט אויף אייביג און איידער זי וועט זיך איבערדערציהען, וועט זי פון אזאַ מאַן אויסגעפייניגט ווערן ביז אין טוידט אריין, וואָס דאָס איז ערגער ווי אויסצעהרונג. מען דאַרף אָבער די זאַך נעהמען פון דער צווייטער זייט. פאַר וואָס לעגט איהר קיין האָפענונגען ניט אויף דעם שכל פון אייער טאָכטער? זי איז דאָך ניט משוגע? שטענדיג רעכענט אויפ'ן שכל, לאָזט איהם נאָר האַנדלען פריי, וועט ער אייך קיינמאָל ניט אבנאַרען אין א גערעכטער זאַך. איהר זייט אליין שולדיג, וואָס איהר האָט דעם שכל ביי אייער טאָכטער געהאַלטען געבונדען, בינדעט איהם פאַרנאַנדער און ער וועט איהר ברייננגען אויף אייער זייט, ווי באַלד אז דער אמת איז אויף אייער זייט. ליידענשאַפט פאַרבלענדעט, ווען זי באַגעגענט ווידער־שטאַנד: בעזייטיגט עס און אייער טאָכטער וועט ווערען פאַרנונפטיג. גיט איהר די פרייהייט צו ליעבען, און זי וועט זעהן צו איז דער מענש ווערטה איהר ליעבע. זאָל ער זיין איהר חתן, און אין איניגע צייט ארום וועט זי אליין איהם ענטזאָ־גען.

אזאַ זאָרט בליק אויף זאַכען איז געווען צו ניי פאַר פּאָלאָזאָוו'ן. ער האָט געענטפערט שאַרף, אז ער גלויבט ניט אין אזוינע פוסטע זאַכען, אז ער קען צו גוט דעם לעבען, אז ער האָט געזעהן צופיעל ביישפּיעלען פון מענשען אָהן קעפּ, ־־אָס ער זאָל קענען זיך פאַרלאָזען אויף זייער שכל, און נאָך לעכערליכער איז זיך

צו פארלאזען אויף דעם שכל פון א 17 יעהריגער מיידעל. אומזיסט האט קירסאנאוו געטעהנעט, אז זינלאזע זאכען ווערען אבגעטהאן נאר אין צוויי פעלע: ענטוועדער אין דער מינוט ווען עס פארברענט א זאך, אדער ווען א מענש האט ניט קיין פרייהייט און ווערט אויפגערעגט דורך א ווידערשטאנד. אזוינע בעגריפען זייגען אויסגעקומען ביי פאלאזאוו'ן משונה'דיג ווילד. — „זי איז משוגע; עס איז נאריש אנצוטרויען אזא קינד איהר שיקזאל; זאל זי בעסער שטארבען". — פון דעם פונקט האט מען איהם ניט געקאנט ארונטערברייגגען.

געוויס, ווי פעסט זאל ניט זיין די געדאנקען פון א מענשען, וואס איז פארפיהרט אין א טעות, אבער אויב א צווייטער מענש, וואס פארשטעהט בעסער א זאך, וועט שטענדיג ארבייטען אויף דעם, איהם פון זיין טעות ארויסצופיהרען, וועט דער טעות לאנג ניט קענען ביישטעהן. אזוי איז עס; אבער ווי פיעל צייט וועט נעהמען דער לאגישער קאמפף מיט'ן טעות? געוויס, אויך דער היינטיגער געשפרעך וועט ניט בלייבען אהן רעזולטאטען; כאטש איצט זעהט מען נאך ניט קיין איינפלוס אויף פאלאזאוו'ן, דאך וועט דער אלטער אנהויבען נאכטראכטען וועגען קירסאנאוו'ס ווערטער — דאס איז אונפערמיידליך, און אויב מען זאל אזוינע געשפרעכען מיט איהם אנהאלטען, וועט ער קומען צום שכל. אבער ער איז שטאלץ מיט זיין ערפאהרונג, האלט אז ער קען קיין טעות ניט מאכען, ער איז פעסט און איינגעשפארט און עס איז אונפערמיידליך א לאנגע פארשלעפעניש, אויב מען זאל מעטאדיש פיהרען דעם קאמפף.

מען מוז זיך כאפען פאר א ראדיקאלען מיטעל. עס איז א ריזיקע, דאס איז אמת. אבער נאך אלעמען איז עס נאר א ריזיקע, בעת אהן דעם איז עס אונטערגאנג. און די ריזיקע איז באמת אויך ניט אזוי גרויס, ווי עס דוכט זיך א מענשען, וואס איז ווייניגער פעסט אין זיינע בעגריפען מכח די געזעצען פון לעבען ווי קירסאנאוו. די ריזיקע איז גאר ניט גרויס. ערנסט איז עס אבער. אין דער גאנצער לאטעריי איז נאר איין נומער צו פארשפילען. עס איז ניט וואהרשיינליך, אז דוקא דער נומער זאל זיך אונטערדרייען, אבער אויב יא? ווער עס געהט אויף א ריזיקע דארף זיין גערייט ניט א פינטעל צו טהאן מיט'ן אויג, אויב עס וועט זיך אונטערדרוקען א פערלוסט. קירסאנאוו האט געזעהן די רוהיגע, שווייגענדיגע ענטשלאסענהייט פון דער מיידעל און איז אין איהר געוועזן זיכער. אבער צי האט ער א רעכט איהר צושטעלען אין אזא ריזיקע? געוויס, יא, איצט איז

אזוי: פון 100 שאנסען איז נאר איינער, אז זי וועט אין דער זאך איהר געזונד ניט צו גרונד ברייגגען; מעהר ווי א העלפט שאנסען זיינען אז זי וועט שנעל אונטער־געהן; דא אבער וועט נאר איין שאנס געגען טויזענד זיין געגען איהר. זאל זי רי־זיקירען אין דער לאטערייע, וואס איז לפנים שרעקליכער, ווייל זי איז שנעלער, אבער וואס איז אין תוך געגומען פיעל ווייניגער געפעהרליך.

— גוט — האט קירסאנאוו געזאגט — איהר ווילט זי ניט העלפען מיט די מיטלען, וואס זיינען אין אייער מאכט וועל איך היילען מיט מיינע מיטלען. מארגען וועל איך ווידער צוזאמענרופען א קאנסוליום.

זיך אומקעהרענדיג צו דער קראנקער, האט ער איהר געזאגט, אז דער פא־טער איז פאר'עקשנט — מעהר פאר'עקשנ'ט ווי ער האט ערווארט און אז מען וועט דארפען ווירקען געגען איהם מיט שטרענגע מיטלען.

— ניין, קיין זאך וועט ניט העלפען, — האט טרויעריג געזאגט די קראנקע.

— זייט איהר זיכער אין דעם?

— יא.

— זייט איהר גערייט צו שטארבען?

— יא.

— וואס וועט זיין, אויב איך וועל אייך שטעלען אין געפאהר צו שטארבען? איך האב גערעדט וועגען דעם פארבייגעהענדיג, כדי צו געווינען אייער צוטרויען, צו ווייזען אייך, אז איך בין מסכים אויף אלץ, וואס עס וועט זיין נויטיג פאר אייך; איצט רייד איך באשטימטע רייד. וואס וועט זיין, אויב עס זאל אויסקומען אייך צו געבען גיפט?

— איך זעה שוין לאנג, אז דער טויט איז אונפערמיידליך, אז מיר איז גע־בליעבען צו לעבען נאר עטליכע טעג.

— און אויב מארגען פריה?

— איז נאך בעסער. זי האט גערעדט גאנץ רוהיג.

— ווען עס בלייבט נאר איין רעטונג — צו רופען אלס אנשפאר דאס גע־רייט זיין צו שטארבען, העלפט אזא אנשפאר שטענדיג. אויב דו וועסט זאגען: „געה, אז ניט שטארב איך“ — וועט מען שטענדיג דיר נאכגעבען; אבער זיך שפיע־לען מיט אזא גרויסען פרינציפ טאר מען ניט; און מען קען זיך ניט דערנידעריגען, ווארום אויב מען וועט ניט נאכגעבען, מוז מען טאקע שטארבען. ער האט איהר

ערקלעהרט דעם פּלאַן, וואָס איז שוין אויך דעם לעזער פאַרשטענדליך פון די אַלע רייד.

6.

געוויס, אין אַנדערע אַזוינע פעלע וואָלט קירסאַנאָוו אפילו ניט געטראַכט זיך צו באַשליסען אויף אַזאַ ריזיקע. גאַנץ איינפאַך וואָלט געווען: אָוועקפיהרען די מיידעל פון הויז און זאָל זי חתונה האָבען מיט וועמען זי וויל. דאָ אָבער איז די זאַך געוואָרען מעהר פאַרפּלאָנטערט דורך די בעגריפען פון דער מיידעל און דורך די אייגענשאַפטען פון דעם מענשען וועמען זי האָט געליעבט. לויט איהרע בעגריע־פען אַז די פרוי איז אויף אייביג פאַרבונדען מיט'ן מאַן, וואָלט זי זיך געהאַלטען פעסט אָן דעם צרה'דיגען מאַן, ווען זי וואָלט שוין אפילו דערזעהן אַז דאָס לעבען מיט איהם איז אַ מאַטערניש. איהר צו פאַראייניגען מיט איהם, הייסט ערגער איידער איהר דער'הרג'ענען. דערפאַר איז געבליעבען נאָר איין מיטעל — ענטוועד־דער טוידטען, אָדער געבען איהר אַ מעגליכקייט צו קומען צום שכל.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז צוזאַמענגעקומען אַ קאָנסוליום פון די גרעסטע באַ־ריהמטהייטען פון דער מעדיצינישער פּראַקטיק אין דער הויכער געזעלשאַפט; עס זיינען געווען גאַנצע פינף מענשען פון די וויכטיגסטע: ווי קען מען אַנדערש וויר־קען אויף פּאָלאָזאָוו'ן? עס איז נויטיג, אַז אין זייגע אויגען זאָל דער פּסק זיין אַזאַ, געגען וועלכען מען קען שוין גאַר ניט טהאָן. קירסאַנאָוו האָט געזאָגט — זיי האָ־בען ערנסט זיך צוגעהערט און ערנסט צוגעבאַמקעט — אַז אַנדערש קען מען ניט, וואָרום איהר ווייסט דאָך, אַז אויף דער וועלט איז דאָ אַ קלאַד בערנאַר, וואָס וואָהנט אין פּאַריז, און אויסער דעם רעדט אָט דער קירסאַנאָוו עפּעס וועגען אַזעלכע זאַכען — דער טייוועל זאָל נעהמען די שנעקעס, וואָס דו פאַרשטעהסט גאַר ניט: ווי זשע קען מען ניט צובאַמקען?

קירסאַנאָוו האָט געזאָגט, אַז ער האָט זעהר אויפמערקזאַם אונטערזוכט די קראַנקע און אַז ער שטימט פאָלקאָם איין מיט קאַרל פיאָדאָריטש'ען, דאָס די קראַנקהייט איז אונהיילבאַר; די גסיסה פון אַזאַ קראַנקהייט איז זעהר אַ שווע־רע; און בכלל איז יעדער איבעריגע שעה, וואָס די קראַנקע לעבט, אַן איבעריגע שעה פון ליידען; דערפאַר האַלט ער, אַז עס איז די פליכט פון קאָנסוליום אָנצור־נעהמען אַ בעשלוס, אַז צוליעב מענשענליעבע מוז מען מאַכען אַ סוף צו די ליידען פון דער קראַנקער און מען דאַרף איהר איינגעבען אַזאַ דאָזע מאָרפיון, פון וועל־

כער זי זאָל זיך שוין ניט אויפכאַפּען. נאָך אַזאַ דרשה האָט ער אַריינגעפיהרט דעם קאָנסוליום ווידער צו אונטערזוכען די קראַנקע אום אָנצונעהמען אדער צו פאַר־וואַרפען זיין מיינונג. דער קאָנסוליום האָט אונטערזוכט קוקענדיג ווי תמיד אונ־טער דעם שטענדיגען האָגעל פון, דער שוואַרץ יאָהר ווייס וואָס פאַר'ע אונפער־שטענדליכע ערקלעהרונגען קירסאַנאָווס, דאַן האָט דער קאָנסוליום זיך צוריקגע־קעהרט אין יענעם צימער, וואס איז געווען ווייט פון דער קראַנקער און האָט אנגע־נומען א בעשלוס: מאכען א סוף צו די ליידען פון דער קראַנקער דורך דעם, וואָס מען זאָל איהר איינגעבען אזא פּאַרציע מארפין וואס וועט איהר דערטוידטען.

ווען דיעזער בעשלוס איז אָנגענומען געוואָרען, האָט קירסאַנאָוו אנגעקלונגען צום דיענער און איהם געהייסען אריינפיהרען פּאָלאָזאָוו'ן אין זאָל פון קאָנסוליום. פּאָלאָזאָוו איז אריין. דער וויכטיגסטער פון די חכמים האָט אין א פאַסיגער ערנסט־פּאַראַדנער שפּראַך און מאַיעסטעטיש־כמורנער שטים איהם ערקלעהרט דעם בעשלוס פון קאָנסוליום.

פּאָלאָזאָוו האָט געפיהלט ווי מען וואָלט איהם געגעבען מיט א דובינע איבער'ן קאָפּ. ערוואַרטען דעם טוידט, כאָטש אפילו גיך, אבער דאָך ניט באשטימט ווען. און צי איז גאָר אינגאַנצען זיכער? אבער דערהערען: אין א האַלבע שעה ארום, וועט זי שוין מעהר ניט זיין צווישען די לעבעדיגע — דאָס זיינען צוויי גאַנץ פאַרשיע־דענע זאַכען. קירסאַנאָוו האָט געקוקט אויף פּאָלאָזאָוו'ן מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט: ער איז געווען גאַנץ זיכער אין דעם רעזולטאַט, פון דעסטוועגען איז עס פּאַרט געווען א זאַך, וואָס מאכט נערוועז: א מינוט צוויי האָט דער אַלטער געשוויגען, א פאַרגלושעטער.

— „מען דאַרף ניט! זי שטאַרבט פון מיין עקשנות! איך בין ניט מסכים. צי קען זי נאָך געזונד ווערן?“ — „געוויס“, האָט קירסאַנאָוו געזאָגט.

די באַריהמטהייטען וואָלטען שטאַרק בייז געווען. אויב זיי וואָלטען געהאַט צייט בייז צו ווערן. ד. ה. זיך דורכקוקענדיג איינער מיט'ן צווייטען וואָלטען זיי דערזעהן, אז מיינע חברים פאַרשטעהן אויך ווי איך, אז מיר זיינען געווען נאַר קוקלעם אין די הענד פון דעם שנעק, אבער קירסאַנאָוו האָט קיינעם ניט געגעבען קיין מעגליכקייט נאָכצוקוקען, ווי אנדערע קוקען אויף איהם. קירסאַנאָוו האָט גע־הייסען דעם דיענער ארויספיהרען דעם פאַרגלושעטען פּאָלאָזאָוו'ן און האָט שוין זיי געדאַנקט פאַר די שאַרפזיניגקייט, מיט וועלכע זיי האָבען אזוי גוט פערשטאַ־

נען זיין פלאן, אז די אורזאך פון דער קראנקהייט איז א מאראלישע ליידען, און אז מען האט געמוזט איינשרעקען דעם עקשן, וואס וואלט, אז ניט. באמת געלאזט די טאכטער אונטערגעהן. די באריהמטהייטען זיינען זיך פארנאנדערגעפאהרען און יעדער איינער איז געווען צופריעדען, וואס זיין געלעהרטקייט און שארפזיניגקייט זיינען געווען דערוויזען פאר אנדערע.

שנעל ארויסגעבענדיג זיי דעם אסיסטאנט, איז קירסאנאוו אוועק אנזאגען דער קראנקער, אז די זאך האט זיך איינגעגעבען. זי האט ביי זיינע ערשטע ווער־טער איהם אנגעכאפט פאר'ן האנד און ער האט קוים באוויזען עם ארויסצורייסען, זי זאל ניט א קוש טהאן איהם אין האנד. „איך וועל אבער ניט גיך צולאזען צו אייך אייער פאטער, ער זאל אייך דאס זעלבע ערקלעהרען: ער מוז פריהער אויס־הערן ביי מיר א לעקציע, ווי ער דארף זיך האלטען“. ער האט איהר געזאגט, וואס ער וועט איהר פאטער אנזאגען און אז ער וועט ניט אבשטעהן ביז ער וועט עם ניט אריינקלאפען איהם אין קאפ גרינדליך.

ערשיטערט דורך די ווירקונג פון קאנסוליום, איז דער אלטער געווארען פיעל ארונטערגעפאלען ביי זיך און האט שוין געקוקט אויף קירסאנאוו'ן ניט מיט אזוי־נע אויגען ווי נעכטען, נאר ווי מאריא אלעקסעיעווונא האט אמאל געקוקט אויף לאפוכאוו'ן, ווען לאפוכאוו האט זיך איהר גע'חלום'ט, אז ער געהט דיענען אין אקציז. נעכטען איז פאלאזאוו'ן אויסגעקומען גאנץ נאטירליך דער געדאנק: „איך בין עלטער פאר דיר און ערפאהרענער און עס איז ניטא אויף דער וועלט קיינער וואס זאל זיין קליגער פאר מיר; און דיר שנעק און קבצן, דארף איך שוין געוויס ניט הערען, בעת איך האב מיט מיין שכל אנגעקליבען 2 מיליאן (אין אמת'ן איז געווען זיין פארמעגען נאר 2 מיליאן, ניט 4) קלייב דו אויך אן אזא קאפיטאל, וועסטו דאמאלט קענען ריידען“. איצט אבער האט ער געטראכט: דאס איז א בער, האט עס אביסעל א דריי געטהאן, קען צוברעכען“. און וואס מעהר ער האט גע־רעדט מיט קירסאנאוו'ן, אלץ לעבעדיגער האט זיך באוויזען פאר זיינע אויגען נאך אן אנדער בילד, אויסער דאס בילד פון א בער, א שוין לאנג פארגעסענע ערינע־רונג פון גוסארסקען לעבען: ווי דער רייטלעהרער זאכארטשענקא זיצט אויף זיין פערד און דער פערד טאנצט זיך דורך אונטער זאכארטשענקא, נאר די ליפען זיי־נען ביים פערד שטארק איינגעריסען ביז אין בלוט אריין. פאלאזאוו'ן איז געווען שרעקליך צו הערען, ווי קירסאנאוו האט געענטפערט אויף זיין ערשטע פראגע.

— צי דען וואָלט איהר אין אמת'ן איהר געגעבען אזא פּאָרציע, וואָס זאָל איהר טוידטען?

— געווים, גאָר אָהן שום ספק, האָט קירסאנאָוו גאנץ קאַלטבלוטיג געענטפערט.

— וואָס פאַר א מערדער! ער רעדט ווי א שוחט וועגען א געקוילעטע הוהן. און איהר וואָלט געהאט מוטה דערצו?

— איך זאָל נאָך דאָס אויך ניט האָבען — וואָס פאַר א שמאַטע — א מענש וואָלט איך געווען?

— איהר זייט א שרעקליכער מענש! — האָט פאַלאַזאָוו איבערגע'חזר'ט.

— דאָס הייסט, אז איהר האָט קיין שרעקליכע מענשען נאָך ניט געזעהן, — האָט קירסאנאָוו געענטפערט מיט א שמייכעל, טראַכטענדיג ביי זיך: „ווען איך וואָלט דיר געוויזען ראכמעטאָוו'ן!"

— ווי זשע האָט איהר די אַלע דאָקטוירים פאַרדרעהט דעם קאָפּ?

— אזוי ווי עס וואָלט גאָר שווער געווען אזוינע מענשען צו פאַרדרעהען דעם קאָפּ! — האָט קירסאנאָוו געזאָגט מיט א לייכטען קרים.

פאַלאַזאָוו האָט זיך דערמאָנט אן זאראַכטשענקא, ווי ער פלעגט זאָגען דעם שטאָדטמיסטער וואַלינאָוו: „מען האָט מיר געבראַכט אָט דעם מיט אראָפּהענגענדע אויערן איך זאָל איהם איינברעכען, פּשוט א שאַנדע פאַר מיר זיך זעצען רייטען אויף איהם".

מאַכענדיג א סוף צו די אַלע פראַגען פאַלאַזאָווס, האָט קירסאנאָוו אנגעהויבען אריינרעדען מיט איהם ווי ער דאַרף זיך האַלטען. — געדיינקט, אז א מענש קען אורטהיילען נאָר דאַמאָלט, ווען מען שטערט איהם גאָר ניט, און אז ער קאָכט זיך ניט נאָר דאַמאָלט, ווען מען ברייגנט איהם ניט ארויס פון געדולד; אז זיינע פאַנטאַזיעס זיינען נאָר דאַמאָלט ביי איהם טייער, ווען מען נעהמט זיי ניט אוועק ביי איהם, ווען מען לאָזט איהם אליין זיי גוט ארומקוקען, צו זיינען זיי גוט. אויב סאָלאָווצאָוו איז אזוי שלעכט, ווי איהר בעשרייבט איהם — און איך גלויב עס זעהר — וועט אייער טאָכטער אליין עס איינזעהן; נאָר אויב איהר וועט ניט שטערן, וועט ניט ערוועקען ביי איהר דעם געדאַנק, אז איהר אינטריגירט געגען איהם און באמיהט זיך זיי פאַרנאַנדערצורייסען. אייער איין פּיינדליך וואָרט אויף זיין חשבון וועט שטערן די זאַך אויף צוויי וואָכען; עטליכע ווערטער —

אויף אייביג. איהר דארפט זיך האלטען אין גאנצען אן א זייט. די לעהרע איז גע־
ווען פארשטארקט מיט אזוינע באווייזע: „איז עס לייכט אייך צו צווינגען
טהאָן, וואָס איהר ווילט ניט? פון דעסטוועגען האָב איך אייך דאך געצוואונגען.
הייסט עס, אז איך ווייס ווי מען דארף זיך נעהמען פאר א זאך: טו גלויבט זשע,
וואָס איך זאָג, אזוי דארף מען טהאָן. וואס איך זאָג, ווייס איך, איהר דארפט
נאָר פאָלגען". מיט אזוינע מענשען, ווי דער דאמאָלסדיגער פּאלאזאָוו קען מען
אנדערש ניט האנדלען ווי נאָר מיט געוואלט, ארויפטרעטענדיג אויפ'ן האלז. פּאלאָ־
זאָוו איז געוואָרען אויסגעמושטירט, האָט פארשפּראָכען זיך צו האלטען, ווי מען
האָט איהם אָנגעזאָגט. אָבער אפילו זיך איבערצייגענדיג, אז קירסאנאָוו רעדט צו
דער זאך, און אז מען דארף איהם פאלגען, האָט פּאלאזאָוו נאָך אלץ ניט אנגעהוי־
בען צו פארשטעהן, וואס פאר א זאָרט מענש איז עס: ער איז אי אויף זיין זייט, אי
אויף דער זייט פון דער טאָכטער: ער צווינגט איהם זיך אונטערצוגעבען אונטער
דער טאָכטער און וויל פון דעסטוועגען אז די טאָכטער זאָל איהר ווילען ענדערן. ווי
קען מען דאָס אלץ פאראייניגען?

— גאנץ איינפאך, איך וויל, אז איהר זאָלט איהר ניט שטערן קומען צום
שכל, דאָס גאר. —

פּאלאזאָוו האָט אָנגעשריבען סאלאווצאָוו'ן א צעטעל, אין וועלכען ער האָט
איהם געבעטען קומען וועגען זעהר א וויכטיגע אנגעלעגענהייט; אין אָבענד איז
סאלאָווצאָוו געקומען, האָט דורכגעפיהרט זעהר א צערטליכע און פול מיט זעלבסט־
ווירדע ערקלעהרונג מיט'ן אלטען, איז ערקלעהרט געוואָרען פאר א חתן מיט דעם
באדינג, אז די חתונה זאָל זיין אין דריי חדשים ארום.

7.

קירסאנאָוו האָט די זאך ניט געקאָנט אוועקוואַרפען: מען האָט געמוזט העלפען
קאטערינא וואסיליעוונא, וואס גיכער ארויס פון פארבלענדעניש און נאָך מעהר
האָט מען געדארפט נאָכקוקען נאָך איהר פאָטער איהם אונטערשטיצען אין דער
טרייהייט צו דער אנגענומענער מעטאָדע פון זיך ניט אריינמישען. ער האָט אָבער
געהאלטען פאר ניט בעקוועם צו זיין ביי די פּאלאזאָוו'ס אין די ערשטע טעג נאָכ'ן
קריזיס; אויב ער וועט דערזעהן (און דאָס מוז מען ערוואַרטען), אז דער חתן איז
אַ טויגעניכטס, וועט אפילו זיין שווייגענדיגע אונצופריעדענהייט, און ניט נאָר
זיין דירעקטע מיינונג, ברייגנען שאדען און וועט בעגייען איהר אויפרעגונג. קיר־

סאנאָוו איז פאַרפאַהרען צו זיין אין א וואך — אנדערהאַלבען ארום, און אין דער פריה, כדי אליין ניט צו זוכען קיין באַגעגעניש מיט'ן חתן נאָר צו באקומען אויף דעם די הסכמה פון קאטערינא וואסילעווונא. קאטערינא וואסילעווונא איז שוין געווען פיעל בעסער, איז געווען נאך מאַגער און בלאַס, אבער פאַלקאַם געזונד, כאָטש זי האָט נאך אלץ זיך געקארמעט מיט די רעצעפּטען פון דעם פריהערדיגען באַריהמ־טען דאָקטאר, וועמען קירסאנאָוו האָט איהר איבערגעגעבען צוריק מיט די ווער־טער: „האלט זיך ביי איהם; איצט ווען שוין קיינע פון זיינע רפואות אייך קיין שאדען ניט ברייננען, אויב איהר זאָלט זיי אפילו איינגעהמען". קאטערינא וואַ־סילעוונא האָט באגעגענט קירסאנאָוו'ן מיט גרוים שמחה, נאָר זי האָט געקוקט אויף איהם מיט פארוואונדערטע אויגען, ווען ער האָט איהר ערקלעהרט צו וואס ער איז געקומען.

— איהר האָט מיר דעם לעבען געראטעוועט, און בעט נאך מיין ערלויבנים אונז צו באזוכען!

— אבער מיין בעזוך אין זיין אנוועזענהייט וואָלט אייך געקאָנט זיך אויס־ווייזען ווי א פּראָבע זיך אריינצומישען אין אייערע בעציהונגען אָהן אייער ערלויב־ניס. איהר ווייסט מיין כלל: ניט צו טהאָן קיין זאך אָהן דעם גוטען ווילען פון דעם מענשען, פאר וועמעס נוצען איך וויל האנדלען. —

קומענדיג אויפ'ן צווייטען אָדער דריטען טאָג אין אבענד האָט קירסאנאָוו גע־זעהן דעם חתן פּונקט אזא, ווי פאַלאַזאָוו האָט איהם באַשריבען און מיט פאַלאַ־זאָוו'ן איז ער געווען צופרידען: דער אויסגעמושטירטער אלטער האָט דער טאכטער ניט געשטערט. קירסאנאָוו איז אבגעזעסען אַן אבענד, ניט ארויסגעבענדיג מיט קיין זאך זיין מיינונג וועגען חתן און, זיך געזעגנענדיג מיט קאטערינא וואסילעוונא, האָט ער ניט געגעבען קיין אַנצוהערעניש אויף דעם ווי דער חתן איז איהם געפעלען געוואָרען.

דאָס איז געווען גענוג צו ערוועקען איהר נייגיריגקייט און צווייפעל. אויפ'ן צווייטען טאָג האָט אָהן אויפהער זיך איינגעעגסען אין איהר א געדאנק: „קירסאַ־נאָוו האָט א ווארט מיר ניט געזאָגט וועגען איהם. אויב ער וואָלט געמאכט א גוטען איינדרוק אויף קירסאנאָוו'ן וואָלט קירסאנאָוו מיר עס געזאָגט. אבער צי דען איז ער איהם ניט געפעלען געוואָרען? וואָס זשע האָט געקאָנט ניט געפעלען ווערן אין איהם?" ווען דער חתן איז אין אבענד געקומען האָט זי זיך צוגעקוקט צו זיין

באנעהמונג, האָט זיך איינגעטראכט אין זיינע ווערטער. זי האָט צו זיך געזאָגט, אז זי טהוט עס מיט דעם צוועק אום זיך צו איבערציינען, אז קירסאנאָוו האָט ניט געקאָנט געפינען קיינע פעהלערן אין איהם. דאָס איז טאַקע אזוי געווען. אבער דאָס אליין, וואָס מען דארף זיך דערוויזען, אז אין דעם געליעבטען מענשען איז ניטאָ קיין פעהלערן, פיהרט שוין דערצו, דאָס מען הויבט באלד אָן די פעהלערן צו באמערקען.

אין עטליכע טעג ארום איז קירסאנאָוו ווידער געווען און האָט ווידער איהר ניט געזאָגט קיין איין וואָרט וועגען דעם, ווי דער חתן איז איהר געפעהלען געוואָרען. דעם מאָל האָט זי שוין ניט אויסגעהאלטען און צו ענד פון אבענד האָט זי געזאָגט — „אייער מיינונג? פאר וואָס שווייגט איהר?"

— איך ווייס ניט, צי וועט איך זיין אנגענעהם אויסצוהערן מיין מיינונג, איך ווייס ניט, צי וועט איהר די מיינונג האלטען פאר אונפּארטייאיש.

— ער געפעהלט אייך ניט?

— קירסאנאָוו האָט געשוויגען.

— ער געפעהלט אייך ניט?

— איך האָב עס ניט געזאָגט.

— דאָס זעהט מען שוין. מיט וואָס געפעהלט ער אייך ניט?

— איך וועל ווארטען ביז עס וועט ווערען קענטיג אייך דאָס מיט וואָס ער געפעהלט מיר ניט.

דעם נעכסטען אבענד האָט קאטערינא וואסילעוונא נאָך מיט מעהר אויפמערקזאמקייט זיך צוגעקוקט צו סאלאָווצאָוו'ן. „אין איהם איז אלץ גוט; קירסאנאָוו איז אונגערעכט; אבער פאר וואָס קען איך ניט באמערקען דאָס, וואָס קירסאנאָוו'ן, געפעהלט ניט אין איהם?" עס האָט איהר פארדראָסען פאר וואָס זי קען ניט בעאבאכטען און זי האָט געטראכט: „צי דען בין איך אזא פּראָסטע?" איהר זעלבסטליעבע איז געוואָרען ערוועקט אין א ריכטונג, וואָס איז געווען באזונדערס געפעהרליך פאר'ן חתן.

ווען קירסאנאָוו איז ווידער געקומען אין עטליכע טעג ארום, האָט ער שוין באמערקט, אז מען קען ווירקען שטארקער. ביז איצט האָט ער אויסגעמיטען צו פיהרען געשפּרעכען מיט סאלאָווצאָוו'ן, אום ניט ארויסצורופען קיין אונרוהע ביי קאטערינא וואסיליעווא, דערמיט וואָס ער מישט זיך צו פריה אריין. איצט האָט

ער זיך צוגעזעצט צו דער גרופּע ארום איהר און סאלאָווצאָוו'ן און האָט גענומען פאָרפיהרען א געשפּרעך, וועגען זאַכען, פון וועלכע מען האָט שוין געקאָנט ארויס־זעהן סאלאָווצאָוו'ס כאראקטער און גענומען איהם אריינציהען אין געשפּרעך. עס האָט זיך געפיהרט א געשפּרעך וועגען רייכקייט און קאטערינא וואסיליעוונא האָט זיך גענומען אויסווייזען, אז סאלאָווצאָוו איז צופיעל פארנומען מיט געדאנקען וועגען רייכקייט; עס איז פארפיהרט געווארען א געשפּרעך וועגען פרויען און איהר האָט זיך געדאכט, אז סאלאָווצאָוו רעדט וועגען זיי צו לייכט; עס איז אוועק א געשפּרעך וועגען פאמיליען־לעבען — זי האָט אומזיסט זיך באמיהט צו פערטריי־בען דעם איינדרוק, אז א ווייב וועט זיין זעהר קאלט און שווער צו לעבען מיט אַזאַ מאַן.

דער קריזיס איז פארגעקומען. קאטערינא וואסיליעוונא האָט לאנג ניט גע־קאָנט איינשלאָפען, האָט אלץ געוויינט — פון פערדרום אויף זיך אליין, וואס זי באַליידיגט סאלאָווצאָוו'ן מיט אזוינע געדאנקען וועגען איהם. „ניין, ער איז ניט קיין קאלטער מענש: ער פעראכטעט ניט די פרויען; ער ליעבט מיר און ניט מיין פארמעגען". ווען דאָס וואָלט געווען אן ענטפער אויף ווערטער פון אן אנדער מענ־שען, וואָלטען זיי פעסט זיך געהאלטען ביי איהר אין מוח. אבער זי האָט געזוכט אבצופרעגען זיך אליין און גענען אן אמת, וואָס דו אליין געפינסט אויס, קען מען לאנג ניט באשטעהן — עס איז דאך אן אייגענע זאך; אין דעם קען מען דאך קיין הינטערגעדאנקען ניט זוכען. דעם נעכסטען אבענד האָט קאטערינא וואסיליעוונא שוין אליין גענומען אויספרובירען סאלאָווצאָוו'ן, אזוי ווי נעכטען האָט עס קיר־סאנאָוו געטהאָן. זי האָט זיך געוואָלט איינריידען, אז זי טהוט עס נאַר, ווייל זי וויל זיך איבערצייגען, אז זי בעליידיגט איהם אומזיסט, זי האָט אבער אליין שוין גע־פיהלט, אז זי טרויט איהם ניט. זי האָט ווידער לאנג ניט געקאָנט איינשלאָפען, אָבער פערדראָסען האָט איהר שוין אויף איהם: פאר וואָס האָט ער גערעדט אזוי, דאָס ער האָט ניט בארוהיגט איהרע ספקות, נאָר זיי נאָך פארשטארקט? עס האָט איהר פארדראָסען אויף זיך אויך, אבער אין דעם פארדרוס האָט זיך שוין געהערט: „ווי אזוי האָב איך געקאָנט זיין אזוי בלינד?"

עס איז פארשטענדליך, אז אין א טאָג, צוויי ארום איז זי שוין געווען פול פון שרעק פון דעם איין געדאנק: „באלד וועל איך פארלירען די מעגליכקייט גוט צו מאכען מיין טעות, אויב איך האָב אין איהם א טעות געהאט".

ווען קירסאנאָוו איז געקומען דעם צווייטען מאָל, האָט ער דערזעהן, אז ער קען שוין מיט איהר ריידען!

„איהר האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף מיין מיינונג וועגען איהם, האָט ער געזאָגט, דאָס איז ניט אזוי וויכטיג ווי אייער מיינונג. וואָס דענקט איהר וועגען איהם?"

איצט האָט זי געשוויגען.

— איך האָב ניט קיין העזה אויסצופרעגען — האָט ער געזאָגט. ער האָט גענומען ריידען וועגען אנדערע זאכען און איז אוועק אַן א זייט.

אָבער אין א האלבע שעה ארום איז זי אליין צו צו איהם.

— „גיט מיר אן עצה: איהר זעהט, מיינע געדאנקען שאקלען זיך".

— צו וואָס דארפט איהר א פרעמדע עצה, ווען איהר ווייסט אליין, וואָס מען דארף טהאָן אויב א ספק פאלט אריין אין די געדאנקען.

— ווארטען ביז דער ספק וועט פארביי?

— איהר ווייסט אליין.

—איך וועל אָבלעגען די חתונה.

— פארוואָס ניט אבלעגען, וויבאלד איהר געפינט עס פאר בעסער?

— אָבער ווי וועט ער עס אויפנעהמען?

— ווען איהר וועט זעהן, ווי ער וועט עס אויפנעהמען, וועט איהר ווידער א טראכט טהאָן וואָס בעסער איז.

— אָבער מיר איז שווער עס איהם צו זאָגען.

— אויב אזוי, גיט איבער אייער פאטער, אז ער זאל איהם דאָס זאָגען.

— איך וויל זיך ניט בעהאלטען הינטער אן אנדערן. איך וועל אליין זאָגען.

— אויב איהר פיהלט, אז איהר האָט כח אליין צו זאָגען איז עס, געוויס, פיעל בעסער.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז מיט אנדערע, צ. ב. מיט ווערא פאוולאָוונא וואָלט ניט געטויגט אזוי לאנגזאם צו פיהרען די זאך. אבער יעדער טעמפּעראַמענט האָט זיינע בעזונדערע פאדערונגען. אויב א היציגער מענש ווערט אויפגערעגט פון לאנגזאמער סיסטעמאטישקייט, ווערט א שטילער מענש בייז, אויב מען קעהרט איהם אום א זאך מיט אמאָל.

דער ערפאָלג פון קאטערינא וואסילעוונאס געשפרעך מיט'ן חתן האָט איבער־

געשטיגען קירסאנאָווס אַלע האָפנונגען. קירסאנאָוו האָט געמיינט, אַז סאלאָוו־צאָוו וועט כאַטש קענען צוליעב זיינע פלענער זיך איינהאַלטען און וועט פארשלעפּען די זאַך דורך אונטערטעהעניגקייט און בקשות. ניין, ווי אויסגע־האַלטען סאלאָווצאָוו איז ניט געווען, האָט ער דאָך אויסגעפּלאַצט, ווען ער האָט דערזעהן, אַז דאָס גרויסע פארמעגען גליטשט זיך אַרויס פון זיינע הענד און האָט אליין דורכגעלאָזען זאָגאר די שוואַכע שאַנסען, וואָס זיינען איהם נאָך געבליע־בען. ער האָט זיך צונאָסען אין שאַרפע פאַרווירפע אויף פאלאזאָוו'ן, וועמען ער האָט באַשולדיגט, אַז ער אינטריגירט געגען איהם; האָט געזאָגט קאַטערינא וואַ־סילעוונא, אַז זי גיט דעם פאָטער צו פיעל מאַכט איבער זיך, האָט מורא פאַר איהם און האַנדעלט נאָך זיינע בעפעהלען. פאלאזאָוו האָט אָבער זאָגאר נאָך ניט געוואוסט וועגען דעם בעשלוס פון דער טאָכטער אָבצולעגען די חתונה; די טאָכ־טער האָט שטענדיג געפיהלט, אַז ער לאָזט איהר איבער פולע פרייהייט. די פאר־ווירפע צום פאָטער האָבען איהר פערשאַפט קריינקונג, ווייל זיי זיינען געווען אונ־גערעכט און דערצו האָבען זיי איהר באַליידיגט, ווייל אין זיי האָט זיך אַרויסגע־וויזען סאלאָווצאָוו'ס בליק אויף איהר, ווי אויף אַ פערזאָן, וועמען עס פעהלט ווילען און כאַראַקטער, „איהר האַלט מיך, דאַכט זיך, פאַר אַ שפּיעלצייג אין פרעמדע הענד“? — „יאָ“, האָט ער געזאָגט מיט כעס. — „איך האָב זיך פאַרגענומען צו שטאַרבען, ניט טראַכטענדיג וועגען פאָטער און איהר פארשטעהט עס ניט! פון דער מינוט אָן איז צווישען אונז אַלץ געענדיגט“ — האָט זי געזאָגט און איז שנעל אַרויס פון צימער.

8.

נאָך יענער געשיכטע איז קאַטערינא וואַסילעוונא לאַנג געווען אומעטיג; אָבער איהר אומעט, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט ביי דער געלעגענהייט, האָט שוין געהאַט אַ שייכות ניט נאָר צו דעם איין פאַל. עס זיינען דאָ אַזוינע נאַטורען, פאַר וועלכע אַן איינצעלנער פאַקט איז פאַר זיך אַליין ווייניג וואָס אינטערעסאַנט און דיענט נאָר אויפצואוועקען אַלגעמיינע געדאַנקען, וואָס ווירקען אויף זיי פיעל שטאַרקער. אויב ביי אַזוינע מענשען איז דער שכל זעהר אַ שטאַרקער, דאַמאָלט ווערען זיי רעפאָרמאַטאָרען פון אַלגעמיינע אידעען, און אין אַלטערטהום פלעגען זיי ווערן גרויסע פילאָזאָפען. קאַנט, העגעל, פיכטע האָבען ניט בעאַרבייט קיין איינציגע פראַגע באַזונדער. דאָס איז געווען פאַר זיי לאַנגווייליג. דאָס איז אָבער

גערעדט נאָר וועגן מאַנסבילען: די פרויען אָבער האָבן דאָך ביי היינטיגע צייטען קיין שטאַרקען שכל ניט — מען זאָגט דאָך, אַז די נאַטור האָט זיי ענטזאָגט אין דעם, פּונקט ווי זי האָט ענטזאָגט די שמידען, אַז זיי זאָלען ניט האָבען קיין צערטליכע געזיכטספאַרב, די שניידער — זיי זאָלען ניט האָבען קיין שלאַנקע פיגור; די שוסטער — זיי זאָלען ניט האָבען קיין שטאַרקען חוש הרח — דאָס אַלץ וואַרפט מען אַרויף אויף די נאַטור. און דערפאַר, זאָגט מען, איז אויך ניט פאַראַן צווישען פרויען קיין גרויסע בעלי־שכל. מענשען מיט אַ גאַנץ קליינעם שכל און אַזאַ זאָרט כאַראַקטער זיינען פלעגמאַטיש ביז געפיהללאָזיגקייט. מענשען מיט אַ געוועהנליכען שכל זיינען גענייגט צו פאַרטראַכטקייט, צו אַ שטילען לעבען און האָבען, בכלל, האַלט זיך צו פאַר'חלומ'ן. דאָס הייסט נאָך ניט אַז זיי זיינען פאַנטאַזיאָרען: זיי האָבען אַ צו קליינע איינבילדונגסקראַפט און זיי זיינען זעהר געזעצטע מענשען: זיי האָבען פשוט האָלט שטילע פאַרטראַכטקייט.

קאַטערינא וואַסיליעוונא האָט זיך פאַרליעבט אין סאַלאָווצאָוו'ן פאַר זיינע בריעף; זי איז געשטאָרבען פון ליעבע, וואָס איז געווען באַגרינדעט נאָר אין איהרע געדאַנקען. פון דעם אַליין זעהט מען שוין, אַז זי איז דאַמאָלסט געווען אויפגעלעגט זעהר ראָמאַנטיש. און דאָס רוישיגע לעבען פון דער וואָלגאַרער געזעלשאַפט, וואָס האָט דאַמאָלט פול געמאַכט פּאָלאָזאָוו'ס הויז, האָט גאָר ניט געקענט מאַכען אויפגעלעגט צו זיין אידעאַליסטיש. הייסט עס, אַז דיעזער שטריך איז געקומען פון איהר אייגענער נאַטור. איהר איז שוין לאַנג שווער געוואָרען דער גערויש: זי האָט האָלט געהאַט צו לייענען און צו חלומען. איצט איז די עשירות אַליין איהר געוואָרען צו לאַסט, ניט נאָר דער גערויש, וואָס האָט די עשירות אַרומגערינגעלט. צוליעב דעם געפיהל דאַרף מען איהר ניט האַלטען פאַר קיין אונגעוועהנליכע נאַטור: עס טרעפט זיך ביי אַלע רייכע פרויען פון אַ בעשיידענעם און שטילען כאַראַקטער. ביי איהר האָט עס נאָר זיך ענטוויקעלט מעהר ווי געוועהנליך, ווייל זי האָט פריהצייטיג באַקומען אַ שטאַרקע לעקציע.

„וועמען קען איך גלויבען? וואָס קען איך גלויבען?" האָט זי זיך געפרעגט נאָך דער געשיכטע מיט סאַלאָווצאָוו'ן און זי האָט געזעהן: קיינעם ניט, קיין זאַך ניט. די רייכקייט פון איהר פאָטער האָט צוגעצויגען צו זיי פון דער גאַנצער שטאָדט געלד־גייציגקייט, ליסטיגקייט, נאַרעריי. זי איז געווען אַרומגערינגעלט מיט ענגאַ-

איסטען, ליגנער, אונטערלעקער: יעדער ווארט, וואָס איז געזאָגט געוואָרען איהר, איז געווען אויסגערעכענט אויף די מיליאָנען פון איהר פאָטער.

איהרע געדאנקען זיינען געוואָרען אַלץ ערנסטער. זי האָט גענומען זיך פערטראַכטען איבער אַלגעמיינע פראגען מכח עשירות, וואָס שטערט איהר אַזוי שטאַרק און וועגען ארימקייט, וואָס פייניגט אַזוי אַנדערע. דער פאָטער האָט איהר געגעבען גענוג געלד אויף קליינינקייטען און, ווי יעדער גוטע פרוי, האָט זי גענומען העלפען ארימע לייט. זי האָט אבער געלעזען און געטראַכט און זי האָט אָנגעהויבען באַמערקען, אַז אַזאַ הילף ווי זי ווייזט ארויס, ברייננט ווייניגער נוצען ווי עס וואָלט געדאַרפט ברייננען. זי האָט אָנגעהויבען זיך ארומזעהן, אַז צופיעל נאַרען איהר אָפּ אַזוינע וואָס מאַכען זיך פאַר אָרימע לייט, אָדער סתם פאַרדאָרבענע און אַז זאָגאַר די מענשען, וואָס פאַרדיענען געהאָלפען צו ווערען און וואָס קענען זיך באַנוצען מיט די געלד, אפילו זיי ברייננט דאָס געלד ניט קיין פעסטע הילף: אָט ווערען זיי ארויסגעהאָלפען פון אַן אונגליק און אין אַ האַלב יאָהר, העכסטענס אין אַ יאָהר ארום, זיינען זיי ווידער אין אַזאַ אונגליק. זי האָט אָנגעהויבען נאָכטראַכטען — צו וואָס איז די רייכקייט, וואָס פאַרדאַרבט אַזוי די מענשען? און פאַר וואָס שטעהט די אָרימקייט אַזוי ניט אָפּ פון אַנדערע? און פאַר וואָס זעהט זי אַזוי פיעל ארימעלייט, וואָס זיינען פונקט אַזוי אָהן שכל און פאַרדאָרבען ווי די רייכע?

זי איז געווען אַ בעל־חלומות, אבער איהרע חלומות זיינען געווען אַזוי שטיל ווי איהר כאַראַקטער און אין זיי איז געווען פונקט אַזוי ווייניג גלאַנץ ווי אין איהר אַליין. איהר געליעבטער דיכטער איז געווען זשאָרזש זאַנד; זי האָט אבער זיך ניט געהאַלטען ניט פאַר קיין לעליא, ניט פאַר קיין אינדיאַנאַ, ניט פאַר קיין קאָוואַלקאַנטי, ניט זאָגאַר פאַר קיין קאָנסועלאָ; זי האָט זיך פאָרגעשטעלט אין איהרע חלומות פאַר אַזשיינאַ, נאָר עפּטער ווי אַלץ — פאַר זשענעוויעוואַ. זשענעוויעוואַ איז געווען איהר געליעבטע העלדין. אָט געהט זי איבער'ן פעלד און קלייבט בלומען, וואָס וועלען זיין אַ מוסטער פאַר איהר ארבייט, אָט באַגעגענט זי אַנדרעאַ — וואָס פאַר'ע שטילע באַגעגענישען! אָט באַמערקען זיי, אַז זיי ליעבען איינע די אַנדערע. דאָס זיינען געווען איהרע חלומות, וועגען וועלכע זי האָט אַליין געוואוסט, אַז זיי זיינען נאָר חלומות. זי האָט אבער האָלט געהאַט צו פאַנטאַזירען ווי שטאַרק מען דאַרף מקנא זיין דעם שיקזאַל פון מיס נאַיטינגעל אָט דער שטי־

לער, באשיידענער מיידעל, וועגען וועלכע קיינער ווייס קיין זאך ניט און וועגען וועלכער עס איז ניטאָ קיין זאך צו וויסען מעהר ווי דאָס, אז זי איז דער ליעבלינג פון גאַנץ ענגלאנד: צי איז זי יונג? צי איז זי רייך? צי איז זי אָרים? צי איז זי אליין גליקליך, אדער אונגליקליך? קיינער רעדט וועגען דעם ניט, קיינער טראַכט וועגען דעם ניט, אלע בענטשען נאָר די מיידעל, וועלכע איז געווען א מלאך — א טרייסטערין פאר די ענגלענדער אין די האָספיטאלען פון קרים און סקוטארי, און וועלכע האָט נאָך דער מלחמה, קומענדיג צוריק אהיים מיט די הונדערטע דורך איהר געראַטעוועטע, אלץ ניט אויפגעהערט צו זארגען וועגען קראַנקע... דאָס זיינען געווען די פאַנטאַזיעס, וועלכע קאַטערינא וואסיליעוונא וואלט געוואָלט זעהן דערפילט. ווייטער ווי די געדאַנקען וועגען זשענעוויעווא און מיס נאַיטינגעל זיינען איהרע פאַנטאַזיעס ניט געגאַנגען. צי קען מען דען זאָגען, אז זי האָט געהאַט פאַנטאַזיעס? און צי קען מען דען איהר אָנרופען בעל־חלומות?

זשענעוויעווא אין דער טומעלדיגער, וואולגארער געזעלשאַפט פון שאַרלאַטאַנעס און שלעכטע פראַנטען, מיס נאַיטינגעל אין ליידיגער לוקסוס, צי דען האָט איהר געקאָנט ניט זיין לאַנגווייליג און אומעטיג? דערפאר איז קאַטערינא וואַסיליעוונא געווען כמעט מעהר דערפרעהט ווי פאַרטרויערט, ווען איהר פאָטער איז געגאַנגען באַנקראָט. עס האָט איהר געקריינקט צו קוקען אויף איהם, וואס איז געוואָרען מיט אמאָל א זקן פון א קרעפטיגען, נאָך ניט אלטען מאַן; עס האָט איהר אויך פאַרדראָסען, וואס איהרע מיטלען צו העלפען אנדערע זיינען מיט אמאָל אזוי פאַרקלענערט געוואָרען: צום ערשטען מאָל איז געווען פאַר איהר בעלייריגענד צו זעהן די פאַרנאַכלעסיגונג מצד פון יענעם המון, וואָס פלעגט זיך דרעהען אין דרייען פאר איהר און איהר פאָטער. אבער עס איז איהר אויך אנגענעהם געווען, וואָס אָט דער וואולגארער, לאַנגווייליגער, עקעלהאַפטער המון האָט זיי פאַרלאָזען, האָט אויפגעהערט איהר צו שטערן אין איהר לעבען, און איהר אויפצורעגען דורך די פאַלשקייט און נידערטרעכטיגקייט: איצט איז איהר געוואָרען אזוי פריי. עס האָט זיך באוויזען א האָפנונג אויף גליק: „איצט, אויב איך וועל אין וועמען עס איז געפינען א צובונד, וועט עס זיין א צובונד צו מיר און ניט צו מיין פאָטערס מיליאָנען“.

9.

פאַלאַזאָוו האָט געוואָלט דורכפיהרען דעם פאַרקויף פון דער ליכטפאבריק, אין

וועלכער ער האָט געהאט א חלק און פון וועלכער ער איז געווען דער פערוואַלטער. נאָך דעם ווי ער האָט א האלב יאָהר אָדער מעהר שטארק געזוכט, האָט ער געפונען א קונה. אויף דער וויזיטקארטע פון דעם קונה איז געווען געשריבען Charles Beaumont אבער אויסגעשפּראָכען האָט מען ניט שארל באָמאָן, נאָר טשארלז ביומאָנט. און עס איז גאנץ נאַטירליך וואס מען האָט אזוי עס אויסגעשפּראָכען: דער קויפער איז געווען אן אגענט פון דער לאַנדאָנער פירמע האַרטשסאָן, לאָטער און קאָמפּ. אויף איינצוקויפען חלב און סטארין. די פאַבריק האָט ניט געקאָנט ווייטער אָנגעהן ביי דעם קלאָגענדיגען פינאַנציעלען און אַדמיניסטראַטיווען צושטאַנד פון דער אקציען־געזעלשאַפט; אבער אין די הענד פון א שטארקער פירמע האָט זי געדארפט געבען גרויס הכנסה: אויב מען זאָל אויסגעבען אויף איהר פינף הונדערט טויזענד רובעל, האָט מען געקאָנט רעכענען אויף הונדערט טויזענד רובעל הכנסה. דער אגענט איז געווען א מענש, א געוויסענהאפטער; ער האָט ארומגעקוקט אויפמערקזאם די פאבריק, האָט זיך פארנאַנדערגעקליבען מיט אַלע איינצעלהייטען אין די ביכער איידער ער האָט געהייסען דער פירמע עס קויפען; נאָכהער האָבען זיך אנגעהויבען די פערהאנדלונגען מיט דער געזעלשאפט וועגען פארקויפען די פאבריק, זיי האָבען זיך פארשלעפּט זעהר לאַנג לויט דעם כאראקטער פון אונזערע אקציען־געזעלשאפטען, פון וועלכע עס וואָלט געפּלאַצט די גערולדיגע זאגאר ביי די גערולדיגע גריכען, וואס האָבען געקאָנט צעהן יאָהר נאָכאנאַנד האַלטען בעלאַגערט טראָיא. פּאָלאזאָוו איז די גאנצע צייט ארומגעגאַנגען ארום דעם אגענט, לויט דער אלטער געוואָהנהייט נאָכצוגעהן נאָך נויטיגע מענשען און האָט איהם אלץ איינגעלאַדען צו זיך אויף מיטאג־עסען. דער אגענט האָט זיך געהאלטען פון ווייטען און האָט א לאַנגע צייט זיך ענטזאגט פון דער איינלאַדונג; אבער איינמאָל, ווען ער האָט צו לאַנג זיך פארזעסען ביי די פערהאנדלונגען מיט דער פערוואַלטונג, זיינענדיג פערמאַטערט און הונגעריג, האָט ער איינגעשטימט צו געהן עסען צו פּאָלאָזאָוו'ן, וועלכער האָט געוואָהנט אין זעלבען הויז.

טשארלז ביומאנט, ווי עס פּאַסט פאר יעדען טשארלז, דזשאהן, דזשיימס און וויליאם איז ניט געווען קיין בעלן זיך אריינצולאָזען אין אינטימע און הארציגע געשפּרעכען; אָבער ווען מען פלעגט איהם פרעגען, פלעגט ער דערצעהלען זיין געשיכטע ניט אין פיעל ווערטער, אבער גאנץ קלאָהר. זיין פאמיליע, האָט ער גע־

זאָגט, האָט געשטאַמט פון קאַנאַדאַ; אין קאַנאַדאַ באַשטעהט כמעט א העלפט בעֿ־
פעלקערונג פון די יורשים פון אמאָליגע פראַנצויזישע קאָלאָניסטען; אויך ער האָט
געשטאַמט פון אזא פאַמיליע און דערפאַר איז זיין פאַמיליען נאָמען געווען מעהר
פון פראַנצויזישען פאַסאָן און נאָכ׳ן אויסזעהן איז ער אויך געווען מעהר עהנליך
אויף א פראַנצויז ווי אויף אן ענגלענדער אָדער יענקי. אבער זיין זיידע, האָט ער
ווייטער דערצעהלט, איז אריבערגעפאָהרען פון קוויבעק אין די געגענדען ארום ניו־
יאָרק; דאָס פאַסירט אויך. נאָכהער איז ער, זעלבסטפערשטענדליך, אויפגעוואַק־
סען און איז געוואָרען א דערוואַקסענער מאַן; צו יענער צייט האָט איינעם א
רייכען מאַן און פּראָגרעסיסט אין לאַנדווירטשאַפט זיך פאַרוואָלט איינפיהרען
ביי זיך, אויפ׳ן דרום־ברעג פון קרים, אנשטאָט וויינגערטנער, פּלאַנטאַציעס פון
בוים־וואָל׳ ער האָט איינעם בעאויפטראַגט צו געפינען פאַר איהם א פערוואַל־
טער אין די פעראייניגטע שטאַטען; מען האָט געקראָגען דזשיימס ביומאָנט׳ן,
וואָס האָט געשטאַמט פון קאַנאַדאַ און האָט געוואָהנט אין ניו־יאָרק. ד. ה. א מענ־
שען, וואָס האָט אויף אזוי פיעל וויאַרסט ווייט אין זיין לעבען קיין בוימוואָל
פּלאַנטאַציע ניט אָנגעזעהן, ווי מיר מיט אייך לעזער האָבען פון פעטערבורג אויס,
ניט געקאָנט זעהן דעם באַרג אררט; אָבער אזוי איז שוין שטענדיג מיט די זאָרט
פּראָגרעסיסטען. אמת איז, אז דערפון וואָס דער אמעריקאַנער פערוואַלטער האָט
אין זיין לעבען קיין פּלאַנטאַציע ניט געזעהן, איז די זאַך אויף א האָר ניט ערגער
געוואָרען, ווארום איינפיהרען אין קרים בוימוואָל איז דאָס זעלבע ווי אין פּע־
טערבורג פאַרפלאַנצען וויינגערטנער. אבער ווען דאָס האָט זיך ארויסגעוויזען, איז
דער אמעריקאַנער פערוואַלטער געווען ענטלאַסען פון דער בוימוואָל־פּלאַנטאַציע
און איז געוואָרען אין טאַמבאָווער גובערניע אן אָנגעשטעלטער אין א בראַנפען־
ברענעריי, דאָרט האָט ער אבגעלעבט זיין גאַנצען לעבען, דאָרט איז אויסגעוואַק־
סען זיין זוהן טשאַרלז און דאָרט איז זיין פרוי באַגראָבען געוואָרען. זייענדיג
א יאָהר 65 אלט און אָנקלייבענדיג אביסעל געלד האָט ער זיך מישב געווען זיך
אומצוקעהרען צוריק אין אמעריקא און אזוי האָט ער געטהאָן. טשאַרלז איז דאַ־
מאָלט אלט געווען 20 יאָהר: ווען דער פאָטער איז געשטאָרבען האָט טשאַרלז זיך
באַשלאָסען אומצוקעהרען צוריק אין רוסלאַנד, וואָרים זייענדיג געבאָרען און אב־
לעבענדיג 20 יאָהר אין טאַמבאָווער דאָרף, האָט ער זיך געפיהלט ווי א רוס. מיט׳ן
פאָטער האָט ער געוואָהנט אין ניו־יאָרק און איז געווען א קלוירק אין א קאַנטאָר

פון א האנדעלספירמע. ווען דער פאָטער איז געשטארבען איז ער אריבער אין דער ניו־יאָרקער קאנטאר פון דער לאָנדאָנער פירמע האדטשסאָן, לאטער און קאָם. ווייל ער האָט געוואוסט אז זיי האָבען געשעפטען מיט פעטערבורג און ווען ער האָט זיך ביי דער פירמע גוט רעקאָמענדירט, האָט ער אויסגעדריקט דעם וואונש צו בעקומען א שטעל אין רוסלאנד, ערקלעהרענדיג אז ער קען רוסלאנד ווי זיין אייגענע פאטערלאנד. צו האָבען אזא אנגעשטעלטען אין רוסלאנד איז, זעלבסט־פערשטענדליך, געווען גאנץ נוצליך פאר דער פירמע; מען האָט איהם אריבער־געזעצט אין דער לאָנדאָנער פירמע אויף פראבע, מען האָט איהם אויסגע־פרובירט און אָט א האלב יאָהר פאר'ן מיטאגעסען ביי די פאלאַזאָווס, איז ער געקומען אין פעטערבורג אלס אגענט פון דער פירמע וועגען חלב און סטארין מיט א געהאלט פון 500 פונט סטערלינג א יאָהר. ווי עס פאסט זיך אין רומעל מיט דער געשיכטע האָט ביומאנט, וואס איז געבוירען געווארען און וואס האָט 20 יאָהר אבגעלעבט אין טאמבאווער גובערניע אלס איינציגער אמעריקאנער אָדער ענגלענדער אויף גאנצע 20, 50 אָדער 100 וויארסט ארום מיט א פאטער, וואָס פלעגט גאנצע טעג פארברענגען אויף דער פאבריק, אלזא ווי עס פאסט זיך פאר דער געשיכטע, האָט טשארלז ביומאנט גערעדט רוסיש ווי אן עכטער רוס, בעת ענגליש האָט ער גערעדט אפילו געלויפיג, אבער ניט אין גאנצען ריין, ווי עס פאסט פאר א מענשען, וואס האָט נאָר אלס דערוואקסענער פערבראכט עטליכע יאהר אין א לאנד, וואו מען רעדט ענגליש.

.10

ביומאנט האָט ביים מיטאגעסען זיך דערזעהן זאלבע דריט: מיט'ן אלטען און מיט זעהר א ליעבער, אביסעל א פערטראכטער בלאָנדינקע, זיין טאָכטער.

— צי האָב איך ווען עס איז געטראכט, האָט פאלאַזאָוו געזאָגט ביים מיטאג, אז די אקציעס פון דער פאבריק וועלען האָבען עפּעס א וויכטיגקייט פאר מיר! עס איז שווער אויף די עלטערע יאָהרען צו קריגען אזא קלאפּ. עס איז נאָך גוט, וואס קאטיא האָט אזוי גלייכגילטיג אריבערגעטראָגען, וואָס איך האָב פארלאָרען איהר פארמעגען, וואָרום אויך אפילו ביי מיין לעבען איז עס געווען מעהר איהר פארמעגען ווי מיינער: איהר מוטער האָט געהאט א קאפּיטאל, איך—ווייניג; געוויס האָב איך פון יעדען רובעל געהאט געמאכט צוואנציג, הייסט עס פון דער צוויי־טער זייט איז עס געווען מעהר פון מיין ארבייט, ווי פון דער ירושה; און איך

האָב דאָך שווער אריינגעארבייט! און מען האָט אויך געדארפט קענען! — דער אַלטער האָט לאַנג גערעדט אין דעם זעלבסטבעריהמערישען טאָן. — נאָכהער איז עס מיט בלוט און הויפטזעכליך מיט שכל געווען אויפגעטהאָן. צום סוף האָט ער איבערגעחזרט די הקדמה, אז עס איז שווער אריבערצוטראגען אזא קלאַפּ און אַז אויב קאטיא וואלט זיך גענומען צום הארצען, וואלט ער, וואהרשיינליך, פון זינען אראָפּ; אָבער ניט נאָר פּארדריסט עס קאטיא'ן אליין ניט, נאָר זי שטיצט נאָך אויך איהם, דעם אלטען.

לויט דעם אמעריקאנישען מנהג ניט צו זעהן קיין אונגעוועהנליכע זאַך ניט אין גיבען רייך ווערן, ניט אין דעם גיבען אָרים ווערן, אויך לויט זיין אייגענעם כאראקטער האָט ביומאנט ניט געהאט קיין חשק צו קומען אין גרויס התפּעלות פון דעם גרויסען קאָפּמענשען, וואס האָט „געמאכט" דריי—פּיער מיליאָן, ניט זיך שטארק צו נעהמען צום הארצען וועגען דעם, וואָס ער איז געוואָרען אזא „יורד", אז ער האָט נאָך אלץ געקאָנט האלטען א קוכער: מען האָט דאָך אָבער געדארפט וואס עס איז זאגען אלס בעווייז פון סימפּאטיע צו וואס עס איז פון דער לאנגער רעדע: דערפאר האָט ער געזאָגט: — „יא, עס איז א גרויסע ערלייכטערונג, ווען א פאמיליע טראָגט אריבער אונאננעהמליכקייט הארמאָניש"

— איהר רעדט עפּעס צוויפלענדיג, קארל יאקאוויטש. איהד מיינט, אז וויל קאטיא איז פערטראכט, הייסט עס, אז איהר פּארדריסט וועגען די רייכקייט? ניין, קארל יאקאוויטש, איהר באליידיגט איהר אומזיסט. איך און זי האָבען אן אנדער צרה: מיר האָבען אויפגעהערט צו גלויבען אין מענשען, האָט פּאלאַזאָוו געזאָגט אין א האלב־לאכענדיגען און האלב ערנסטען טאָן, אין וועלכען ערפאהרענע אלטע לייט ריידען וועגען גוטע, אָבער ניט ערפאהרענע קינדער.

קאטערינא וואסילעוונא איז רויט געווארען. איהר איז אונאנגענעהם געווען, וואס דער פאטער האָט פארפיהרט א געשפּרעך וועגען איהרע געפיהלען. אבער אויסער דעם פאטערס ליעבע איז געווען נאָך איינער, א בעקאנטער אומשטאנד, צוליעב וועלכען דער פאטער איז ניט געווען שולדיג. אויב עס איז ניטאָ וועגען וואס צו ריידען און אין הויז איז דאָ א הונד אָדער א קאץ, נעהמט מען ריידען וועגען זיי; אויב עס איז ניטאָ ניט קיין הונד און ניט קיין קאץ, רעדט מען וועגען די קינדער. דער וועטער איז נאָר דער דריטער און שוין דער לעצטער מיטעל, צו וועלכען מען כאפּט זיך, בעת עס איז ניטאָ וועגען וואָס צו ריידען.

— ניין, פאפא, אומזיסט ערקלעהרט איהר מיין פערטראכטקייט מיט אזא הוי־
כען מאָטיוו: איהר ווייסט, איך האָב פשוט ניט קיין היימליכען כאראקטער און
דערפאָר איז מיר לאנגווייליג.

— זיין ניט היימלאך איז ווי איינעם פאסט, אבער לאנגווייליג פיהלען, דאָס
איז נאָך מיין מיינונג, ניט רעכט. לאנגווייליגקייט איז אין דער מאָדע ביי אונזערע
ברידער—ענגלענדער; מיר, אמעריקאנער, ווייסען דערפון ניט. מיר האָבען קיין
צייט ניט אויף צו פיהלען לאנגווייליג: מיר האָבען צו פיעל, וואס צו טהאָן, איך
רעכען, עס דאכט זיך מיר (האָט ער פאררירכט זיין אמעריקאניזם), אז אויך דאָס
רוסישע פאָלק האָט זיך געדארפט געפינען אין אזא לאגע: נאָך מיין מיינונג האָט
עס אויך אויפ׳ן האנד צו פיעל צו טהאָן. אין אמת׳ען אבער זעה איך ביי די רוסען
פונקט דעם הפך: זיי זיינען זעהר גענייגט צו זיין פאראומערט. די ענגלענדער אליין
קענען ווייט ניט אויסהאלטען קיין פערגלייך מיט זיי אין דעם פרט. די ענגלישע
געזעלשאפט, וואס איז באריהמט אין גאנץ אייראָפּא, רוסלאנד אריינגערעכענט,
אלס די לאנגווייליגסטע אין דער וועלט, איז אויף אזוי פיעל מעהר אויפגעלעגט צו
אונטערהאלטען זיך, איז לעבעדיגער און היימלאכער פאר דער רוסישער געזעלשאפט,
אויף ווי פיעל זי שטעהט אפּ פון דער פראנצויזישער. און אייערע רייזענדע
דערצעהלען נאָך וועגען דער לאנגווייליגקייט פון דער ענגלישער געזעלשאפט!
איך פארשטעה ניט, וואו זיינען ביי אזוינע מענשען די אויגען אויף זייער איי־
גענע, היימישע, זאכען!

— און די רוסען זיינען גערעכט וואס זיי זיינען פאראומערט — וואס האָ־
בען זיי צו טהאָן? זיי האָבען ניט וואס צו טהאָן; זיי דארפען זיצען מיט צו־
זאמענגעלעגטע הענד. ווייזט מיר וואס צו טהאָן און איך וועל, וואהרשיינליך,
אויפהערן צו זיין אומעטיג.

— איהר ווילט געפינען וואס צו טהאָן? א, וועגען דעם דארף קיין אבהאלט
ניט זיין; איהר זעהט ארום זיך אזא אונוויסענהייט, ענטשולדיגט, וואס איך דריק
זיך אזוי אויס וועגען אייער לאנד, וועגען אייער פאטערלאנד — האָט ער פאר־
ריכט זיין אנגליציזם — אבער איך בין אליין דאָ געבארען געווארען און אויפ־
געוואקסען און האלט איהר פאר אן אייגען לאנד, דערפאר רייד איך אהן צערע־
מאָניעס. איהר זעהט דאָ די טערקישע אונוויסענהייט און די יאפאנעזישע אונ־
בעהאָלפענקייט. איך האס אייער פאטערלאנד, ווייל איך ליעב זי, ווי אן אייגענע.

וועל איך זאגען, נאכמאכענדיג דעם דיכטער. אָבער עס איז דאַ פאַרהאַן פיעל וואס צו טהאָן.

— יא, אבער איינער אליין, דערצו נאָך איינע אליין, וואס קען מען טהאָן?

— אָבער דו טהוסט דאָך, קאַטיא, האָט פאלאזאָוו געזאָגט. איך וועל אייך אויסזאָגען איהר סוד, קאַרל יאַקאָווליטש. פון לאַנגווייל לערנט זי מיט מיידלעך. יעדען טאָג קומען צו איהר איהרע שילערינס און זי איז מיט זיי פאַרנומען פון 10 א זייגער ביז איינס, אפטמאָל נאָך מעהר.

ביומאַנט האָט א קוק געטהאָן אויף קאַטערינא וואַסיליעוונא מיט אכטונג— דאָס איז ווי ביי אונז, אמעריקאַנער — געוויס אונטער אמעריקאנער פארשטעהט איך נאָר די צפון'דיגע, פרייע שטאַטען; די דרום שטאַטען זיינען ערגער ווי מעקסיקא און זיינען אזוי העסליך ווי בראַזיליען (ביומאַנט איז געווען א פאַרקאָכטער אבאָליציאָניסט). דאָס איז אויף אונזער שטייגער; אבער אויב אזוי, צו וואס זיך לאַנגווײלען?

— צי דען איז דאָס אַן ערנסטע זאַך, מר. ביומאַנט? דאָס איז ניט מעהר ווי אַן אונטערהאַלטונג, אזוי טראַכט איך; עס קען זיין, איך האָב א טעות; עס קען זיין, איהר וועט מיר רופען מאַטעריאַליסטקע...

—איהר ערוואַרט אזא פאַרוואורף פון אַ מענשען פון אזא נאַציאָן, וועגען וועלכע אַלע זאגען, אז איהר איינציגער געדאַנק זיינען דאָלאַרס?

— איהר מאַכט חוזק, אבער איך האָב ערנסט מורא אייך אַרויסצוזאָגען מיין מיינונג — עס קען אייך אויסדאַכטען עהנליך אויף דאָס, וואס די פינסטערלינגע פּרעדיגען וועגען די נוצלאָזיגקייט פון בילדונג.

— „גאָר אזוי"! — האָט ביומאַנט א טראַכט געטהאָן: „צי דען איז זי דערגאַנגען דערצו? דאָס ווערט אינטערעסאַנט". — איך בין אליין א פינסטערלינג, האָט ער געזאָגט. — איך שטעה פאַר די אונווויסענדע, שוואַרצע געגען זייערע ציוויליזירטע בעל־בתים אין די דרום שטאַאַטען — ענטשולדיגט איך בין היגנעריסען געוואָרען פון מיין אמעריקאַנער האַס. נאָר מיר איז זעהר אינטערעסאַנט צו הערן אייער מיינונג.

— זי איז זעהר פּראָזאַיש, מר. ביומאַנט, אבער דאָס לעבען האָט מיר געבראַכט דערצו. מיר דאַכט זיך אז די זאַך מיט וועלכער איך באַשעפטיג זיך, איז צו איינזייטיג, און אז די זייט, אויף וועלכע מיין טהעטיגקייט איז געווענדעט, איז

ניט די רעכטע זייט, אויף וועלכע עס דארף זיך ווענדען די זארג פון מענשען, וואס ווילען בריינגען נוצען דעם פאלק. איך טראכט אזוי: גיט די מענשען ברויט, לייענען וועלען זיי אליין זיך אויסלערנען. אנהייבען דארף מען פון ברויט, אז ניט וועלען מיר אומזיסט פארלירען די צייט.

— פאר וואס זשע הויבט איהר ניט אן פון דאס, פון וואס מען דארף אנהויבען? האט ביומאנט געזאגט שוין מיט אביסעל בעגייסטערונג — דאס קען מען: איך וויים בײשפּילען ביי אונז אין אמעריקא, האט ער צוגעגעבען.

— איך האב אייך געזאגט: אליין, פון וואס קען איך אנהייבען? איך וויים ניט, ווי זיך צו נעהמען פאר דער זאך. און אז איך וואלט שוין יא געוואוסט, וואו האב איך די מעגליכקייט? א מיידעל איז אין אלץ אזוי געבונדען. איך בין אונאבהייננגיג ביי מיר אין צימער. אבער וואס קען איך טהאן ביי מיר אין צימער? אוועקלייגען אויפ׳ן טיש א ביכעל און לערנען לייענען. וואוהין קען איך געהן אליין? מיט וועמען קען איך זיך זעהן אליין?

— דו שטעלסט מיר, דאכט זיך, ארוים פאר א דעספּאט, קאטיא? האט דער פאטער געזאגט — אין דעם בין איך שוין ניט שולדיג פון דער צייט אן, וואס דו האסט מיר געגעבען א לעקציע.

— פאפּא, איך ווער דאך רויט פאר דעם, איך בין דאמאלט געוועז נאך א קינד. ניין, פּאפּא, איהר זייט א גוטער, איהר שטערט ניט. עס שטערט די געזעל־שאפט. צו איז אמת, מר. ביומאנט, אז אין אמעריקא זיינען די מיידלאך ניט אזוי געבונדען?

— יא, מיר קענען שטאלצירען; געוויס, אויך ביי אונז איז נאך ווייט ניט דאס, וואס עס האט געזאלט זיין; אבער דאך, וואס פאר א פערגלייך מיט אייך, אייראפּעער. אלץ וואס מען דערצעהלט אייך וועגען דער פרייהייט פון דער פרוי ביי אונז, איז אמת.

— פאפּא, לאמיר אוועקפאהרען אין אמעריקא, ווען מר. ביומאנט וועט אב־קויפען ביי דיר די פאבריק, האט קאטערינא וואסיליעוונא געזאגט אין א געלעכ־טער — איך וועל דארט וואס עס איז טהאן. אך, ווי גליקליך וואלט איך געוועזן!

— מען קען אויך אין פעטערבורג געפינען וואס צו טהאן, האט ביומאנט געזאגט.

— ווייזט מיר.

ביומאנט איז א צוויי—דריי סעקונדעו געוועו ניט ענטשלאסעו — „אבער צו וואס בין איך געקומען אהער? און דורך וועמען קען איך בעסער זיך דערוויסען?“ האט ער א טראכט געטהאן. — איהר האט ניט געהערט? עס איז געמאכט געווארען א פראבע דורכצופיהרען די פרינציפען, וועלכע זיינען אין דער לעצטער צייט אויסגעארבייט געווארען פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט: קענט איהר זיי?“

— יא, איך האב געלעזען: דאס מוז זיין זעהר אינטערעסאנט און נוצליך. און איך וועל קענען אין דעם אן אנטהייל נעהמען? וואו קען מען עס געפינען?

— דאס איז געגרינדעט פון פרוי קירסאנאוו.

— ווער איז זי? איהר מאן איז א דאקטאר?

— איהר קענט איהם? און ער האט אייך וועגען יענער זאך ניט געזאגט?

— דאס איז געוועזן לאנג צוריק; ער איז דאמאלסט נאך ניט געוועזן פערהייראט; איך בין געוועזן זעהר קראנק — ער איז געקומען עטליכע מאל און מיך געראטעוועט. אך, וואס פאר א מענש דאס איז! צו איז זי עהנליך אויף איהם?

— ווי בעקאנט מען זיך אבער מיט קירסאנאווא? וועט ביומאנט רעקאמענדירען קאטערינא וואסילעווגא צו איהר? — ניין, די קירסאנאווס האבען גאר זיין נאמען ניט געהערט; מען דארף אבער קיין רעקאמענדאציעס ניט: קירסאנאווא וועט געוויס זיין צופריעדען צו באגעגנען אזא סימפאטיע. דעם אדרעס דארף מען זיך דערוויסען דארט, וואו קירסאנאוו דיענט.

אט אויף וואס פאר אן אופן עס האט פאסירט, וואס פאלאזאווא האט זיך בעקאנט מיט ווערא פאוולאווגא; זי איז אריבער צו איהר שוין אויף מארגען אין דער פריה. און ביומאנט איז געוועזן אזוי פעראינטערעסירט, דאס ער איז געקומען זיך דערוויסען, ווי איז קאטערינא וואסיליעווגא געפעלען געווארען די נייע בעקאנטשאפט און די נייע זאך.

קאטערינא וואסילעווגא איז געוועזן זעהר בעגייסטערט. פון אומעטיגקייט— קיינע שפורען; די פארטראכטקייט איז פארביטען געווארען אויף ענטציקונג. זי האט מיט התלהבות דערצעהלט ביומאנטען — און זי האט דאך שוין געהאט דערצעהלט דעם פאטער אויך, נאר מיט איין מאל ערצעהלען האט זי זיך ניט געקאנט באגנוגען, וועגען דעם וואס זי האט געזעהן אין דער פריה און עס איז קיין סוף ניט געוועזן צו איהר ערצעהלונג; יא, איצט איז איהר הארץ פול געוועזן:

די לעבעדיגע זאך איז געפונען געווארען! ביומאנט האט אויפמערקזאם זיך צוגע־הערט: אבער צו דען קען מען אזוי זיך צוהערן? און זי האט כמעט מיט צאָרן גע־זאגט: „מר. ביומאנט איך בין ענטוישט אין אייך: צי דען ווירקט עס אזוי ווייניג אויף אייך, אז דאָס איז נאָר אינטערעסאנט פאר אייך און ניט מעהר?"

— קאטערינא וואסיליעוונא, איהר פארגעסט, אז דאָס אלץ האָב איך שוין זעהן ביי אונז אין אמעריקא; פאר מיר זיינען אינטערעסאנט אייניגע איינצעל־הייטען; די זאך אליין איז אבער מיר שוין צו גוט בעקאנט. דעם אינטערעס פון נייקייט קענען דאָ האָבען פאר מיר נאָר די פּערזאָנען, וועמען די זאך, וואס איז ביי אייך נאָך גאר ניי, האט צו פערדאנקען פאר איהר ערפאָלג. צום ביישפּיעל וואס קענט איהר מיר דערצעהלען וועגען מאדאם קירסאנאָווא?

— אך, מיין גאָט: געוויס איז זי מיר שטארק געפעלען געווארען; זי האט מיט אזא ליעבע מיר אלץ ערקלעהרט.

— דאָס האט איהר שוין געזאגט.

— וואָס נאָך דארפט איהר? וואָס נאָך קען איך אייך זאגען? צי דען איז מיר געלעגען אין קאָפּ צו טראכטען וועגען איהר, ווען איך האָב פאר מיינע אויגען גע־האט אזא גרויסע זאך?

— אזוי, איך פארשטעה, אז מען פארגעסט אין גאנצען אָן פּערזאָנען, ווען מען איז פאראינטערעסירט מיט א זאך; דאך וואס נאָך קענט איהר מיר זאָגען וועגען מאדאם קירסאנאָווא?

קאטערינא וואסילעוונא האט גענומען צוזאמענקלייבען אלע איהרע ערינע־רונגען וועגען ווערא פּאוולאָוונא און געבליבען איז נאָר דער ערשטער איינדרוק, וואָס ווערא פּאוולאָוונא האט געמאכט אויף איהר; זי האט זעהר לעבעדיג באשרי־בען איהר אויסזעהן, איהר זאָרט ריידען, אלץ וואס ווארפט זיך אין די אויגען אין דעם אויגענבליק, ווען דו טרעפסט זיך מיט א נייעם מענשען. וויטער אבער איז אין איהרע ערינערונגען באמת ניט געווען מעהר, וואס האט א שיכות צו ווערא פּאוולאָוונא: דער ווארקשטאט, ווארקשטאט, ווארקשטאט און די ערקלעהרונגען פון ווערא פּאוולאָוונא מכח דעם ווארקשטאט. די ערקלעהרונגען האט זי אלע פאר־שטאנען, אבער ווערא פּאוולאָוונא אליין, אין דער גאנצער צייט נאָך די ערשטע ווערטער פון באגעגנען זיך, האט זי שוין ניט פערשטאנען.

אלזאָ דעם מאָל האָב איך זיך שטארק אבגענארט אין דער ערוואַרטונג זיך צו

דערוויסען פון אייך פיעל וועגען מאדאם קירסאַנאָווא: איך וועל אָבער ניט אבשטעהן פון אייך: אין עטליכע טעג ארום וועל איך ווידער קומען און אנהייבען נאָכפרעג־גען ביי אייך וועגען איהר.

— אָבער פאר וואס זאָלט איהר אליין זיך ניט באקענען מיט איהר, אויב זי אינטערעסירט אייך אזוי?

— מיר ווילט זיך עס טהאָן. עס קען זיין, אז איך וועל ווען עס איז דאָס טהאָן. פריהער אָבער מוז איך זיך דערוויסען וועגען איהר מעהר. — ביומאַנט האָט אויף א מינוט זיך אָבגעשטעלט. — איך האָב געטראכט, צי זאָל איך בע־סער אייך בעטען אָדער ניט בעטען; דאכט זיך, בעסער בע־טען: ווען אייך וועט אין די געשפרעכען מיט זיי אויסקומען צו דערמאָנען מיין פאמיליע, זאָגט ניט, אז איך האָב געפרעגט וועגען איהר און אז איך וויל ווען עס איז זיך בעקאַנען מיט זיי.

— אָבער דאָס הייבט דאך אָן צו זיין עהנליך אויף א רעטעניש, מר. ביומאַנט — האָט קאטערינא וואסיליעוונא געזאָגט מיט אן ערנסטען טאָן. — איהר ווילט דורך מיר זיך הערוויסען וועגען זיי און אליין ווילט איהר זיך בעהאלטען.

— יא, קאטערינא וואסיליעוונא: ווי זאָל איך אייך עס ערקלעהרען? — איך האָב מורא זיך צו בעקאַנען מיט זיי.

— דאָס אלץ איז זאָנדערבאר, מר. ביומאַנט.

— דאָס איז אמת. איך וועל זאָגען נאָך אָפענער: איך האָב מורא, אז זיי וועט דאָס זיין אונאַנגענעהם. מיין פאמיליען נאָמען האָבען זיי קיין מאָל ניט געהערט. איך אָבער האָב געקאָנט האָבען וועלכע עס איז צוזאמענשטויסע מיט וועמען עס איז פון די מענשען, וואס זיינען נאָהענט צו זיי, אָדער מיט זיי אליין, דאָס איז גאנץ גלייך. מיט איין וואָרט איך דארף זיך איבערצייגען, צי וועט זיי זיין אנגע־נעהם מיט מיר זיך צו בעקאָנען.

— דאָס אלץ איז זאָנדערבאר, מר. ביומאַנט.

— איך בין אן עהרליכער מענש, קאטערינא וואסיליעוונא: איך קען אייך פארזיכערן אז איך וואָלט קיין מאָל ניט געוואָלט אייך שטעלען אין א פערלע־גענהייט; מיר זעהן זיך מיט אייך נאָר דעם צווייטען מאָל, אָבער איך אכטע אייך שוין זעהר.

— איך זעה אויך, מר. ביומאַנט, אז איהר זייט אן אנשטענדיגער: אָבער...

— אויב איהר האלט מיר פאר אן אנשטענדיגען מענשען, וועט איהר מיר ערלויבען אייך צו באזוכען, אום דאמאלט, ווען איהר וועט מיר טרויען, זאל איך ווידער קענען אייך פרעגען וועגען די קירסאנאָווס. אָדער, בעסער געזאָגט, איהר וועט אליין וועגען זיי נעהמען ריידען, ווען אייך וועט אויסקומען, אז איהר קענט שוין ערפילען מיין בקשה, וואס איך מאך איצט און וואס איך וועל מעהר ניט איבער׳חזר׳ן. איהר ערלויבט?

— אדרבא, מר. ביומאנט, האָט קאטערינא וואסיליעוונא געזאָגט, אבער איהר מוזט דאך מודה זיין, אז...

זי האָט ווייטער ניט געוואָלט דערריידען.

— אז איך מוז איצט ביי אייך ארויסרופען א געוויסען מיסטרויען? אמת, אָבער איך וועל ווארטען, ביז עס וועט פארביי.

11.

ביומאנט האָט גאנץ אפט גענומען באזוכען די פאלאזאָווס. „פאר וואס ניט?“ האָט דער אלטער געטראכט — א פאסענדער שדוך. געוויס וואָלט קאטיא פריהער גע־קאָנט האָבען ניט אזא חתן, אבער זי האָט דאך דאמאָלט אויך ניט געזוכט קיין כבוד און קיין געלד. איצט קען מען קיין בעסערן גאָר ניט ווינשען“.

אין אמת׳ן איז ביומאנט געווען א פאסענדער שדוך. ער האָט געזאָגט, אז ער דענקט אויף שטענדיג צו פערבלייבען אין רוסלאנד, ווייל ער האלט עס פאר זיין פאטערלאנד. ער איז א גרינדליכער מענש, האָט א גוטע שטעל. וואָלט ער געווען א רוס, דאמאָלט וואָלט פאלאזאָוו׳ן געווען אנגענעהם, אז ער זאל זיין פון פריצי־שען קלאס, אבער מכח אויסלענדער, באזונדערס מכח פראנצויזען איז עס גאָר ניט; און ביי אמעריקאנער איז עס נאָך ווייניגער: ביי זיי אין אמעריקא איז איי־נער היינט אן ארבייטער ביי א שוסטער, אָדער אן ערדארבייטער, אויף מארגען איז ער גענעראל, אויף איבערמאָרגען א פרעזידענט און נאָך א טאָג שפעטער ווי־דער א קלוירק אין א קאנטאר אָדער אן אדוואָקאט. דאָס איז גאָר א בעזונדער פאָלק: ביי זיי פרעגט מען זיך אויף א מענשען נאָר וועגען זיין געלד און זיין שכל. „דאָס איז ריכטיגער — טראכט פאלאזאָוו ווייטער — איך אליין בין אזא מענש. האָב זיך גענומען פאר געשעפט, האָב חתונה געהאט מיט א סוחר׳ס א טאָכטער. געלד איז די הויפטזאך, און אויך שכל, ווארום אָהן שכל קענסטו קיין געלד ניט מאכען. און ער קען מאכען געלד: ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף אזא

וועג. ער וועט קויפען די פאבריק, וועט ווערן דער פערוואלטער; נאכהער וועט די פירמע איהם אריינגעהמען פאר א שותף. ביי זיי זיינען די פירמעס ניט אזוי ווי ביי אונז. ער וועט אויך דרעהן מיט מיליאנען"...

עס איז זעהר מעגליך, אז פאלאזאווס חלומות וועגען דעם, אז זיין איידעם זאל ווערען א מיליאנער דורך האנדעל וועלען ניט מקוים ווערען, אזוי ווי עס זיינען ניט מקוים געווארען די חלומות פון מאריא אלעקסעיעווגא, אז איהר ערש־טער איידעם וועט אוועק אין אקציז. פון דעסטוועגען איז ביומאנט געווען א גוּ־טער שדוך פאר קאטערינא וואסילעווגא.

אבער צי האט פאלאזאוו ניט געמאכט קיין טעות, פאראויסזעהענדיג, אז ביור־מאנט וועט ווערען זיינער אן איידעם? אויב דער אלטער האט נאך געהאט וועלכען עס איז ספק, איז עס אין גאנצען פארשוואונדען ווען אין א וואך צוויי ארום, נאך דעם ווי ביומאנט האט גענומען זיין ביי זיי, האט ער דעם אלטען געזאגט, אז עס איז מעגליך דאס די קניה פון פאבריק זאל אבגעהאלטען ווערען אויף עטליכע טעג; איבריגענס וועט פון דעם קוים זיין אן אבהאלט: וואהרשיינליך וואלטען זיי אפילו ניט ערווארטענדיג מר. לאטער'ן אויך ניט באוויזען וויניגער ווי אין א וואך אויפצושטעלען אלע בעדינגונגען און מר. לאטער וועט זיין אין פעטערבורג אין פיער טעג ארום. „פריהער איידער איך בין פערזיינליך געווען בעקאנט מיט איהם, האט מר. ביומאנט געזאגט — האב איך אליין געוואלט ענדיגען די זאך. איצט אבער איז עס ניט פאסיג, ווייל מיר זיינען מיט אייך אזוי נאהענט בעקאנט. כדי עס זאל נאכהער קיינע מיספערשטענדניסען ניט זיין וועגען דעם, האב איך אנגע־שריבען וועגען דעם דער פירמע ד. ה. וועגען דעם, אז אין פערלויף פון די פערהאנד־לונגען האב איך זיך בעקאנט מיט'ן פערוואלטער, וועמעס פארמעגען עס ליעגט כמעט אין גאנצען אין די אקציעס פון פאבריק און האב געפאדערט אז די פירמע זאל צושיקען וועמען עס איז אן אנדערן צו פארענדיגען אנשטאט מיר די זאך און, ווי איהר זעהט, קומט מר. לאטער".

פארזיכטיג און קלוג. צו דער זעלבער צייט ווייזט עס גאנץ קלאהר אז מר. ביומאנט האט אין זינען חתונה צו האבען מיט קאטיע'ן: אן איינפאכע בעקאנט־שאפט וואלט ניט געווען גענוג אורזאך אנצונעהמען אזוינע פארזיכטיגקייטס מיט־לען.

## 12.

די צוויי דריי נעכסטע וויזיטען ביומאנטס האבען זיך אנגעהויבען מיט זעהר א קאלטער אויפנאהמע מצד פון קאטערינא וואסיליעוונא. זי האט, באמת, גענומען אביסעל ניט טרויען דעם וויניג בעקאנטען מענשען, וואס האט ארויסגעוויזען א זאנדערבארען פערלאנג זיך צו דערוויסען וועגען א פאמיליע, מיט וועלכער ער איז, ווי ער זאגט, ניט געוועזען בעקאנט, נאר וועמעס בעקאנטשאפט, ער האט מורא, עס וועט פאר זיי זיין ניט אנגענעהם. אבער אויך ביי די ערשטע באזוכען, אויב קאטערינא וואסיליעוונא האט אהן צוטרויען איהם באגעגענט, איז זי דאך באלד אריינגעצויגען געווארען אין א לעבעדיגען געשפרעך מיט איהם. אין איהר פריי־הערדיגען לעבען, ביז דער בעקאנטשאפט מיט איהם און מיט קירסאנאוו'ן האט זי אזוינע מענשען ניט באגעגענט. ער האט אזוי שטארק סימפאטיזירט מיט אלץ, וואס איהר האט אינטערעסירט; ער האט אזוי גוט איהר פערשטאנען; אפילו מיט די געליעבטע פריינדינען, איבעריגענס האט זי געהאט נאר איין נאהענטע פריינדין פאולינא, וועלכע איז שוין לאנג אריבערגעפאהרען אין מאסקווע, חתונה האבענ־דיג מיט א מאסקווער פאבריקאנט. אפילו מיט פאולינא האט זי אזוי לייכט ניט גערעדט ווי מיט איהם.

און ער — אין אנפאנג איז ער, ווי עס איז געוועזען צו זעהן, געקומען ניט צו־ליעב איהר, נאר אום זיך צו דערוויסען דורך איהר וועגען קירסאנאוו; אבער גלייך פון אנפאנג בעקאנטשאפט, פון דער מינוט, וואס מען האט זיך צורעדט וועגען לאנגווייליגקייט און וועגען די מיטלען אויסצומיידען די לאנגווייליגקייט, איז גע־ווען קענטיג אז ער אכטעט איהר און סימפאטיזירט מיט איהר. ביי דער צווייטען באגעגענען זיך איז ער געווארען צוגעצויגען צו איהר דורך איהר פרייד וואס זי האט געפונען פאר זיך וואס צו טהאן. איצט, נאך לעצטען בעזוך איז פאר איהר אלץ קענטיג ער געווארען, אז זי ווערט אלץ מעהר צוגעבונדען צו איהם. גאנץ גיך איז צווי־שען זיי פעסטגעשטעלט געווארען זעהר אן איינפאכער און ווארימער צובונד, און אין א וואך ארום האט קאטערינא וואסיליעוונא שוין איהם דערצעהלט וועגען די קירסאנאווס. זי איז געוועזען זיכער, אז דער מענש קען ניט האבען קיין שלעכטע געדאנקען.

אמת איז אויך דאס, אז ווען זי האט גענומען ריידען וועגען די קירסאנאווס, האט ער איהר איבערגעשטעלט: „צו וואס אזוי גיך? איהר קענט מיר דאך נאך צו וויי־

ניג". „ניין, גענוג, מר. ביומאנט; איך זעה, אז אויב איהר וואלט מיר אפילו געוואלט ערקלעהרען דאס, וואס מיר קומט אויס זאנדערבאר אין אייער פערלאנג, וואלט איהר אויך קיין רעכט ניט געהאט צו ריידען; ווייניג סודות זיינען דא". און ער האט געזאגט: „איך, ווי איהר זעהט, האב שוין ניט די פריהערדיגע אונגעדולד צו וויסען דאס, וואס מיר ווילט זיך וויסען וועגען זיי".

## 13.

קאטערינא וואסילעוונאס בעגייסטערונג האט אנגעהאלטען ניט ווערנדיג אבגעשוואכט; זי איז נאר אריבער אין א שטענדיגע, שוין געוועהנליכע שטימונג, א מונטערע, און לעבעדיגע און ליכטיגע. און ווי איהר האט זיך אויסגעוויזען איז עס געוועזן אט די לעבעדיגקייט, וואס האט צוגעצויגען צו איהר ביומאנט'ן. און ער האט שוין זעהר פיעל געטראכט וועגען איהר — דאס איז געוועזן קענטיג. אויסהערענדיג צוויי—דריי מאל איהרע ערצעהלונגען וועגען די קירסאנאווס, האט ער צום פיערטען מאל שוין געזאגט: „איצט וויים איך אלץ, וואס איך האב געדארפט וויסען; איך דאנק אייך".

— „וואס זשע ווייסט איהר? איך האב אייך נאר געזאגט, אז זיי ליעבען זעהר איינע די אנדערע און זיינען זעהר גליקליך מיט זייערע בעציהונגען". מעהר האב איך גאר ניט געדארפט וויסען. איבעריגענס האב איך עס שטענדיג אליין געוואוסט". און דער געשפרעך איז אריבער אויף עפעס אן אנדער זאך.

געוויס, דער ערשטער געדאנק פון קאטערינא וואסילעוונא דאמאלט, ביי זיין ערשטער פראגע וועגען קירסאנאווא איז געוועזן, אז ער איז פארליעבט אין ווערא פאוולאוונא. איצט אבער איז געוועזן צו פיעל קענטיג אז דאס איז עס ניט. אויף וויפיעל קאטערינא וואסילעוונא האט איהם איצט געקענט, האט זי זאגאר געטראכט, אז ביומאנט איז גאר ניט פעהיג זיך צו פערליעבען. ליעבען קען ער, דאס איז אמת. אבער אויב ער ליעבט איצט וועמען, איז עס „מיר", האט קאטערינא וואסילעוונא געטראכט.

## 14.

איבעריגענס, צו האבען זיי איינע די אנדערע געליעבט? זאלען מיר אנהייבען כאטש פון איהר. עס איז געוועזן א פאל, אין וועלכען עס האט זיך ארויסגעוויזען פון איהר זייט א זארג פאר ביומאנט'ן, אבער ווי האט זיך דער פאל געענדיגט! גאר ניט אזוי ווי מען האט געקאנט פון אנפאנג ערווארטען. ביומאנט

פלעגט פארפאהרען צו די פאלאזאוו'ס יעדען טאג אהן אויסנאהם. אויף דעם איז עס געווען באגרינדעט פאלאזאווס זיכערקייט, אז ער וויל זיך שדכנן צו קאטערינא וואסילעווונא; קיין אנדערע גרינדע פאר דער האפנונג זיינען ניט געווען. אבער אט איז איין מאל פארביי אן אבענד און ביומאנט איז ניט געקומען. „איהר ווייסט ניט, פאפא וואס מיט איהם איז" ? — „איך האב ניט געהערט; וואהרשיינליך גאר ניט, האט מן הסתם קיין צייט ניט געהאט, דאס גאר". עס איז פארביי א צווייטער אבענד, ביומאנט איז ניטא. אויפ'ן דריטען פריהמארגען האט קאטערינא וואסי־לעוונא זיך געקליבען פאהרען וואו עס איז. „וואוהין געהסטו, קאטיא" ? — „אט אזוי פאר אייגענע געשעפטען". זי איז אוועקגעפאהרען צו ביומאנטען. ער איז גע־זעסען אין א מאנטעל מיט ברייטע ארבעל און האט געלייענט; האט אויפגעהייבען די אויגען פון בוך, ווען די טהיר האט זיך געעפענט.

„קאטערינא וואסיליעוונא, זייט איהר דאס ? בין זעהר צופרידען און איך דאנק אייך"; ער האט עס געזאגט מיט'ן זעלבען טאן, ווי ער וואלט באגעגענט איהר פאטער; איבעריגענס ניט, פיעל פריינדליכער — „וואס איז מיט אייך, מר. ביו־מאנט, וואס איהר זייט אזוי לאנג ניט געווען ? — איהר האט מיר געמאכט זיך בעאונרוהיגען וועגען אייך און אויסער דעם נאך זיך לאנגוויילען". „קיין באזונ־דערעס ניט, קאטערינא וואסילעוונא, ווי איהר זעהט בין איך געזונד. אבער צו וועט איהר פיליכט טרינקען א גלעזעל טיי ? — איהר זעהט, איך האלט אין טרינקען". — „פאר וואס ניט. אבער פאר וואס זייט איהר אזוי פיעל טעג ניט געווען ?" — פיאטר, גיט א גלאז. איהר זעהט, אז איך בין געזונד; הייסט עס — — אקטנית. אט וואס : איך בין געווען אויפ'ן פאבריק מיט מר. לאטער און ער־קלעהרענדיג איהם עפעס, בין איך געווען ניט פארזיכטיג, האב אוועקגעלעגט די האנד אויפ'ן ווינט, וואס האט זיך א דרעה געטהאן און א קראץ געטהאן די האנד דורך דעם ארבעל. און ניט אייער נעכטען, ניט נעכטען האב איך ניט געקאנט אנ־טהאן קיין ראק". — „ווייזט, אז ניט וועל איך זיין אונרוהיג און מיינען, אז עס איז ניט א קראטץ, נאר א גרויסע וואונד". — „וואס פאר א וואונד (עס געהט אריין פיאטר מיט א גלאז פאר קאטערינא וואסיליעוונא'ן) ווען איך קען באוועגעןביידע הענד. איבריגענס דערלאנגט א קוק" (ציהט ארויף דעם ארבעל ביז'ן אוילענבוי־גען). „פיאטר,ווארפט ארויס די אש פון אשטעסל און גיט אהער דעם ציגאר־קעסטל; עס שטעהט אין קאבינעט אויפ'ן טיש. איהר זעהט, עס איז א קלייניגקייט: אויסער

ענגלישער פלאסטער איז קיין זאך ניט געווען נויטיג". — „אבער עס איז דאך פארט געשוואלען און רויט". — „נעכטען איז געווען פיעל ערגער און מארגען וועט שוין גאר ניט זיין". (פיאטר שיט אוים די אש און דערלאנגענדיג די ציגארז געהט ער אוועק) — „איך האב ניט געוואלט זיך בעווייזען פאר אייך ווי א פערוואונדע־טער העלד". — „איהר וואלט כאטש אנגעשריבען, ווי קען מען דאס אזוי". — „איך האב דאך געמיינט, אז איך וועל קענען אנטהאן א ראק אויף מארגען, ד. ה. אייער־נעכטען, און אייערנעכטען האב איך געמיינט, אז איך וועל נעכטען אנטהאן און נעכטען—אז היינט, האב געמיינט, אז עס לוינט זיך ניט אייך צו בעאונרוהיגען". — „און צום סוף האט איהר נאך מעהר בעאונרוהיגט. דאס איז ניט גוט, מר. ביור־מאנט. און ווען וועט איהר שוין ענדיגען די זאך מיט דער קניה" ? — וואהרשיינ־ליך די טעג, עס קומען אלץ ארוים פארשלעפעניש ען ניט פון מיין זייט און מר. לאטערס, נאר מצד פון דער געזעלשאפט אליין. — „און וואס האט איהר דא גע־לייענט ? — „טעקערייס א נייעם ראמאן. האבענדיג אזא טאלאנט, ווי ער האט זיך דאס אויסגעשריבען ! דאס קומט דערפון, וואס דער פארראטה פון געדאנקען איז אזוי ארום ביי איהם !" „איך האב שוין געלייענט, אין אמת'ן" א. ז. וו. מען האט בעדויערט, וואס טעקערייס טאלאנט איז געפאלען, מען האט ארומגערעדט ביי א האלבע שעה וועגען אנדערע ענגליכע זאכען. „אבער עס איז שוין צייט פאר מיר צו געהן צו ווערא פאוולאוונא, ווען זשע וועט איהר זיך מיט זיי בעקאנען ? זיי זיינען זעהר גוטע מענשען". — איך וועל שוין ווען עס איז זיך אויסקלויבען און וועל אייך בעטען. איך בין אייך זעהר דאנקבאר, וואס איהר האט מיר באזוכט. איז עס אייער פערד ?" — „יא, עס איז מיינס". — „אט פאר וואס אייער פאטער פאהרט אויף איהם קיין מאל ניט. א שעהנער פערד". — „מיר דאכט זיך, אז איך פארשטעה גאר נישט מכח פערד".... „א גוטער פערד, מיין פערד, — האט דער פוהרמאן געזאגט — קאסט ארום 350 רובעל". — „און ווי אלט איז עס ?" — „זעקס יאהר, מיין הערר". — „זאלען מיר פאהרען, זאכאר, איך זיץ שוין. צום ווידערזעהן, מר. ביומאנט. וועט איהר היינט קומען ?" — „קוים ; ניין, מארגען — אויף געווים".

## 15.

צו ווערן געמאכט, צו קומען אזוי פאר באזוכען פון פארליעבטע מיידלאך ? שוין ניט ריידענדיג דערפון, וואס א גוט ערצויגענע מיידעל וועט קיין מאל זיך ניט

ערלויבען אזא זאך איז אויב זי וועט זיך שוין ערלויבען, וועט שוין זיכער ארויס־קומען עפּעס גאר אַן אנדער זאך. אויב עס איז געגען דער מאָראַל קאטערינא וואַסילעווּנאס האנדלונג, איז שוין לכל הדעות געגען די אַלגעמיין אנגענומענע בעגריעפען מכח די בעציהונגען צווישען מענער און פרויען דער אינהאַלט, אַזוי צו זאָגען, פון אָט דער אונמאָראַלישער האנדלונג. צו איז ניט קלאָהר, אַז קאטערינא וואסיליעוונא און ביומאנט זיינען געווען ניט קיין מענשען, נאָר פיש, און אויב מענשען איז מיט פיש־בלוט? אינגאנצען צוגעפּאַסט צו דער בענעגניש איז געווען אויף דאָס ווי אַזוי זי האָט זיך בכלל געהאַלטען מיט איהם ביי זיך אין דער היים. „איך בין פארמאטערט צו ריידען, מר. ביומאנט — פלעגט זי זאגען, ווען ער פלעגט זיך פארזיצען צו לאנג — פארבלייבט מיט׳ן פאפא און איך וועל געהן צו זיך“. און זי פלעגט אוועקגעהן. ער פלעגט אפט ענטפערן אויף דעם: „זיצט נאָך א פערטעל שעה, קאטערינא וואסילעוונא“. — „זאָל זיין אזוי“, פלעגט זי ענטפערן אין אזוינע פעלע; עפּטער פלעגט ער ענטפערן: „אזוי, צום ווידערזעהן, קאטערינא וואַסילעוונא“.

וואס זיינען דאס פאר׳ע מענשען? וואלט איך געוואָלט וויסען, און איך וואָלט נאָך געוואָלט וויסען: צי זיינען עס פשוט גוטע מענשען, וועמען קיינער שטערט ניט זיך צו זעהן, ווען און וויפיעל זייער הארץ געלוסט, וועמען קיינער שטערט ניט חתונה צו האָבען, ווען זיי וועט זיך נאָר פארוועלען און וואָס דארפען צוליעב דעם ניט ארויס פון די כלים. אבער מיר מאכט פארט אין כעס זייער קאלטער באנעהמען זיך צווישען זיך: און ניט אזוי פאר זיי שעהם איך זיך, ווי פאר זיך אליין: צי דען באשטעהט מיין שיקזאל אלס ראמאניסט אין דעם צו קאָמפּראָמיטירען פאר גוט ערצויגענע מענשען אלע מיינע העלדינען און העלדען? איינע עסען און טרינקען; די אנדערע ווערן ניט משוגע אַהן אַן אורזאך: וואס פאר׳ע ניט אינטערעסאנטע מענשען!

## 16.

ניט קוקענדיג אויף דעם איז די זאך, לויט דער איבערצייגונג פון אלטען פּאָלאָזאָוו׳ן געגאנגען צו א חופה — ביי אזא זאַרט באציהונג פון דער כלה צום צוקינפטיגען חתן און דאך געגאנגען צו א חופה! צו דען האָט ער ניט געהערט די געשפּרעכען? אמת איז, אז ניט שטענדיג האָבען די טאָכטער און איהר צוקינפטיגער חתן זיך גערדעהט פאר זיינע אויגען; עפּטער ווי אין איין צימער מיט איהם, זיי־

מען זיי געזעסן אָדער אַרומגעגאַנגען אין אַן אַנדער צימער אָדער צימערן; נאָר דערפּון איז גאָר ניט געווען קיין אונטערשייד אין זייערע געשפּרעכן. די געשפּרעכען האָבן געקאָנט אוועקנעהמען ביי וועלכען איהר ווילט טיעפען קענער פון מענשליכען הארצען (אַזאַ, וואָס געפינט זיך גאָר ניט באמת צווישען מענשען) די האָפנונג צו זעהן קאטערינא וואסיליעוונא און ביומאַנטען אונטער דער חופּה. מען קען ניט זאָגען, אַז זיי האָבען גאָר ניט גערעדט צווישען זיך וועגען געפיהלען; ניין, גערעדט האָבען זיי וועגען דעם ווי וועגען אַלץ אין דער וועלט, אבער ווייניג; און ניט דאָס איז וויכטיג, וויפיעל זיי האָבען וועגען דעם גערעדט, נאָר דער עיקר איז, וואָס זיי האָבען גערעדט און אין וואס פאר א טאָן! דער טאָן איז געווען איינפאַך סקאַנדאַלעז דורך זיין רוהיגקייט און דעם אינהאלט — שרעקליך דורך זיין ניט צוגעפּאַסטקייט צו קיין זאך אין דער וועלט. אט צום ביישפּיעל אין א וואך ארום נאָך יענעם וויזיט, פאר וועלכען ביומאַנט „האָט זעהר געדאַנקט" קאטערינא וואסילִיעוונא, אין א חדשים צוויי ארום נאָך דעם אָנפאַנג פון זייער בעקאַנטשאַפט. דער פּאַרקויף פון פאבריק איז געווען פאַרענדיגט; מיסטער לאָטער האָט אויף מאָרגען זיך געקליבען אוועק צו פאָהרען (און ער איז אוועקגעפאָהרען. ווארט ניט, אַז ער זאָל ארויסרופען וועלכען עס איז אַן אונגליק; ער האָט, ווי עס פּאַסט פאר א סוחר, אָבגעטהאָן א געשעפט, האָט ערקלעהרט ביומאַנט'ן אַז די פירמע האָט איהם באַשטימט פאר א פערוואַלטער פון פאבריק מיט א געהאַלט פון 100 פונט, וואס מען האָט געקאָנט ערווארטען און מעהר גאָר ניט. וואס פאר אַן אינטערעס האָט ער זיך אריינצומישען אין עפּעס אנדערש, אויסער אין געשעפט־זאַכען, זאָגט אַליין) די אקציאָנערען, אין דעם צאָהל אויך פּאַלאַזאָוו, האָבען אויף מאָרגען געדאַרפט באקומען (און זיי האָבען באקומען. ווארט ווידער ניט קיין אונגליק, די פירמע האַדטשיסאָן, לאָטער און קאָמפּ. איז זעהר א זיכערע). א העלפט געלד אין באַר און די אנדערע העלפט אין וועקסלען אויף דריי חדשים צייט. פּאַלאַזאָוו, א צופרידענער הערפון, איז געזעסן ביים טיש אין גאַסט־צימער און האָט דורכגעקוקט די ווערטפּאַפּירען: צום טהייל האָט ער זיך אויך צוגעהערט צום געשפּרעך פון דער טאָכטער מיט ביומאַנט'ן, ווען זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורכ'ן גאַסטצימער: זיי האָבען שפּאַציערט דורך אַלע 4 צימערן פון דער וואהנונג, וואס זיינען געלעגען צום גאַס צו.

— אויב א פרוי, א מיידעל ליידעט פון די פאראורטיילען (דאָ האָט ער שוין

גערעדט ריין־רוסיש, אָהן אַמעריקאַנישע און ענגלישע ווענדונגען) איז אויך אַ מאַנסבילד — איך רייד וועגען אַן אַנשטענדיגען מענשען — אונטערוואַרפען דורך דעם אונטער פיעל אונאַננעהמליכקייט. זאָגט, ווי קען מען חתונה האָבען מיט אַ מיידעל, וואָס האָט ניט אויסגעפּרובירט קיין איינפאַכע לעבענסבעציהונגען אין דעם זינען פון יענע בעציהונגען, וואָס וועלען מוזען אַרוים צוליעב איהר הסכמה אויף דעם פאַרשלאַג חתונה צו האָבען? זי קען ניט אורטהיילען, צי וועט איהר געפעלען דאָס וואַכעדיגע לעבען מיט אַ מענשען פון דעם כאַראַקטער, ווי איהר חתן איז.

— אָבער, מר. ביומאַנט, אויב איהרע בעציהונגען צו דעם מענשען האָבען אויך איידער ער האָט דעם פאַרשלאַג געמאַכט געטראַגען אַ וואַכעדיגען כאַראַקטער, גיט עס דאָך סאַי איהר, סאַי איהם אַ געוויסע גאַראַנטיע, אַז זיי וועלען בלייבען צופריעדען איינע מיט די אַנדערע.

— אַ געוויסע גאַראַנטיע — יאָ; עס וואָלט אָבער פאָרט געווען בעסער, אויב די פּראָבע וואָלט געווען אַ פולערע און פערשיעדענאַרטיגערע. זי וויים דאָך פאָרט ניט פון ערפאַהרונג דעם כאַראַקטער פון יענע בעציהונגען, אין וועלכע זי טרעט אַריין: דערפון איז די הייראַטה פאַר איהר אַ שרעקליכע ריזיקע. דאָס איז פאַר איהר, און פון דעם ווערט עס אַ ריזיקע אויך פאַר דעם אַנשטענדיגען מענשען, פאַר וועלכען זי געהט הייראַטען. בכלל קען ער אורטהיילען, צו ער וועט זיין צופריעדען: ער קען נאָהענט פרויען פון פאַרשיעדענעם כאַראַקטער, ער האָט אויסגעפּרובירט, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער איז בעסער פאַר איהם. זי אָבער — ניט.

— אָבער זי האָט געקאָנט בעאָבאַכטען דאָס לעבען און כאַראַקטערען אין איהר פאַמיליע, אין בעקאַנטע פאַמיליעס; זי האָט געקאָנט פיעל טראַכטען.

— דאָס אַלץ איז שעהן, אָבער ניט גענוג. קיין זאַך קען ניט פערבייטען פערזעהנליכע ערפאַהרונג.

— איהר ווילט, אַז חתונה האָבען זאָלען נאָר אַלמנות? — האָט קאַטערינאַ וואַסיליעוונאַ געזאָגט לאַכענדיג.

— איהר האָט גאַנץ געלונגען זיך אויסגעדריקט. נאָר אַלמנות. פאַר מיידלאַך דאַרף זיין פאַרבאָטען חתונה צו האָבען.

— דאָס איז אמת, — האָט קאַטערינאַ וואַסילעוונאַ ערנסט געזאָגט.

פּאָלאָזאָוו׳ן איז אין אָנפאַנג אויסגעקומען ווילד צו הערן אַזוינע געשפּרעכען.

אדער דעם טהייל פון די געשפרעכען, וואס זיינען צו איהם דערגאנגען. איצט אבער איז ער שוין איינגעוואהנט געווארען און געטראכט — „מלא, אית אליין בין א מענש אהן פאראורטהיילען. איך האב זיך גענומען פאר מסחר און חתונה געהאט מיט א סוחר'ס א טאכטער“.

אויפ'ן צווייטען טאג האט דער טהייל פון געשפרעך — ווארום דאס איז דאך געווען נאר א קליינער טהייל פון א געשפרעך, וואס האט זיך בכלל געפיהרט ניט נאר וועגען דעם, נאר וועגען אלץ אין דער וועלט — איז אלזא דער טהייל פון נעכטיגען געשפרעך ווייטער געפיהרט געווארען אזוי:

— איהר האט מיר דערצעהלט די געשיכטע פון אייער ליעבע צו סאלאווצאוו'ן. נאר וואס איז עס אזוינס? דאס איז געווען...

— זאלען מיר זיך זעצען, אויב פאר אייך איז עס אלץ איינס. איך בין פארמאטערט ארומצוגעהן.

— גוט... א קינדערשער געפיהל, וואס גיט ניט קיינע גאראנטיעס. דאס איז נאר גוט אום צו מאכען חוזק ווען מען דערמאנט זיך און אויך צו טרויערן, אויב איהר ווילט, ווארום אין דעם איז פארהאן אויך זעהר א טרויעריגע זייט. איהר האט זיך געראטעוועט נאר א דאנק דעם זעלטענעם פאל, וואס איהר זייט אריינגעפאלען אין די הענד פון אלעקסאנדער'ן.

— פון וועמען?

— מאטווייאיטש קירסאנאוו, האט ער ווייטער גערעדט, אזוי ווי ער וואלט זיך גאר ניט געהאט אבגעשטעלט ביים ערשטען נאמען אלעקסאנדער. — אהן קירסאנאוו'ן וואלט איהר אונטערגעגאנגען ענטוועדער פון אויסצעהרונג, אדער אונטער די הענד פון אן אויסוואורף. מען וואלט פון דעם געקענט ציהען דעם שלום ווי שעדליך עס איז די לאגע, וואס איהר האט פארנומען אין דער געזעלשאפט. איהר האט דעם שלום געצויגען. דאס אלץ איז שעהן, נאר דאס אלץ האט אייך געמאכט פאר א מעהר פארנונפטיגען און גוטען מענשען, אבער עס האט אייך ווייט נאך ניט געגעבען קיין ערפאהרונג צו קענען אונטערשיידען, וואס פאר א זארט מאן עס טויג פאר אייך. ניט קיין אויסוואורף, נאר אן עהרליכער מאן — דאס איז גאר, וואס איהר האט געקאנט זיך דערוויסען. דאס איז שעהן. אבער צו דען קען יעדער אנשטענדיגע פרוי בלייבען צופריעדען וואס פאר א כאראקטער איהר מאן זאל ניט האבען, אבי ער איז אן עהרליכער מענש? עס איז נויטיג א מעהר פינקט-

ליכע בעקאנטשאפט מיט די כאראקטערן און בעציהונגען, ד. ה. עס איז נויטיג גאר אן אנדער זארט ערפאהרונג. מיר האבען נעבעכען באשלאסען, אז חתונה האבען דארפען, לויט אייער אויסדרוק, נאר אלמנות. אבער וואס פאר אן אלמנה זייט איהר? דאס אלץ איז ארויסגעזאגט געווארען פון ביומאנטען מיט עפעס א ניט צו־פריעדענהייט, און די לעצטע ווערטער האבען איינפאך געקלונגען מיט פארדרוס.

— דאס איז אמת, האט געזאגט אביסעל אין א געפאלענעם טאן קאטערינא וואסילעווונא — אבער פון דעסטוועגען האב איך דאך ניט געקאנט זיך אבנארען.

— און איהר וואלט אויך ניט געקאנט, ווארום מען קען זיך ניט מאכען פאר אן ערפאהרענע, ווען איהר האט קיין ערפאהרונג ניט.

— איהר רעדט אלץ וועגען דעם, אז מיר, מיידלאך האבען ניט גענוג ער־פאהרונג צו מאכען אן ערנסטע אויסוואהל. בכלל גענומען איז עס אמת. עס זיינען אבער דא אויסנאהמספעלע, ווען אום צו מאכען א גרינדליכע אויסוואהל איז גאר ניט נויטיג אזא ערפאהרונג. אויב א מיידעל איז ניט שטארק יונג, קען זי שוין גוט קענען איהר כאראקטער. צום ביישפיעל איך קען מיין כאראקטער און איך דענק, אז ער וועט זיך שוין ניט ענדערן. איך בין אלט 22 יאהר. איך וויים, וואס עס איז נויטיג פאר מיין גליק: לעבען שטיל און אז מען זאל מיר ניט שטערן, דאס אלץ.

— דאס איז אמת. דאס זעהט מען.

— און צו דען איז עס אזוי שווער צו זעהן, צו עס זיינען דא די שטריכען, וואס זיינען נויטיג פאר דעם און דעם כאראקטער פון דעם אדער יענעם מענשען? דאס זעהט מען פון עטליכע געשפרעכען.

— דאס איז אמת. אבער איהר האט דאך אליין געזאגט, אז דאס איז אן אויס־נאהמספאל.

— געוויס, דער כלל איז ניט דער. מר. ביומאנט, ביי די בעדינגונגען פון אונ־זער לעבען, ביי אונזערע באגריפען און זיטען טאר א מיידעל ניט וויסען יענע וואר־כעדיגע בעציהונגען, וועגען וועלכע מיר ריידען, אז אהן זיי ריזיקירט די מיידעל אין גרעסטען טהייל פון די פעלע צו מאכען ניט קיין גרינדליכע אויסוואהל. איהר לאגע איז א פערצווייפעלטע ביי די היינטיגע צושטענדע. אונטער די אומשטענ־דען, אויב זאל זיך ארייננטרעטען אין וועלכע איהר ווילט בעציהונגען, וועט ס'איהר ניט געבען קיין ערפאהרונג; קיין נוצען קען מען דערפון ניט ערווארטען, די געפאהר

אבער איז א גרויסע. די מיידעל קען באמת זיך ערגידעריגען און זיך אויסלערנען שלעכטע מדות. זי וועט דאך מוזען אבנארען די אייגענע, די געזעלשאפט, זיך בע־האלטען פון זיי; און פון דאנען איז שוין ניט ווייט דער איבערגאנג צו פאלשקייטען, וואס וועלען באמת שאדען בריינגען איהר כאראקטער. עס איז זעהר מעגליך אויך דאס, אז זי וועט באמת אנהויבען צו לייכט צו קוקען אויפ׳ן לעבען. און אויב דאס וועט ניט זיין, אויב זי וועט בלייבען גוט, וועט איהר הארץ זיין צובראכען. און פון דעסטוועגען וועט זי כמעט גאר ניט האבען געוואונען אין דער וואכעדיגער ערפאהרונג, ווארום די בעציהונגען, וואס זייגען אזוי געפעהרליך פאר איהר כא־ראקטער, אדער אזוינע פייניגענדע פאר איהר הארצען זייגען באמת דאך, יום־טוב־דיגע, פאראדנע און ניט קיין וואכעדיגע, איהר זעהט אז מען טאר עס בשום אופן ניט ראטהען ביי אונזער זארט לעבען.

— געוויס, קאטערינא וואסילעוונא, און דערפאר טויג דאך אונזער זארט לע־בען ניט.

— געוויס, אין דעם זייגען מיר איינשטימיג.

— וואס איז עס אזוינס? שוין ניט ריידענדיג וועגען דעם, וואס פון שטאנד־פונקט פון אלגעמיינע בעגריפען איז עס דער טייוועל ווייס וואס, אבער וואס פאר א זינען האט עס געהאט אין פערזענליכע בעציהונגען? דער מאנסביל זאגט: „איך צווייפעל, צי איהר וועט זיין פאר מיר א גוטע ווייב". אוז די מיידעל ענט־פערט: „ניין, איך בעט אייך, מאכט מיר א פארשלאג". — וואונדערבארע עצות! אדער, טאמער איז עס גאר ניט דאס? טאמער הייסט עס גאר אזוי: איך ליעב אייך זעהר, נאר טרויט זיך ניט אז אהן א שטרענגע אויסוואהל. און טאמער זאגט גאר דער מאנסביל: „וועגען דעם, אז איך וועל זיין גליקליך מיט אייך, האב איך גאר ניט וואס צו ריידען; אבער זייט איהר פארזיכטיג, אויסקלויבענדיג אפילו מיר. — איהר האט שוין אויסגעקליבען, אבער איך בעט אייך: טראכט נאך, טראכט נאך ווידער אמאל. עס איז א צו וויכטיגע זאך". און טאמער ענטפערט די מיידעל: — „מיין פריינד, איך זעה, אז איהר טראכט ניט וועגען זיך, נאר וועגען מיר. איהר זייט גערעכט. מיר זייגען באקלאגענסווערטהע, אונז נארט מען אפ, אונז פיהרט מען מיט פארבונדענע אויגען, כדי מיר זאלען זיך אבנארען. אבער פאר מיר האט קיין מורא ניט: מ י ר  ו ו ע ט  א י ה ר  ניט אבנארען. מיין

גליק איז זיכער. פונקט ווי איהר זייט רוהיג וועגען זיך, אזוי בין איך רוהיג וועגען זיך".

— איך וואונדער זיך וועגען אייך זאך, האָט ביומאנט ווייטער גערעדט דעם צווייטען טאָג (זיי זיינען ווידער ארומגעגאנגען איבער די צימערן, פון וועלכע אין איינעם איז פּאָלאָזאָוו געזעסען) — איך וואונדער זיך וועגען איין זאך, ווי אזוי אונטער אזוינע בעדינגונגען זיינען נאָך פאראן גליקליכע הייראטס.

— איהר רעדט מיט אזא טאָן, אזוי ווי איך וואָלט פארדראָסען, וואס עס זיינען פאראן גליקליכע הייראטס, האָט קאטערינא וואסילעוונא געזאָגט לאכענדיג; איצט, ווי איהר זעהט, לאכט זי אָפּט מיט אזא שטילען אבער הײמליכען געלעכטער.

— אין אמת'ען קענען זיי ארויספיהרען אויף אָט וואס פאר'ע טרויעריגע געדאנקען: ביי אזוינע אונבעדייטענדע מיטלען צו אורטהיילען וועגען די אייגענע בעדירפניסע און וועגען דעם כאראקטער פון די מענער, קענען די מיידלאך גאנץ אָפּט דאך מאכען א גוטע אויסוואהל, טו ווייזט עס דאך אז ביי די פרויען איז דא אזא ליכטיגער, געזונטער שכל! מיט וואָס פאר א זיכערן, שטארקען, שארפען שכל איז די פרוי באשאנקען פון דער נאטור! און אָט דער שכל בלייבט אָהן נוצען פאר דער געזעלשאפט; די געזעלשאפט ווייזט איהם צוריק, אונטערדריקט איהם, דערשטיקט איהם; די מענשליכע געשיכטע וואלט אבער אוועק צעהן מאָל גיכער, אויב דער שכל וואלט ניט געוועזען פארשטויסען און דערשטיקט, נאָר ער וואלט געווירקט.

— איהר זינגט שבחים צו די פרויען, מר. ביומאנט; צי קען מען עס ניט ערקלעהרען פשוט'ער: דורכ'ן צופאל?

— דער צופאל! איהר קענט ערקלעהרען מיט צופאל, וויפיעל צופעלע איהר ווילט; אבער ווען עס קלייבען זיך אן א סך צופעלע מוז דאך, ווי איהר ווייסט, זיין אויסער דער צופעליגקייט אויך וואס עס איז פאר אן אלגעמיינע אורזאך. פון וועלכע עס קומט ארויס דער צווייטער טהייל. דאָ קען מען ניט זוכען קיין אנדער אורזאך, אויסער מיין ערקלעהרונג: די געזונדקייט פון אויסוואהל קומט פון דעם שארפען שכל.

— איהר זייט אן אמת'ע מרס. ביטשערסטאו אין דער פרויען־פראגע: מר. ביומאנט. יענע בעווייזט אז די ניגערס זיינען די בעגאבטעסטע פון אלע פעלקער, אז זיי זיינען העכער פאר די ווייסע ראסע נאָך זייערע גייסטיגע פעהיגקייטען.

— איהר מאכט חוזק, איך ניט.

— איהר זייט, דאכט זיך, אין כעס אויף מיר, פאר וואס איך בוק זיך ניט פאר די פרויען? אבער נעהמט אָן פאר אַן ענטשולדיגונג כאָטש דאָס, ווי שווער עס איז זיך צו שטעלען אויף די קניע פאר זיך אליין.

— איהר מאכט ווידער חוזק, און עס הויבט אָן באמת מיך צו פאַרדריסען.

— אבער דאָך ניט אויף מיר? איך בין גאר ניט שולדיג, וואס די פרויען און מיידלאך קענען ניט טהאָן דאָס, וואס עס איז נויטיג נאָך אייער מיינונג. איבערי־געגנם, אויב איהר ווילט וועל איך אייך זאָגען אויף מיין ערנסטע מיינונג — אָבער ניט וועגען דער פראגע; איך וויל ניט זיין קיין ריכטער אין מיין אייגענעם פראָצעס, נאָר וועגען אייך אליין, מר. ביומאנט. איהר זייט אַ מענש פון זעהר אַ צוריקגעהאלטענעם כאראקטער, און איהר קאָכט זיך ווען איהר רעדט וועגען דעם? וואס איז דערפון געדרונגען? דאס, אז איהר מוזט האָבען וועלכע עס איז פערזענליכע בעציהונגען צו דער פראגע. וואהרשיינליך האָט איהר געליטען דערפון, וואָס איהר האָט געמאכט א טעות אין אויסוואהל, וועלכען עס האָט גע־מאָכט אַ מיידעל, ווי איהר זאָגט, א ניט ערפאהרענע.

— עס קען זיין, אז איך, און עס קען זיין אז אַן אנדערער, וואס איז נאָהענט צו מיר. דאָך טראַכט נאָך, קאטערינא וואסילעוונא, און דאס וועל איך זאגען, ווען איך וועל באקומען פון אייך אַן ענטפער.

— אויף אַ פראגע, וואס איז גאָר ניט פארגעלעגט געוואָרען? אבער צי דען קען איך אייך אזוי וועניג, אז איך זאָל דארפען טראכטען דריי טעג? — קאטע־רינא וואסיליעוונא האָט זיך אָבגעשטעלט, האָט ארויפגעלעגט די האנד אויף ביו־מאנטס האלז, האָט צוגעבויגען זיין קאָפּ צו זיך און האָט איהם א קוש געטהאָן אין שטערן.

לויט אלע געוועזענע ביישפּיעלען און זאגאר לויט די איינפאכסטע פאדערונ־גען פון העפליכקייט האָט ביומאנט געדארפט איהר ארומנעהמען און א קוש טהאָן שוין אין די ליפּען; ער האָט עס אבער ניט געטהאָן, נאָר האָט א דריק געטהאָן איהר האנד, וואס האָט זיך אראָפּגעלאָזען פון זיין קאָפּ. „אזוי איז עס, קאטערינא וואַ־סיליעוונא, דאך טראכט פאָרט איבער“. און זיי האָבען ווידער גענומען ארומ־געהן.

— אָבער ווער האָט אייך געזאָגט, טשארלי, אז איך האָב ניט געטראכט ווע־

גען דעם מעהר ווי דריי טעג? — האָט זי געענטפערט ניט ארויסלאָזענדיג זיין האנד.

— געוויס, איך האָב עס געזעהן; פון דעסטוועגען וועל איך אייך איצט זאָגען

— דאָס איז שוין אבער א סוד, זאָלען מיר אריבער אין יענעם צימער און זאָלען מיר זיך דאָרט זעצען, אז ער זאָל ניט הערן.

דער סוף פון דעם אָנהייב איז פארגעקומען, ווען זיי זיינען פאַרבייגעגאנגען פאר דעם אלטען; דער אלטער האָט געזעהן, אז זיי געהן געאָרעמט, א זאך וואָס איז קיינמאָל ניט פארגעקומען און האָט א טראכט געטהאָן: „ער האָט געבעטען איהר האנד און זי האָט איהר יא — וואָרט געגעבען. דאָס איז גוט".

— זאָגט אייער סוד, טשארלי; פון דאנעט וועט דער פאטער ניט הערען.

— דאָס קומט אוים לעכערליך, קאַטערינא וואסיליעווגא, וואס איך האָב אלץ מורא פאר אייך; געוויס איז ניטאָ וואס מורא צו האָבען. איהר אבער וועט פאר־שטעהן צוליעב וואס איך בין אייך אזוי מתרא, ווען איך וועל אייך זאָגען, אז איך האָב שוין געהאט א ביישפיעל. געוויס, איהר וועט זעהן, אז מיט מיר קען מען לעבען צוזאמען. עס איז אבער געווען א רחמנות אויף איהר. ווי פיעל זי האָט עס אויסגע־ליטען, וויפיעל יאהרען עס האָט איהר דאָס געפעהלט דער זאַרט לעבען, וואס איז איהר נויטיג געווען. דאָס איז פארדראָסיג. איך האָב געזעהן מיט מיינע אויגען. וואו דאָס איז פארגעקומען איז גאנץ גלייך, זאָלען מיר אננעהמען אין ניו־יאָרק, אין באָסטאָן אָדער פילאדעלפיא — איהר ווייסט, דאָס איז דאָך גאנץ גלייך; זי איז געווען זעהר א גוטע פרוי און האָט דעם מאן געהאלטען פאר זעהר א גוטען מענ־שען. זיי זיינען געווען זעהר צוגעבונדען איינער צום אנדערן. פונדעסטוועגען איז איהר אויסגעקומען פיעל צו ליידען. ער איז געווען גערייט אבצוגעבען די קאָפּ פאר די קלענסטע פארגרעסערונג פון איהר גליק. פון דעסטוועגען האָט זי ניט געקאָנט זיין גליקליך מיט איהם. עס איז גוט, וואס עס האָט זיך אזוי געענדיגט. דאָס איז אבער געווען פאר איהר שווער. איהר האָט עס ניט געוואוסט און דער־פאר האָב איך נאָך ניט אייער ענטפער.

— האָב איך פון וועמען עס איז געקאָנט הערען די ערצעהלונג?

— עס קען זיין.

— טאָמער פון איהר אליין?

— עס קען זיין.

— איך האב דיר קיין ענטפער נאך ניט געגעבען?

— ניין.

— דו ווייסט דעם ענטפער?

— איך וויים, האט ביומאנט געזאגט. און עס האט זיך אנגעהויבען די גע־וועהנליכע סצענע, וואס דארף פארקומען צווישען חתן־כלה מיט ארומנעהמעני־שען.

.17

אויפ'ן צווייטען טאג, ארום 3 א זייגער איז קאטערינא וואסיליעוונא גע־קומען צו ווערא פאוולאוונא.

— איבער מארגען געה איך חתונה האבען, האט זי געזאגט אריינגעהענדיג — און היינט פון אבענד וועל איך ברייננען מיין חתן.

— געווים איז עס ביומאנט פון וועלכען איהר זייט שוין אזוי לאנג פון זי־נען אראפ?

— איך? פון זינען אראפ? ווען דאס אלץ איז געווען אזוי שטיל און פאר־גונפטיג!

— איך גלויב זעהר, אז מיט איהר האט איהר גערעדט שטיל און פארנונפ־טיג; אבער מיט מיר — גאר ניט.

— צי דען איז עס אזוי? דאס איז אינטערעסאנט. אבער אט וואס עס איז נאך מעהר אינטערעסאנט: ער ליעבט זעהר איך, אייך ביידען, אבער אייך, ווערא פאוולאוונא נאך פיעל מעהר ווי אלעקסאנדער מאטוויאיטש'ן.

— וואס איז עס פאר א וואונדער? אויב איהר האט מיט איהם גערעדט ווע־גען מיר כאטש מיט א טויזענטען טהייל פון דער התפעלות, מיט וועלכער איהר האט מיט מיר גערעדט וועגען איהם, איז געווים...

— איהר מיינט, אז ער קען אייך דורך מיר? אט דאס איז דאך די מעשה, וואס ער קען אייך אליין און פיעל מעהר ווי איך.

— דאס איז א נייעס! ווי אזוי איז עס?

— ווי אזוי? איך וועל אייך באלד זאגען. פון דעם ערשטען טאג אן, וואס ער איז געקומען אין פעטערבורג, האט איהם זעהר שטארק זיך געוואלט זעהן מיט אייך: איהם האט זיך אבער אויסגעדוכט, אז עס וועט זיין בעסער אבצולעגען די בעקאנטשאפט ביז יענער צייט, ווען ער וועט קומען צו אייך ניט אליין, נאר מיט

א כלה אָדער פרוי. איהם האָט זיך געדוכט, אז אייך וועט זיין אנגענעהמער איהם צו זעהן מיט א פרוי איידער איינעם אליין. איהר זעהט, אז אונזער חתונה קומט פּאַר צוליעב זיין פערלאַנג זיך צו בעקאַנען מיט אייך.

— חתונה צו האָבען מיט אייך, אום זיך צו בעקאנען מיט מיר!

— מיט מיר! ווער האָט אייך געזאָגט, אז מיט מיר האָט ער חתונה צוליעב אייך? א, ניין, געוויס האָבען מיר חתונה, ניט אוים ליעבע צו אייך. אָבער צו דען האָבען מיר געוואוסט איינער פון אנדערן, אז מיר עקסיסטירען גאר אויף דער וועלט, ווען ער איז געפאַהרען אין פעטערבורג? און ווען ער וואָלט ניט געקומען, ווי וואָלטען מיר זיך בעקאנט? קיין פּעטערבורג אבער איז ער געפאַהרען צוליעב אייך. ווי קאָמיש איהר זייט!

— איהר האָט געזאָגט, אז ער רעדט בעסער אויף רוסיש ווי אויף ענגליש?

— האָט ווערא פּאוולאָוונא געפרעגט מיט אויפרעגונג.

— אויף רוסיש ווי איך און אויף ענגליש ווי איך.

— מיין פריינד, קאַטענקא, ווי גליקליך איך בין! — ווערא פּאוולאָוונא האָט זיך געוואָרפען ארומנעהמען איהר גאַסט — סאשא, קום אהער! גיכער, גיכער!

— וואָס ווערא־טשקא? גוט מארגען קאטערינא ווא...

ער האָט ניט באוויזען דעררייךען איהר נאָמען. — די גאַסט האָט איהם שוין געקושט.

— היינט איז פּסח, סאשא; זאָג זשע צו קאטענקא: איז אין אמת'ן אויפגע־שטאַנען תחית המתים.

— וואָס זשע בעדייט עס?

— זעץ זיך. זי וועט דערצעהלען; איך וויים נאָך אליין ניט מיט א טאָלק. גענוג זיך אָנגעקושט און נאָך פאַר מיר אין די אויגען! דערצעהל קאַטענקא.

18.

אין אבענד איז געווען נאָך מעהר גוואלט. אבער ווען אָרדנונג איז געבראַכט געוואָרען, האָט ביומאַנט לויט דער אויפפאָדערונג פון זיינע נייע בעקאנטע, צו דערצעהלען ווענען זיין לעבען, אנגעהויבען גלייך פון זיין קומען אין די פּעראייניג־טע שטאַטען: „ווי נאָר איך בין געקומען — האָט ער געזאָגט — האָב איך גענומען זאָרגען וואָס גיכער צו ווערען נאַטוראליזירט. צו דעם צוועק האָט מען געמוזט זיך צוזאמענקומען מיט וועמען עס איז. מיט וועמען? געוויס מיט די אבאליציאָנים־

טען. איך האב אנגעשריבען אין „טריביון“ עטליכע ארטיקלען איבער דעם איינפלוס פון פאנסטשיזנע אויף דער גאנצער געזעלשאפטליכער ארדנונג אין רוסלאנד. דאס איז געווען ניט קיין שלעכטער בייער ארגומענט פאר די אבאליציאניסטען געגען דער שקלאפעריי אין די דרום־שטאטען און איך בין געווארען א בירגער פון מאסא־טשוזעטס. באלד נאך מיין קומען האב איך באקומען אלץ דורך זיי א שטעל ביי איינער פון די ווייניגע גרויסע האנדעלסהייזער פון זייער פארטיי אין ניו־יארק“. ווייטער איז געגאנגען דיזעלבע געשיכטע, וואס מיר ווייסען שוין. הייסט עס, ווייניגסטענס, אז וועגען דעם טהייל פון ביומאנטס ביאגראפיע איז ניטא קיין צווייפעל.

## 19.

דעם זעלבען אבענד האט מען אבגערעדט:ביידע פאמיליעס זאלען זוכען וואהנונגען איינע נעבען די אנדערע. ביז מען האט געפונען און איינגעארדענט בע־קוועמע וואהנונגען האבען די ביומאנטס געוואהנט אויף דער פאבריק, וואו מען האט, לויט דעם בעפעהל פון דער פירמע, געמאכט א וואהנונג פאר׳ן פערוואל־טער. אט די ערוויטערונג הינטער׳ן שטאדט האט זיך געקאנט רעכענען פאר א פאסענדע רייזע, אויף וועלכע יונגע פאר פאלק לאזען זיך אוועק לויט דעם שעה־נעם ענגלישען מנהג וואס פארשפרייט זיך איצט איבער גאנץ אייראפא.

ווען אין א חדשים אנדערהאלבען ארום האבען זיך געפונען איינע לעבען די אנדערע — צוויי בעקוועמע וואהנונגען און די קירסאנאוום האבען זיך באזעצט אין איין וואהנונג, און די ביומאנטס אין דער צווייטער — האט דער אלטער פאלאזאוו פארגעצויגען צו פערבלייבען אין דער וואהנונג אויף דער פאבריק, וואו די פרייהייט האט איהם דערמאנט, כאטש אין א שוואכער מדרגה, זיין פריהערדיגע גרויסקייט. אנגענעהם איז איהם געווען דארט צו פערבלייבען אויך דערפאר, ווייל דארט איז ער געווען די אנגעזעהנסטע פערזאן אויף דריי—פיער ווארסט ארום. עס איז ניטא קיין צאהל צו די סמנים פון אכטונג, וואס פלעגט ארויסגעוויזען ווע־רען צו איהם מצד פון זיינע אייגענע און ארומיגע פריקאשציקעס, ארטעלשציקעס און אנדערע אויסערשטאדטישער חברותא, וואס זיינען ווייניגער און מעהר הויך לויט זייער לאגע אין דער געזעלשאפט, ווי די פאבריק־אנגעשטעלטע; און עס איז כמעט ניטא קיין מאס פון דעם פארגניגען, מיט וועלכען ער האט פאטראַרכאליש מקבל געווען די סמנים פון דער אלגעמיינער אנערקענונג איהם אלס די ערשטע

פערזאָן אין יענעם געגענד. דער אײדעם פלעגט כמעט יעדען פריהמארגען קומען אויפ'ן פאבריק, כמעט יעדען טאָג פלעגט מיט'ן מאַן קומען אויך די טאָכטער. אויף זומער פלעגען זיי (און דאָס טהוען זיי אויך איצט) אין גאנצען אריבערפאָהרען וואָהנען אויף דער פאבריק, וואָס האָט זיי פארביטען א דאטשע. אין די איבעריגע טהײלען פון יאָהר פלעגט דער אלטער, אויסער וואָס ער אין דער פריה פלעגט ער באגעגענען די טאָכטער און דעם אײדעם (וואָס איז געבליבען אַן אמעריקאנער) האָבען אָפט, אלע וואָך און נאָך עפטער, דעם פארגניגען אנצונעהמען געסט, וואָס פלעגען קומען צו אבענד־צייט צוזאמען מיט קאטערינא וואסיליעוונא און דעם מאַן. — אמאָל פלעגען עס זיין נאָר די קירסאנאָװס מיט עטליכע יונגע לייט — אמאָל א פיעל צאָהלרייכערע געזעלשאפט: די פאבריק איז געוועהנליך דער ציעל פון די אָפטע שפאצירען הינטערן שטאָדט פאר קירסאנאָװ און ביו־מאנט קרייז. פאָלאָזאָװ איז זעהר צופריעדען יעדערמאָל, ווען אזוינע געסט בעפאָלען, און ווי קען אנדערש זיין? איהם געהערט די ראָלע פון בעל־הבית, וועלכער עס פעהלט ניט קיין פאטריארכאלישע מכובהדיגקייט.

20.

יעדע איינע פון די צוויי פאמיליעס לעבט אויף איהר באזונדערן אופן, ווי ווע־מען עס געפעהלט בעסער. אין געוועהנליכע טעג איז אין איין האלבער הויז מעהר גערויש, אין דער צווייטער — שטילער. מען באגעגענט זיך ווי מענשען פון איין פאמיליע, אפט אויך צעהן מאָל א טאָג, אָבער יעדעס מאל אויף איינע—צוויי מי־נוטען; אנדערע טעג איז איין האלבע הויז א גאנצען טאָג פוסט, איהרע בעוואָהנער געפינען זיך אין דער צווייטער העלפט. דאָס אלץ, ווי עס מאכט זיך, און ווען געסט קלייבען זיך צוזאמען איז אויך ווי עס מאכט זיך: אמאָל בלייבען די טהירען צוויי־שען די וואָהנונגען פארמאכט, ווארום די טהירען וואס פאראייניגען די זאָלען פון איין גאסטצימער מיט'ן צווייטען זיינען בכלל פערמאכט און אָפען איז נאָר די טהיר צווישען ווערא פאוולאָוונאס און קאטערינא וואסיליעוונאס צימערן — אלזאָ אמאָל בלייבען די טהירען, וואס פאראייניגען ביידע עמפפאנג צימערן פערמאכט; דאס איז דאמאָלט ווען די חברותא איז ניט קיין גרויסע. אבער ווען עס קומען א סך מענ־שען, עפענען זיך די טיהרען, און דאמאָלט ווייסען די געסט שוין ניט ביי וועמען זיי זיינען צו גאסט, ביי ווערא פאוולאָוונא, אדער ביי קאטערינא וואסילעוונא; און די בעל־הבית'טעס אליין קענען זיך ניט ארויסגעפינען אין דעם. מען קען פיליכט

מאכען אזא אונטערשייד: אויב יונגע חברה זיצען, זיינען זיי מעהר ביי קאטערינא וואסילעוונא, אויב אבער זיי זיצען ניט איין אויף אן ארט, איז עס מעהר ביי ווערא פאוולאָוונא. אבער די יונגע חברה קען מען דאך פאר קיין געסט ניט האלטען: דאָס זיינען אייגענע מענשען און ווערא פאוולאָוונא טרייבט זיי אָהן צערעמאָניעס צו קאטערינא וואסיליעוונא. „מיר האָט איהר דערעסן, מיינע העררען; געהט צו קאטענקא'ן, איהר וועט איהר קיין מאָל ניט דערעסן". „און פאר וואס זייט איהר שטאָטעצנער ביי איהר, ווי ביי מיר, דאכט זיך, איך בין דאך עלטער". „האָט קיין מורא ניט, מיר האָבען איהר העלטער ווי אייך". „קאטענקא, פאר וואס האָבען זיי דיר העלטער, ווי מיר?" „זיי קריגען פון מיר מעהר מפּלות ווי פון דיר". „יא, קאַ־טערינא וואסילעוונא באגעהט זיך מיט אונז, ווי מיט געזעצטע מענשען, פיהרען מיר זיך אליין אויף מעהר מכובה'דיג מיט איהר ווי מיט אייך". ניט שלעכט איז געווען דער איינדרוק, וואס עס האָט לעצטען ווינטער זיך אָפּט ווידערהאָלט אין היימישען קרייז, ווען עס פלעגען זיך צוזאמענקומען כאָר די יונגע לייט און די נאָ־הענטסטע בעקאנטע.ביידע פיאנאס פוןביידע וואָהנונגען פלעגען זיך צוזאמענרוקען אין איינעם; די יונגע חברה פלעגען ווארפען גורל און פלעגען זיך צוטהיילען אויף צוויי כאָרען און פלעגען צווינגען זייערע ביידע באשיצערינס זיך אוועקצוזעצען ביי ביידע פיאנאס פנים על פנים איינע געגען די אנדערע; יעדער כאָר פלעגט זיך אוועקשטעלען הינטער זיין פרימאדאָנא און אין דערזעלבער צייט פלעגט ווערא פאוו־לאָוונא זינגען מיט איהר כאָר, „לא דאנא ע'מאָבילע" און קאטערינא וואסילעוונא מיט איהר כאָר „לאנג צוריקגעוויזען פון דיר"; אָדער ווערא פאוולאָוונא מיט איהר כאָר— עפּעס א ליעד פון ליזעטע ביי בעראנזשע און קאטערינא וואסילעוונא מיט איהר כאָר „דאָס ליעד וועגען יערעמושקא". היינטיגען ווינטער איז אריין אין מאָדע אַן אנדער זאך. די געוועזענע פרימאדאנאס האָבען מיט געמיינזאמע כחות איבערגע־מאכט אויף זייערע זיטען „דעם שטרייט פון צוויי גריכישע פילאָזאָפען וועגען שעהנקייט". עס הויבט זיך אָן אזוי: קאטערינא וואסילעוונא, אויפהייבענדיג די אויגען צום הימעל און זיפצענדיג א פאר'חלומ'טע, זאָגט זי: „געטליכער שילער, ער־קוויקונג פון מיין נשמה". ווערא פאוולאָוונא ענטפערט מיט ווירדע: „אָבער לאקירענע שיך פון קאראלעווס קראם זיינען אויך שעהן". און שטעלט אוים די פוס. ווער פון די יונגע חברה עס הייבט אָן צו שמייכלען ביי דעם וועט־קאמפף, ווערט אוועקגע־שטעלט אין ווינקעל: צו ענד פון דעם וועט קאמפף בלייבען פון 10—12 מענשען.

נאָר א צוויי־דריי, וואס הערען זיך צו ניט פון ווינקעל. די גרעסטע שמחה איז, ווען עס גיט זיך איין דורך עפּעס א קונץ אריינצושלעפּען ביומאנטען צו דער סצענע און איהם אריינצושטעלען אין ווינקעל.

— וואָס נאָך? די נייוואָרקשטאַטען, לעבען זיך אלץ מעהר און געהן אָן; עס זיינען שוין פארהאַן דריי אזוינע: קאַטערינא וואסילעוונא האָט שוין לאנג צוריק איינגעפיהרט איהר וואָרקשטאַט, איצט פארבייט זי פיעל ווערא פּאוולאָוונא אויך אין יענערס וואָרקשטאַט, און באלד וועט זי אין גאנצען מוזען פארנעהמען איהר פּלאַץ, ווארום היינטיגען יאָהר וועט ווערא פּאוולאָוונא — נעהט ניט פאר אומגוט — באמת האָלטען עקזאַמען אויף דאָקטאר, און דאמאָלט וועט זי שוין גאָר קיין צייט ניט האָבען זיך צו באשעפטיגען מיט'ן וואָרקשטאַט. „א שאדען, וואָס עס איז ניטאָ קיין מעגליכקייט פאר די נעהוואָרקשטאַטען זיך צו ענטוויקלען: ווי גוט זיי וואָלטען זיך ענטוויקעלט", זאָגט אפט ווערא פּאוולאָוונא. קאטערינא וואסילעוונא ענטפערט גאָר ניט אויף דעם. נאָר אין איהרע אויגען טהוט א בליטץ א בייזער אויסדרוק. „וואס פאר א היציגע דו ביזט, קאטיא: דו ביזט ערגער פאר מיר", זאָגט ווערא פּאוולאָוונא. „עס איז דאָך גוט וואס דיין פּאָטער האָט וואס עס איז: דאָס איז זעהר גוט". „יא, ווערא‌טשקא, דאָס איז גוט: איך בין דאָך רוהיגער וועגען מיין זוהן". (הייסט עס, אז זי האָט א זון). „איבעריגענס קאטיא דו האָסט מיר געמאכט טראכטען ווער וויים וועגען וואָס; מיר וועלען דורכלעבען שטיל און רוהיג". קאטע־רינא וואסילעוונא שווייגט. — „יא, קאטיא, צוליעב מיר זאָג: יא". קאטערינא וואסילעוונא לאכט. „דאָס היינגט ניט אָפּ פון מיין „יא", אָדער „ניין" און דערפאר וועל איך מיט פארגניגען זאָגען: יא, מיר וועלען דורכלעבען רוהיג".

און אין אמת'ן לעבען זיי אלע רוהיג. זיי לעבען פריינדליך און הארמאָניש, אי שטיל, אי גערוישיג, היימלאָך און טהעטיג. אבער פון דעם איז נאָך ניט געדרונ־גען, אז מיין ערצעהלונג וועגען זיי איז געענדיגט. ניין, זיי אלע פיער זיינען נאָך יונגע, טהעטיגע מענשען: און אויב זייער לעבען האָט זיך איינגעאָרדענט גוט און איינינג און זיכער, איז עס דערפאר נאָך ניט געווארען ניט אינטערעסאנט, ווייט ניט: איך האָב נאָך וועגען זיי פיעל צו דערצעהלען און איך גאראנטיר אייך, אז די פארטזעצונג פון מיין ערצעהלונג וועט זיין פיעל אינטערעסאנטער ווי דאָס, וואָס איך האָב דערצעהלט ביז איצט.

## 21.

זיי לעבען היימלאך און איינ‌יג, ארבייטען און רוהען און געניסען דעם לעבען און קוקען אויף די צוקונפט, אויב ניט אהן זארג, איז דאך מיט דער פעסטער און גאנץ גרינדליכער ענטשלאסענהייט, אז וואס ווייטער וועט אלץ בעסער זיין. אזוי איז אוועק ביי זיי די צייט פאר צוויי יאהרען און פאר א יאהרען, אזוי געהט ביי זיי אויך היינטיגער יאהר און דער ווינטער פון היינטיגען יאהר איז שוין כמעט אוועק, דער שניי האט שוין אנגעהויבען צו צושמעלצען און ווערא פאוולאוונא האט געפרעגט: „צי וועט זיין כאטש נאך איין פראסטיגער טאג, אום צו קענען מאכען כאטש נאך איין ווינטער פיקניק“? און קיינער האט ניט געקאנט ענטפערן אויף איהר פראגע, נאר א טאג איז פארביי נאך א טאג, עס האט אלץ געבלאזען און מיט יעדען טאג איז אלץ געווארען קלענער די וואהרשיינליכקייט פון א ווינטער־פיקניק. אבער אט ענדליך! ווען עס איז שוין געווען פארלארען די האפנונג, איז ארויסגעפאלען א שנעע, אין גאנצען א ווינטערדיגער און געלאזען האט אויך ניט, נאר מיט א גוטינקען, קליינעם פרעסטעל; דער הימעל איז א ליכטיגער, דער אבענד וועט זיין אן אויסגעצייכענטער. „פיקניק! פיקניק!“ „שנעל צוזאמענקלייבען די אנדערע איז ניט מעגליך — א קליינע געזעלשאפט אהן איינלאדונגען.

אין אבענד זיינען צוויי שליטענס אבגעפאהרען. אין איין שליטען האט מען געפלוידערט און געשטיפט: אין צווייטען איז שוין גאר געווען חלשות! ווי נאר מען איז ארויסגעפאהרען הינטער׳ן שטאדט האט מען זיך אוועקגעלאזען זינגען אין פולען קול און וואס נאך געזונגען!

---

ארוים איז די יונגע
הינטער דעם נייעם קלענטהויער,
הינטער דער פארענצע:
„דער אייגענער טאטע איז א בייזער
און ניט געגדיג איז ער צו מיר:
ער הייסט ניט שפאצירען שפעט,
שפילען מיט א ניט פארהייראטען בחור:

איך פאָלג ניט דעם טאַטען,
וועל הײמלאַך מאַכען דעם בחור"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען קען ניט זאָגען, אויסגעזוכט א ליעד! אבער צי דען איז דאָס גאר? דאָ פאַהרט מען טריט ביי טריט, מען שטעהט אָפּ אויף א פיערטעל וויארסט, דאָ, מיט אמאָל, לאָזט מען זיך אוועק גאלאָפּ, מען יאגט אריבער מיט געשרייען און טור־מעל און ווען מען יאגט אריבער, ווארפט מען מיט סנעזשקעס אין דעם הײמלאכען, אבער ניט צווישעטען שליטען. דער ניט צווישעטער שליטען האָט נאָך צוויי—דריי אזוינע בעפאלען, באשלאָסען זיך צו פארטיידיגען. דורכלאָזענדיג פאראויס דעם צווישעטען שליטען, האָבען זיי אליין אויפגעכאַפּט גאנצע הויפענס פון פרישען שניי, פארזיכטיג צוזאמענגעכאַפּט. אָט האָט דער צווישעטער שליטען ווידער גע־נומען פאָהרען טריטוויז, איז אָבגעשטאַנען און דער ניט צווישעטער שליטען פאָהרט פארביי מיט פארזיכטיגקייט, ניט ווייזענדיג, אז ער האָט זיך פארבערייט מיט געוועהר. אָט טראָגט זיך דער צווישעטער שליטען ווידער אויף זיי מיט געשרייען און טומעל און דער ניט צווישעטער שליטען האָט זיך פארבערייט ארויסווייזען אז אויסגעצייכענטען ווידערשטאַנד אונערוואַרטעט. אָבער וואָס איז עס? דער צו־ווישעטער שליטען פארנעהמט זיך גאָר אויף רעכטס, איבער דעם גראָבען, פאר זיי איז דאָס אלץ גאָר ניט — טראָגען זיך פארביי פאר'ן אנדערן שליטען אויף א קלאַפּטער פינף ווייט: „דאָס האָט זי פערשטאַנען, זי האָט אליין געכאַפּט די לייצעס, שטעהט און טרייבט אָז די פערד", זאָגען די לייט פון ניט צווישעטען שלי־טען. — „ניין, ניין, מיר מוזען אניאָגען! מיר מוזען נקמה נעהמען!" מען שפּרינגט ווי משוגעים. וועלען זיי דעריאָגען אָדער ניט דעריאָגען? — „מיר וועלען דעריאָ־גען!", זאָגען מיט פרייד די וואָס זיינען געזעסען אין ניט צווישעטען שליטען. — „ניין" — זאָגען זיי מיט פארצווייפלונג — „יאָ, מיר וועלען דעריאָגען" — זאָגען זיי מיט א נייער שמחה. — „זיי וועלען דעריאָגען" — זאָגען מיט פארצווייפלונג די פון צווישעטען שליטען. — „זיי וועלען ניט דעריאָגען" — זאָגען זיי מיט פרייד. — וועלען זיי דעריאָגען, אָדער ניט?

אויף דעם ניט צווישעטען שליטען זיינען געזעסען די קירסאַנאָווס און ביור־מאַנטס; אויף דעם צווישעטען — פיער יונגע לייט און א דאַמע און אָט פון איהר איז עס געקומען די גאַנצע צווישעטקייט.

— גוטען אבענד, מיינע דאמען און העררען, מיר זיינען זעהר, זעהר צופרידען אייך ווידער צו זעהן — זאגט זי פון דער טרעפ פון פאבריק — מיינע העררען, העלפט דאך די דאמען ארויסגעהן פון שליטען, זאגט זי ווייטער, זיך ווענדענדיג צו איהרע מיטרייזענדע.

—גיכער, גיכער, אין די צימערן אריין! דער פראסט האט אלעמען רויט געמאכט!

— גוטען אבענד, אלטיטשקער! אבער ער איז דאך נאך גאר ניט קיין אל-טינקער! קאטערינא וואסילעוונא, וואס האט איהר אנגערעדט אויף איהם, אז ער איז אן אלטער? ער וועט נאך נאכגעהן נאך מיר. וועט איהר, מיין ליעבער אל-טיטשקער? זאגט די דאמע פון דעם צווישעטען שליטען.

— איך וועל, זאגט פאלאזאוו, באצויבערט דערמיט, וואס זי האט פריינדליך א גלעט געטהאן זיינע גרויע באקענבארד.

— קינדער, ערלויבט איהר איהם זיך נאכשלעפען נאך מיר?

— מיר ערלויבען, זאגט איינער פון די יונגע לייט. — ניין, ניין! זאגען די אנדערע דריי.

— אבער פאר וואס געהט די דאמע פון צווישעטען שליטען אין גאנצען אין שווארצען? איז עס פון טרויער, אדער א קאפריז?

— איך בין אבער מיעד — זאגט זי און טהוט זיך א ווארף אויף דער טער-קישער זאפע, וואס פארנעהמט די גאנצע לענג פון איינע פון די ווענט פון זאל.— קינדער, גיט אהער מעהר קישענס! ניט מיר אליין! די אנדערע דאמען זיינען מן הסתם אויך פארמאטערט.

—יא, איהר האט אונז אויך אויסגעמאטערט. — זאגט קאטערינא וואסיל-יעוונא.

— ווי עס האט מיך צובראכען דאס שפרינגען איבער די גראבענס — זאגט ווערא פאוולאוונא.

— עס איז נאך גוט, וואס עס איז געוועזן נאר איין וויארסט ביז דער פאבריק! זאגט קאטערינא וואסיליעוונא.

ביידע לאזען זיך אראפ אויף דער זאפע אין די קישענס אהן כחות.

— איהר זייט ניט קיין חכמניות! איהר זייט מן הסתם ווייניג געפאהרען

אין גאלאפ? איהר וואלט זיך געשטעלט ווי איך; דאמאלט זיינען די גראבענס—גארניט.

— אפילו מיר זיינען שטארק פארמאטערט — זאגט קירסאנאוו פאר זיך און פאר ביומאנט'ן. זיי זעצען זיך אוועק לעבען זייערע ווייבער. קירסאנאוו האט ארומגענומען ווערא פאוולאוונא; ביומאנט האט גענומען קאטערינא וואסיליעוונאס האנד. א אידילישע בילד. עס איז אנגענעהם צו זעהן גליקליכע הייראטהען. אבער איבער דעם פנים פון דער דאמע איז פארביי א שאטען, אויף איין אויגענבליק, אזוי אז קיינער האט ניט באמערקט, אויסער איינעם פון איהרע יונגע מיטרייזענדע. ער איז אוועק צום פענסטער און האט גענומען זיך צוקוקען צו די צייכנונגען, וואס דער פראסט האט ליכט אנגעווארפען אויפ'ן פענסטער.

— מיינע דאמען, אייערע ערצעהלונגען זיינען זעהר אינטערעסאנט; איך האב אבער ניט גוט געהערט; איך וויים נאר, אז זיי זיינען אי ריהרענד, אי אמוזאנט און ענדיגען זיך גליקליך: איך האב עס ליעב. וואוזשע איז דער אלטיטשקער?

— ער בעל־הבית'עוועט, געררייט צו דאס צובייסען; דאס אינטערעסירט איהם שטענדיג — האט געזאגט קאטערינא וואסילעוונא.

— אויב אזוי, זאל ער זיך זיין געזונטערהייט. דערצעהלט זשע, איך בעט אייך. אבער קורץ; איך האב האלט אז מען זאל דערצעהלען קורץ.

— איך וועל דערצעהלען גאנץ קורץ, האט ווערא פאוולאוונא געזאגט. עס הייבט זיך אן פון מיר; ווען די רייהע וועט דערגעהן צו אנדערע, זאלען זיי דערצעהלען. איך בין אייך אבער מסרא אז צו ענד פון מיין געשיכטע זיינען דא סודות.

— וואס איז, מיר וועלען פארטרייבען די הערעין, אדער זאל מען זיי פיר־ליכט שוין איצט פארטרייבען?

— ניין, איצט קענען זיי הערען.

ווערא פאוולאוונא האט אנגעהויבען איהר געשיכטע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— כא, כא, כא! אט די ליעבע זשולי! איך ליעב זי זעהר! און זי ווארפט זיך אויף די קניה, און זי זידעלט זיך, און זי האלט זיך גאר אהן א ברעקעל אנשטענדיגקייט! ליעבע!

— — — — — — — — — — — — — — — —

בראוואָ, ווערא פּאַווּלאָוונאַ!... „איך וועל זיך ארויסוואַרפן דורכ'ן פענס־טער!“ בראוואָ, מיינע העררן! — די דאַמע אין טרויער האָט גענומען פּאַטשן מיט די הענד. די יונגע לייט האָבן גענומען אַפּלאָדירן ביז פאַרטויבט ווערן און שרייען „בראוואָ“ און „הוראַ“.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

—וואָס איז מיט אייך? וואָס איז מיט אייך? האָט קאַטערינאַ וואַסילעוונאַ אין אַ פּאָר מינוטן אַרום געזאָגט מיט שרעק.

— ניין, דאָס איז גאָר נישט, דאָס איז סתם אַזוי: גיט אַהער וואַסער, בעאונ־רוהיגט זיך ניט. מאַסאַלאָוו טראַגט שוין. איך דאַנק אייך, מאַסאַלאָוו; זי האָט גענו־מען די וואַסער, וואָס איהר יונגער מיטרייזענדער, וואָס איז פריהער אַבגעטרעטען צום פענסטער האָט געבראַכט — איהר זעהט, ווי איך האָב איהם אויסגעלערנט, ער ווייס שוין אַלץ פאַראויס. איצט איז שוין אין גאַנצען פאַריבער. דערצעהלט ווייטער, איך בעט אייך; איך הער.

— ניין, איך בין פערמאַטערט — האָט זי געזאָגט אין אַ מינוט פינף אַרום, רוהיג אויפשטעהענדיג פון דער זאַפע. — איך דאַרף זיך אויסרוהען, דורכשלאָפען אַ שעה, אַ שעה און אַ האַלב. איהר זעהט, איך בין אַהן צערעמאָניעס, איך געה אַוועק. לאָמיר געהן, מאַסאַלאָוו, אויסזוכען דעם אַלטיטשקען, ער וועט אונז שוין געבען אַ פּלאַץ, וואו זיך צוצולעגען....

— ערלויבט, פאַר וואָס זאָל איך עס ניט טהאָן? האָט געזאָגט קאַטערינאַ וואַסילעוונאַ.

— צי איז עס ווערטה זיך מטריח צו זיין?

— איהר וואַרפט אונז אַוועק? האָט געזאָגט איינער פון די יונגע לייט, אַנ־נעהמענדיג אַ טראַגישע פּאָזע; אויב מיר וואָלטען עס פאַראויסגעזעהן, וואָלטען מיר מיט זיך גענומען שפּייזען. איצט אָבער האָבען מיר ניט מיט וואָס זיך צו דער־שטעכען.

— ווען מען וועט דערלאַנגען דעם צוביים, זאָלען מיר זיך דערשטעכען מיט די גאָפּלען! — האָט ארויסגעזאָגט דער צווייטער מיט דער פרייד פון אונער־וואַרטעטער רעטונג.

— יאָ, איך וויל ניט, אַז פריהצייטיג זאָל אונטערגעהן די האָפנונג פון פאָ־טערלאַנד, האָט מיט דערזעלבער פייערליכקייט ארויסגערעדט די דאַמע אין טרוי־

ער — טרייסט זיך, מיינע קינדער. מאסאלאוו, די קלענערע קישען ניט אהער אויפ'ן טיש! מאסאלאוו האט אוועקגעלעגט די קושען אויפ'ן טיש. די דאמע אין טרויער האט זיך אוועקגעשטעלט ביים טיש אין א פייערליכער פאזע און האט אראפגעלאזען די האנד אויפ'ן קישען.

די יונגע לייט האבען א קוש געטהאן די האנד.

קאטערינא וואסילעווונא איז געגאנגען אוועקלעגען די פערמאטערטע גאסט.

— ארימע! האבען, ווי נאר זיי זיינען ארויס פון זאל, ארויסגערעדט אין איין קול אלע דריי איבעריגע, וואס זיינען געווען אין דעם ניט צווישעטען שליטען.

— זי איז א בראנד! — האבען די דריי יונגע לייט ארויסגעזאגט.

— אהא! — האט זעלבסטצופריעדען געזאגט מאסאלאוו.

— דו ביזט שוין לאנג בעקאנט מיט איהר?

— א יאהר דריי.

— גוט, איהר זייט ניט אומרוהיג, איך בעט אייך, האט ער ווייטער געזאגט, זיך ווענדענדיג צו די וואס זיינען געפאהרען אין דעם ניט צווישעטען שליטען— דאס איז נאר דערפון, וואס זי איז פארמאטערט.

ווערא פאוולאוונא האט מיט א צווייפעל זיך דורכגעקוקט מיט'ן מאן און ביר־מאנטען און האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— דערצעהלט מעשות! פערמאטערט! — האט קירסאנאוו געזאגט.

— איך פארזיכער אייך. זי איז נאר פארמאטערט. זי וועט איינשלאפען, וועט אלץ פארביי, האט מאסאלאוו געזאגט מיט א גלייכגילטיג בארוהיגענדען טאן.

אין א מינוט צעהן ארום איז קאטערינא וואסילעווונא געקומען צוריק.

— וואס? — האבען זעקס שטימען א פרעג געטהאן. מאסאלאוו האט ניט געפרעגט.

— זי האט זיך געלעגט שלאפען, איז שוין איינגעדרעמעלט, איצט שלאפט זי שוין מן הסתם.

— איך האב דאך אייך געזאגט, — האט מאסאלאוו געזאגט. עס איז גאר נישט.

— עס איז פארט א רחמנות אויף איהר! האט קאטערינא וואסילעווונא גע־זאגט — זאלען מיר זיך אין איהר אנוועזענהייט האלטען באזונדער. איך מיט דיר, ווערא שקא און טשארלי מיט סאשן.

— דאָס דאַרף אונז אָבער אַ האָר ניט שטערן, — האָט מאַסאַלאַוו געזאָגט.
— מיר קענען זינגען, טאַנצען, שרייען: זי שלאָפט זעהר שטאַרק. —

---

אויב זי שלאָפט, אויב עס איז גאָר נישט, טו וואָס זשע איז עס אין אמת'ן?
דער שווערער איינדרוק, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען אויף אַ פערטעל שעה דורך די דאַמע אין טרויער, איז פאַרביי, פאַרשוואונדען און פאַרגעסען געוואָרען. ניט אין גאַנצען, אָבער כמעט. אָהן איהר איז דער אָבענד ביסלאַכווייז ווייטער אַוועק אין דער ריכטונג פון אַלע פריהערדיגע אָבענדען פון דעם זאַרט, ביז ער איז אין גאַנצען געוואָרען בעסער און היימלאַך.
היימלאַך, אָבער ניט אין גאַנצען. ווייניגסטענס האָבען די דאַמען אַמאָל פינף — זעקס זיך דורכגעקוקט איינע אויף די אַנדערע מיט אַ שווערער אונרוהיג־קייט. אַמאָל צוויי האָט ווערא פּאַוולאָוונאַ שטילערהייט אַ פרעג געטהאָן דעם מאַן: „וואָס איז, אויב דאָס וועט טרעפען מיט מיר?“ קירסאַנאָוו האָט ביים ערשטען מאָל ניט געפונען וואָס צו ענטפערן: דעם צווייטען מאָל האָט ער געפונען: „ניין, ווערָאַטשקאַ, מיט דיר קען עס ניט טרעפען“ — „עס קען ניט? ביזטו זי־כער?“ — „יאַ“. און קאַטערינאַ וואַסילעוונאַ האָט אַמאָל צוויי שטיל אַ פרעג גע־טהאָן דעם מאַן: „מיט מיר קען עס ניט פּאַסיהרען, טשאַרלי?“ דעם ערשטען מאָל האָט ביומאָנט נאָר אַ שמייכעל געטהאָן, ניט היימליך און ניט באַרוהיגענד; דעם צווייטען מאָל האָט ער זיך אויף אַרויסגעפונען: „לויט אַלע וואַהרשיינליכקיי־טען, קען ניט פּאַסירען; נאָך אַלע וואַהרשיינליכקייטען“.

---

אָבער דאָס זיינען געווען נאָר שנעלפאַרביי־געהענדיגע אָבקלאַנגען און דאָס אויך נאָר אין אָנפאַנג. בכלל איז דער אָבענד פאַרביי היימלאַך, און אין אַ האַלבע שעה אַרום גאָר היימלאַך. מען האָט געפּלוידערט, געשפּיעלט, געזונגען. זי שלאָפט שטאַרק, פאַרזיכערט מאַסאַלאַוו און גיט אַ ביישפּיעל. און אין אמת'ן קען מען ניט שטערען: דער צימער, אין וועלכען זי האָט זיך צוגעלעגט איז גאַנץ ווייט פון זאַל, אָבגעטהיילט דורך דריי צימערן און קאָרידאָר און טרעפּ און נאָכהער ווידער פינף צימערן, אין גאַנצען אין צווייטער העלפט פון דער וואַהנונג.

---

און אַזוי איז דער אָבענד אין גאַנצען גוט אַוועק.

די יונגע לייט זיינען, ווי געוועהנליך, דא צוגעשטאנען צו די איבעריגע, דא אוועק באזונדער, דא אין גאנצען, דא ניט אינגאנצען; אמאל צוויי איז ביומאנט אויך אבגעשטאנען; אמאל צוויי האט ווערא פאוולאוונא איהם און די גאנצע חברה אבגעריסען פון אן ערנסטען געשפרעך.

מען האט געפלוידערט פיעל, זעהר פיעל; מען האט ארומגערעדט אויך אלע צוזאמען, אבער ניט פיעל

---

אלע זיינען געזעסען צוזאמען.

— נו, וואס זשע איז פארט דער פועל יוצא: גוט אדער שלעכט? האט גע־פרעגט דער פון די יונגעלייט, וואס האט אנגענומען א טראגישע פאזע.

— מעהר שלעכט ווי גוט, — האט געזאגט ווערא פאוולאוונא.

— פאר וואס, ווראטשקא? — האט געזאגט קאטערינא וואסילעוונא.

— יעדענפאלס, אהן דעם געהט עס אין לעבען ניט, — האט ביומאנט גע־זאגט.

— אן אונפערמיידליכע זאך, האט באשטעטיגט קירסאנאוו.

— אויסגעצייכענט שלעכט, הייסט אויסגעצייכענט, — האט פאררבכט דער וואס האט געפרעגט.

די אנדערע דריי פון זיינע חברים האבען צוגעשאקעלט מיט די קעפ און גע־זאגט: „בראווא, ניקיטין!“

---

די יוגענד איז געזעסען אן א זייט.

— איך האב איהם ניט געקענט, ניקיטין.

— דו, דאכט זיך, האסט איהם יא געקענט? — האט מאסאלאוו געפרעגט.

— איך בין דאמאלט נאך א אינגעל געוועזן. האב איהם געזעהן.

— און ווי דיר דאכט זיך איצט, אויף ווי ווייט דו געדיינקסט, צו זאגען זיי דעם אמת? צו פוצען זיי ניט צו אוים פריינדשאפט?

— ניין.

— און נאכדעם האט מען איהם ניט געזעהן?

— ניין, איבריגענס איז ביומאנט דאמאלט דאך געווען אין אמעריקא.

— אין אמת׳ן! קארל יאקאווליטש, קומט אהער אויף א מינוט — צי האט

איהר אין אמעריקא זיך ניט באגעגענט מיט דעם רוסען, ווענען וועלכען מען האט דא גערעדט?

— יא.

— וואס פאר א פאנטאזיע עס איז מיר געקומען אין קאפ. — דאס וואלט געווען א פאר מיט איהר.

— מיינע הערדען, וועט ווער עס איז זינגען מיט מיר? — זאגאר צוויי בעלנים? נאך בעסער. —

עס זיינען געבליבען מאסאלאוו און ניקיטין.

— איך קען דיר ווייזען אן אינטערעסאנטע זאך, ניקיטין, האט מאסאלאוו געזאגט. — וואס דענקסטו, זי שלאפט?

— ניין.

— זאג נאר קיינעם ניט. איהר קענסטו נאכהער זאגען, ווען דו וועסט זיך נאהענטער בעקאנען. פון די אנדערע — קיינעם ניט. זי האט עס ניט האלט.

די פענסטער פון דער וואהנונג זיינען געווען ניעדעריג.

— את, געוויס, דער פענסטער, וואו דער פייער איז? מאסאלאוו האט א קוק געטהאן. דער. דו זעהסט?

די דאמע אין טרויער איז געזעסען צורוקענדיג דעם פוטעל צום טיש. מיט דער ליג־קער האנד האט זי זיך אנגעשפארט אן טיש; די קאפ איז געווען אביסעל איינגעבויגען און אונטערגעהאלטען פון דער האנד, פארדעקענדיג דעם שלייף און א טהייל האר. די רעכטע האנד איז געלעגען אויפ'ן טיש און די פינגער האבען זיך אויפגעהויבען און אראפגעלאזען מעכאניש, אזוי ווי זיי וואלטען אויסשפילען עפעס א מאטיוו. דאס געזיכט פון דער דאמע האט געהאט אן אונבעוועגליכען אויסדרוק פון פערטראכטקייט, א טרויעריגער און, נאך מעהר, א שטרענגער. די ברעמען האבען זיך לייכט צוזאמענגערוקט און פארנאנדערגערוקט.

— און די גאנצע צייט אזוי, מאסאלאוו?

— דו זעהסט דאך. דאך, געה, אז ניט וועלען מיר זיך פארקיהלען. מיר שטעהן שוין אזוי אויך א פערטעל שעה.

— וואס פאר א געפיהללאזער מענש דו ביזט! — האט ניקיטין געזאגט.

שארף ארייַנקוקענדיג דעם חבר אין די אויגען, ווען זיי זייַנען דורך דורכ'ן פאַר־הויז.

— דו האָסט זיך צוגעפּאַסט אין געפיהלען. דאָס איז ביי דיר דעם ערשטען מאָל. מען האָט דערלאַנגט דאָס צובייסען.

— עס מוז זיין אויסגעצייכענטע בראַנפען, — האָט ניקיטין געזאָגט. — און וואָס פאַר א שטאַרקע! עס פאַרכאַפּט דעם אָטהעם!

— אך, גאָר א מיידעל! די אויגען זייַנען זאָגאָר רויט געוואָרען! — האָט מאַסאַלאָוו געזאָגט.

אַלע האָבען זיך גענומען ניקיטינען צו פאַרשעהמען. „דאָס איז נאָר דערפון, וואָס עס איז מיר אריין אין לינקען קעהל, אז ניט קען איך טרינקען". האָט ער זיך פאַרענטפערט. מען האָט גענומען זיך נאָכפרעגען, ווי שפּעט עס איז. ערשט עלף אזייגער, מען קען נאָך א האלב שעה פלוידערן, מיר וועלן בעוויזען.

אין א האלבע שעה ארום איז קאַטערינא וואסילעוונא געגאַנגען וועקען די דאַמע אין טרויער. די דאַמע האָט איהר באַגעגענט אויף'ן שוועל, זיך ציהענדיג ווי נאָך א שלאָף.

— האָט איהר גוט זיך דורכגעדרעמעלט?

— אויסגעצייכענט.

— און ווי פיהלט איהר זיך?

— אויסגעצייכענט. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז עס איז א קלייניג־קייט: איך בין געוואָרען פאַרמאַטערט, ווייל איך האָב פיעל זיך נאַריש געמאַכט. איצט וועל איך זיין מעהר סאַליד.

אָבער, ניין, עס האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען צו זיין סאַליד. אין פינף מי־נוט ארום האָט זי שוין באַצויבערט פּאָלאָזאָוו'ן און געקאָמאַנדעוועט איבער די יונגע לייט און האָט געבאַראַבאַנעוועט א מאַרש, אָדער עפּעס עהנליכעס אויפ'ן טיש מיט די שטילען פון צוויי גאָפּלען. זי האָט אבער געאיילט, מען זאָל פאָהרען: די אנדערע אבער, וועמען עס איז געוואָרען גאָר פרעהלאך דערפון, וואָס זי האָט זיך ווידער צוויושעט, האָבען זיך ניט געאיילט.

— זייַנען די פערד פאַרטיג? — האָט זי געפרעגט אויפשטעהענדיג פון טיש.

— נאָך ניט, מען האָט נאָר געהייסען איינשפּאַנען.

— אונערטרעגליכע! אבער אויב אזוי, זינגט מיר וואס עס איז אויך, ווערא פאוולאוונא. מען האט מיר געזאגט, אז איהר האט א גוטע שטים.

ווערא פאוולאוונא האט וואס אויסגעזונגען.

— איך וועל אפט אייך בעטען זינגען, האט געזאגט די דאמע אין טרויער.

— איצט מוזט איהר זינגען, איהר! זיינען אלע צוגעשטאנען צו איהר.

מען האט אבער ניט באוויזען צוצושטעהן, ווי זי איז שוין געזעסן ביי דער פיאנא.

— אדרבא, אבער איך קען דאך ניט זינגען, כאטש דאס איז אויך ביי מיר קיין אבהאלט ניט, קיין זאך האלט מיך ניט אפ! אבער, מיינע דאמען און הערין איך זינג גאר ניט פאר אייך, איך זינג נאר פאר די קינדער. קינדער מיינע, לאכט ניט פון דער מוטער! — און זי האט אליין גענומען אקארדען, צוקלייבענדיג די באגלייטונג — קינדער, האט ניט קיין העזה צו לאכען, ווארום איך וועל זינגען מיט געפיהל. און זיך בעמיהענדיג ארויסצוברייננגען טענער, וואס מעהר קווימשי־דיגע, האט זי גענומען זינגען:

„עס קרעכצט די שווארצבלויע...

די יונגווארג האט אויסגעשאסען מיט א געלעכטער ביי אזא אונערווארטעטען ארויספאהר. די איבעריגע קאמפאניע האט זיך אויך צולאכט: די זינגערקע אליין האט ניט געקאנט זיך איינהאלטען פון געלעכטער, און האט דאפעלט קווימשענדיג פארטגעזעצט:

...טייבעלע,
קרעכצעט קרעכצעט טאג און נאכט:
איהר ליעבינקע פריינד...

אבער ביי דעם ווארט האט איהר שטים אין אמת'ן גענומען ציטערן און זיך אבגעריסען. — „עס קומט ניט ארויס — און עס איז גוט, וואס עס קומט ניט ארויס, דאס דארף ניט ארויסקומען. — עס וועט ארויסקומען אן אנדער זאך, א בעסערע, הערט זיך איין, קינדערלאך מיינע, די לעהרע פון דער מוטער: פארליעבט זיך ניט און ווייסט אז איהר דארפט ניט חתונה האבען". זי האט גענומען זינגען מיט א שטארקער פולער קאנטראלט שטים.

א סך שעהנהייטען זיינען דא אין אונזערע דערפער,
די שטערן שיינען אין דער פינסטערניש פון זייערע אויגען:

עס איז זיס, זיי צו ליעבען — א שיקזאל מקנא צו זיין!
אבער —
אט דער „אבער“ איז נאַריש, קינדער. —
אבער פרעהליכער איז דעם יונגס פרייהייט.

דאס איז ניט קיין אבפרעג, דער אבפרעג איז א נאַרישער — איהר ווייסט אבער פאר וואס:

האָב ניט חתונה, יונג!
פאלג מיר!

ווייטער, קינדער, געהט נאַרישקייט; און דאס איז, פיליכט, אויך א נאַריש־קייט: מען קען, קינדער, זיך פארליעבען, מען קען אויך חתונה האָבען, מען דאַרף נאַר גוט אויסקלייבען און ניט נאַרען, ניט נאַרען, קינדער. איך וועל אייך זינגען וועגען זיך אליין, ווי איך האָב חתונה געהאט; מיין ליעד איז אַן אַלטע, אבער איך בין דאַך שוין א זקנה. איך זיץ אויפ׳ן באַלקאָן אין אונזער שלאָס אין דאַלטאַן. איך בין דאַך א שאָטלענדעריןִ, אזא ווייסינקע; דערביי זיינען דער וואַלד און דער טייך, ברינגגאל; צום באַלקאָן געהט צו, געוויס זיך צוגעבענדיג, מיין חתן! ער איז אַן אָרימער, איך בין א רייכע, די טאָכטער פון א באַראָן, א לאַרד; איך ליעב איהם אבער זעהר און איך זינג:

שעהן איז דער הויכער ברעג פון ברינגאל,
און גרין איז דער וואַלד ארום:
פאר מיר מיט מיין פריינד איז דאָרט ביי טאָג אַן אבדאַך.

ווייל איך וויים, עס בעהאַלט זיך ביי טאָג און ער בייט דאָרט יעדען טאָג זיין אבדאַך. —

ליעבער, ווי דעם פאָטערס הויז:

איבעריגענס איז דעם פאָטערס הויז באמת ניט זעהר אנגענעהם. זינג איך איהם אזוי: איך וועל מיט דיר אוועק. וואס דענקט איהר, ענטפערט ער מיר?

„דו ווילסט, מיידעל, זיין מיינע,
פארגעסען דיין געבורט און טיטעל.
ווארום איך בין דאַך אַן אריסטאָקראַטקע —
אבער פריהער נעהם טרעפען
וואס פאר א גורל איז מיר געגעבען“.

דו ביזט א יעגער? פרעג איך — „ניין“ — דו ביזט א בראקאניער? „כמעט געטראפען“, זאגט ער —

ווען מיר וועלען זיך אויסקלייבען,

קינדער פון פינסטערניש.

ווארום מיר מיט איך, מיינע דאמען און הערען, זיינען דאך זעהר שלעכטע מענשען —

דארפען מיר, גלויב

פארגעסען, ווער מיר זיינען פריהער געווען.

זינגט ער. — איך האב שוין לאנג געטראפען, זאג איך. — דו ביזט א מער־דער. — יא? ער איז א מערדער. וואס ענטפערט ער, מיינע הערען? „זעהסטו, זאגט ער, איך בין א שלעכטער חתן פאר דיר:

א מיידעל, א פריינד ניט קיין גוטער בין איך,

אן איינוואהנער פון טיעפע וועלדער.

דאס איז אינגאנצען אמת, פון טיעפע וועלדער, און דערפאר, זאגט ער, געה ניט מיט מיר.

געפעהרליך וועט מיין לעבען זיין,

ווארום אין די טיעפע וועלדער זיינען דאך חיות —

טרויעריג מיין סוף —

דאס איז ניט אמת, קינדער, עס וועט ניט זיין טרויעריג: דאמאלט אבער האט ער געמיינט און איך האב געמיינט: איך אבער האב אלץ געענטפערט דאס מיי־ניגע:

שעהן איז פון ברינגאל דער הויכער ברעג

און גרין איז דער וואלד ארום:

איך מיט מיין פריינד האב דארט בייטאג און אבדאך

ליעבער ווי דעם פאטערס הויז.

אין אמת'ן איז אזוי געווען. הייסט עס, אז איך האב ניט וואס צו בעדויערן: ער איז מיר פאראויסגעזאגט געווארען אויף וואס איך געה. אט א ז ו י מעג מיען חתונה האבען און ליעבען, קינדער: ניט גענארט: און איהר דארפט קענען אויסקלייבען:

די לבנה שמעהט אויף
און שטיל און רוהיג:
און דער יונגער קריעגער
געהט אויפ'ן שלאכט.
ער לאדט אן דעם ביקס דזשיניט:
און די מיידעל זאגט איהם:
„מיין ליעבער, טאפפערער,
טרוי זיך אן דעם שיקזאל!"

אין אזעלכע קען מען זיך פארליעבען, מיט אזעלכע קען מען חתונה האבען.

(פארגעס, וואס איך האב דיר געזאגט, סאשא, הער זיך צו צו איהר!" זאגט שטיל איינע און דריקט די האנד. „פאר וואס האב איך דיר עס ניט געזאגט? איצט וועל איך זאגען", זאגט שטיל די צווייטע) אט אזוינע ערלויב איך צו ליעבען און בענש אייך, קינדער:

מיין ליעבער, טאפפערער
פארטרוי זיך דעם שיקזאל!

איך בין גאר פרעהליך געווארען מיט אייך, און וואו עס איז פרעהליכקייט, דארף מען טרינקען.

היי, שענקערקע מיינע
גיס אן מעד און וויין —

מעד נאר דערפאר, ווייל פון ליעד טאר מען ניט ארויסווארפען קיין ווער־טער — עס איז נאך געבליעבען שאמפאניער? יא? אויסגעצייכענט! עפענט אויף.

היי, שענקערקע מיינע,
גיס אן מעד און וויין.
אזוי אז מיין קעפעלע
זאל פרעהליך זיין!

ווער איז די שענקערקע? איך בין די שענקערקע.

און די שענקערקע האט שווארצע ברעמען.
געשמידטע קנאפעל!

זי איז אויפגעשפרונגען, האט אריבערגעפיהרט מיט'ן האנד איבער די ברע־מען, האט צוגעקלאפט מיט די קנאפעל —

— איך האָב אָנגעגעסען, עס איז פאַרטיג! מיינע העררן און דאַמען, און אַל־טיטשקער אין קינדער — נעהמט, אז אין די קעפּלאַך זאָל פריי זיין!

— לחיים פאַר די שענקערקע! לחיים פאַר די שענקערקע!

— איך דאַנק! איך טרינק פאַר מיין געזונדהייט. זי איז ווידער געזעסען ביי דער פיאַנאַ און האָט געזונגען:

איז עס זאָל צופליהען די טרויער און שטויב!
און עס וועט צופליהען.

און אין די בענייטע הערצער
זאָל אַרונטער פרייד אָהן אַ סוף —
אזוי וועט עס זיין — דאָס זעהט מען:

דער שוואַרצער שרעק פליהט ווי אַ שאָטען
פון די שטראַהלען, וואָס דער טאָג טראָגט,
ליכט, וואַרימקייט און אַראָמאַט
טרייבען שנעל פאַרביי פינסטערניש און קעלט:
דער כח פון פוילעניש ווערט אַלץ שוואַכער,
דער כח פון ראַזען ווערט אַלץ שטאַרקער...

## זעקסטער קאפיטעל.

## די ענדערונג פון די דעקאראציעס.

— צום פאסאזש! — האט געזאגט די דאמע אין טרויער: איצט אבער איז זי שוין געווען ניט אין טרויער: א העלע, ראזעווע קלייד, א ראזעווע הוט, א ווייסער מאנטעל, אין האנד א בוקעט. געפאהרען איז זי ניט אליין מיט מאסאלאוו'ן. מאסאלאוו און ניקיטין זיינען געזעסען ערשטען אויפ'ן בייגקעל פון קארעטע, איז פארענט איז געזעסען נאך א דריטער יונגערמאן און צוזאמען מיט דער דאמע איז געזעסען א מאן פון א יאהר 30. ווי אלט איז געווען די דאמע? צי דען 25, ווי זי האט געזאגט און ניט 20? אבער עס ליעגט אויף איהר געוויסען. אויב זי האט צוגעלעגט.

— יא, מיין ליעבער, איך האב צוויי יאהר געווארט אויף דעם טאג. מעהר ווי 2 יאהר: אין דער צייט האב איך זיך בעקאנט אט מיט איהם (זי ווייזט אז מיט די אויגען אויף ניקיטין'ען) און איך האב נאר געהאט אזא זארט פארגעפיהל. מען קען ניט זאגען, אז איך זאל האבען געווארט: דאמאלט איז נאר געווען א האפנונג, באלד אבער איז געקומען אויך די זיכערקייט.

— ערלויבט, ערלויבט! — זאגט דער לעזער — און ניט נור דער קלוגער לעזער, נאר יעדער לעזער, ווערענדיג אלץ מעהר באטויבט, וואס מעהר ער הויבט אז צו בארעכענען. — מעהר ווי אין צוויי יאהר ארום נאך דעם ווי זי האט זיך בעקאנט מיט ניקיטינען!

— יא, ענטפער איך.

— זי האט זיך דארט בעקאנט מיט ניקיטענען דאמאלט ווען מיט די קירסאנאיום און ביומאנטס און דאס איז דאך געווען אויפ'ן פיקניק ענדע דעם ווינטער?

— פאלשטענדיג ריכטיג, ענטפער איך.

— טו ווי זשע קומט עס אוים? איהר הויבט אן צו דערצעהלען פון יאהר 1865.

— יא.

— צי קען מען עס, זאגט אליין!

— פאר וואס טאר מען ניט, אויב איך וויים?
— הערט אויף, ווער וועט עס וועלען אייך הערען!
— צי ווילט איהר טאקע באמת ניט?
— פאר ווענוען האלט איהר מיר? געוויס ניט.
— אויב איהר ווילט איצט ניט הערן, מוז איך, זעלבסטפערשטענדליך, אב־לעגען די פארטזעצונג פון מיין ערצעהלונג ביז יענער צייט, ווען איהר וועט וועלען מיר הערען. איך האף זיך עס צו דערווארטען גאנץ אין גיכען.

דעם 4טען אפריל, 1863.